# ערינערונגען

פון

# א סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער

פון

מ. מ. ראזענבאום

ערשטער באנד

דר. ח. זשיטלאָווסקי — פארלאג

ניו־יאָרק — 1921

## אינהאלט:

# די אנשטעהונג פון דעם

# „סאָיוז רוסקיך סאָציאַליסטאָוו־רעוואָליוציאָנעראָוו“

אײנלײטונג פון דר. ח. זשיטלאָווסקי

אויב אַלע צייכענס פון דער צייט נאַרען אונז ניט אָפּ, איז די וועלט שוין אַריינגעטראָטען אין דעם פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער־רעוואָלוציע. אויף דעם קאָלאָסאַלען קאָמוניסטישען עקספּערימענט, וועלכען די באָל'שעוויקעס ווילען דורכפיהרען אין רוסלאַנד, — מיט וואָס ער זאָל זיך ניט ענדיגען אין דעם לויפענדען פּעריאָד, — דאַרפען מיר קוקען, ווי אויף איהר ערשטען שריט צו פאַרווירקליכען איהרע וועלט־באַפרייענדע אידעאַלען אומעטום אויף דער גאַנצער וועלט.

אויב דאָס איז אַזוי, וועט קיין צוקונפטיגער היסטאָריקער ניט קאָנען לייקענען, אַז די ריכטונג, וואָס די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען פּראָקלאַמירט אין לעבען, האָט געשפּיעלט אַן אומגעהויערע ראָליע אין דעם אַרויסרוף פון אָט דער ריין סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

די ראָליע, וואָס די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען דערביי געשפּיעלט, באַגרעניצט זיך ניט מיט דעם וואָס זיי האָבען אין דער ערשטער גרויסער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, אין די יאָהרען 1901 ביז 1908, אַזוי גלענצענד געקעמפּט אַנטקעגען דעם צאַרישען רעזשים, דער פעסטעסטער שוץ־וואַנד פון דער אַלטער בורזשואַזער וועלט, און האָבען פאַנאַנדערגעטרייסעלט די דאָזיגע וואַנט ביז צו איהרע יסודות; ניט נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבען פאַר דער גאַנצער צייט פון זייער טעטיגקייט אומאויפהערליך געזעיט דעם געדאַנק פון סאָציאַליזם אין אַלע ווינקעלעך פון דעם רוסישען לעבען, ביז די ווייטסטע און פאַרוואָרפענסטע; ניט נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבען ניט געמאַכט קיין נפקא מיניה אין זייער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער אָדער יענער שיכט פון דער בעפעלקערונג און האָבען מיט א פולער האַנד געוואָרפען די זריעה פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל אומעטום, וואו זיי האָבען נאָר געהאַט א צוטריט; אפילו ניט

מיט דעם באַגרעניצט זיך זייער אומגעהויערער ווערטה פאַר דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, וואָס דער גאַנצער לינקער פליגעל פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען האָט זיך דירעקט באַטייליגט אין דעם סאָוועטישען איבערקעהר און האָט געוואונען דעם צוטרוי פון דעם פויערטום פאַר דער רעוואָלוציע פון אָקטאָבער 1917.

דעם הויפּט פאַרדיענסט פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען פאַר דער צייטיג-מאַכונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע זעה איך אין דעם, וואָס זי האָט אין איהר פּראָפּאַגאַנדע אַראָפּגעטראָגען יענע אינווענינסטע וואַנט, וועלכע איז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג געשטאַנען צווישען דעם סאָציאַליזם און דער רעוואָלוציע, — יענע איבערצייגונג, אַז אין רוסלאַנד קאָן ניט געמאָלט זיין קיין סאָציאַליסטישער איבערקעהר, ביז דאָס לאַנד וועט זיך ניט איבערקאָכען אין דעם קעסעל פון קאַפּיטאַליזם, — אַן איבערצייגונג, וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון דעם מאַרקסיזם און איז געווען דער וויכטיגסטער „אני מאמין“ אין דער וועלט-אַנשויאונג פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, סאי דער „באָל׳שעוויסטישער“, סאי דער „מענ׳שעוויסטישער“.

דער קאַמף אַנטקעגען יענער פעלזען-פעסטער איבערצייגונג, ווי אַנטקעגען אַלע אַנדערע מאַרקסיסטישע דאָגמען, וואָס האָבען געפיהרט צו איהר, האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם ערשטען אַרויסטריט פון אַ נייער ריכטונג אין דער רעוואָלוציאָנערער עפענטליכקייט, מיט דער גרינדונג פון דעם „פאַרבאַנד רוסישע סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען“ אין דעם יאָהר 1893 אָדער שפּעטסטענס 1894 אין שווייצאַריע.

דער טעאָרעטישער קאַמף אַנטקעגען דעם מאַרקסיזם האָט זיך אייגענטליך אָנגעהויבען נאָך פריהער: אין 1889 אָדער 1890, אין אַ רייהע עפענטליכע רעפעראַטען. פון יענע רעפעראַטען איז דאָס סוף-כל-סוף אַרויסגעוואַקסען דער „סאָיוז“, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיעל צו פאַרדאַנקען ראָזענבאַום׳ס טעטיגקייט.

אין יענעם טעאָרעטישען קאַמף האָב איך גענומען דעם טעטיגסטען אַנטייל. ער איז פון מיר אַרויסגערופען געוואָרען. איך

רעכען דעריבער, אז א באריכט וועגען מיינע דעמאָלדיגע מאָטי־
ווען, ווי אויך א פּאָר ערינערונגען פון יענער צייט, קאָנען דיענען
פאַר א פּאַסענדען אריינפיהר אין חבר ראָזענבאום׳ס בוך.

---

אין רוסלאנד האָב איך מיך, ווי יעדער סאָציאַליסט, גע־
האַלטען פאַר אַן אנהענגער פון קארל מארקס, ניט נאָר פון זיינע
עקאָנאָמישע לעהרען, נאָר אויך פון זיין געשיכטס־פילאָזאָפישען
גרונט־בליק, אז די עקאָנאָמישע אומשטענדען און די קלאַסען־
איינטיילונג פון דער געזעלשאַפט זיינען די הערשענדע קרעפטען,
וואָס באַשטימען דעם גאַנצען גורל פון דער געשיכטליכער אַנט־
וויקלונג.

מיט דעם בליק איז געווען דורכגעזאַפּט מיין ערשטע גע־
שיכטליכע ארבייט: „גערדאַנקען וועגען די היסטאָרישע שיקזאַלען
פון דער אידענהייט" פונ׳ם יאָהר 1887, — דער עיקר זיין דער־
קלערונג פון דער מיסטישער סעקטע, די „איסיים", וואו איך האָב
געזוכט צוריקצופיהרען אַלע אייגענטימליכקייטען פון זייער פּראָג־
ראַם און זייער וועלט־אַנשויאונג צו די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומ־
שטענדען און לעבענס־נויטען פון זייער צייט.

ווי ביי דאָס רוב מארקסיסטען איז אויך מיין „מארקסיזם"
געווען מעהר א גלויבען אין די גרונט־געדאַנקען, איידער א קלאָ־
רער וויסען פון יענע באַווייזען, אויף וועלכע יענע גרונט־
געדאַנקען רוהען. פון מארקס שריפטען זיינען מיר דעמאָלט באַ־
קאַנט געווען נאָר דער ערשטער באַנד „קאַפּיטאַל" און זיין „עלענד
דער פילאָסאָפיע" (אין דייטשען אָריגינאַל). אין יענע שריפטען
זיינען געוויס דאָ גענוג שטעלען, וואָס שפּיגלען אָפּ די טיעפע
און אָריגינעלע געשיכטס־פילאָסאָפישע און די ריין פילאָסאָפישע
מיינונגען פון זייער מחבר. אָבער יענע שטעלען זיינען געווען
ניט גענוג בולט, זיי זאָלען זיך וואַרפען אין די אויגען פון א דע־
מאָלטדיגען רוסישען לעזער. דער הויפּט איינדרוק פון דעם
מארקסיזם איז געווען אַזא, אז ער האָט זיך געקאָנט גוט אריינ־
פּאַסען אין דער אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, ווי
זי איז ארויסגעטראָטען פאַר אונז אין די ווערק פון א טשערני־
שעווסקי, א דאָבראָליובאָוו, א לאַווראָוו, א מיכאַילאָווסקי.

שפּעציעל מיכאַילאָווסקי׳ס ענטוזיאַסטישע פאַרטיידיגונג פון קאָרל מאַרקס עקאָנאָמישע און סאָציאָליסטישע אַנשויאונגען אַנטקעגן זיינע בורזשואַזע געגנער האָט נאָך מעהר פאַרשטאַרקט דעם איינדרוק, אַז עס זיינען ניטאָ קיין גרויסע חלוקי דיעות צווישען דער „רוסישער שוהלע אין דער סאָציאָלאָגיע“ און דעם מאַרקסיזם, אָדער נאָך ריכטיגער: דער אַלגעמיינער איינדרוק איז געווען, אַז די „רוסישע שוהלע“ גופא איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ געוויסער אַרט „מאַרקסיזם“, אַן אַרויסוואַקס און שפּעציעלע אָנווענדונג אויף די רוסישע צושטענדען פון יענע *עקאָנאָמישע* לעהרען, וואָס זיינען אַנטוויקעלט געוואָרען אין דעם ערשטען באַנד „קאַפּיטאַל“. דערהויפּט איז דאָס בולט געווען אין יענעם אַנאַליז פון די צושטענדען אין דער רוסישער דאָרף, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון מאַרקס׳ באַגייסטערטען תלמיד אין רוסלאַנד, פון ניקאָלאַי — אָן׳ען. דער „מאַרקסיזם“ איז אין יענער צייט געווען „אונזערער“.

געוויס, איז מיר באַקאַנט געווען דער פאַקט, אַז אין דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער וועלט האָט זיך באַוויזען אַ ריכטונג, וואָס האָט אָנגעגריפען איינעם פון די גרונטפעסטען פון דעם מאַרקסיזם: דאָס איז געווען די *דיורינגיאַנישע* ריכטונג, צו וועלכער עס זיינען צוגעשטאַנען אַ סך „נאַראָדאָוואָלציעם“. דיורינג האָט געלייקענט, אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז דער הערשענדער אין דער געשיכטע, און האָט געזוכט צו באַווייזען, אַז ניט די „עקאָנאָמיק“, נאָר די „פּאָליטיק“, די „געוואַלט“ פון דער פּאָליטישער הערשאַפט, שפּיעלט די הויפּטראָליע אין איהר.

אין די ראַדיקאַלע זשורנאַלען פון יענער צייט, — דערהויפּט אין דעם „דיעלאָ“ און דעם „סלאָוואָ“, — איז געפיהרט געוואָרען אַ הייסע פּאָלעמיק וועגען דעם ענין. דעם דיוהריגיאַנישען שטאַנד־פּונקט האָט מיט פיעל גלאַנץ פאַרטיידיגט דער מיטגליעד פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, *טיכאָמיראָוו*, וואָס האָט געשריבען אונטער דעם פּסעוודאָנים „קאָל׳צאָוו“. מיט וועניגער גלאַנץ, אָבער מיט אַ סך מעהר וויסען און געזונטער לאָגיק, האָט דעם „עקאָנאָמישע שטאַנד־פּונקט“ פאַרטיידיגט נ. רוסאַנאָוו, וואָס

איז שפּעטער איבערגעגאַנגען אויף קאָל׳צאָוו׳ס זייט. שטאַרק אונטער געשטראָכען דעם עקאָנאָמישען שטאַנד־פּונקט האָט אויך דער געלערנטער נ. זיבער.

אין די „קרייזלעך פאַר זעלבסט־אַנטוויקלונג“, וועלכע די „נאַראָדנאָוואָל׳צעס“ פלעגען אָנפיהרען, פלעגט יענע פּאָלעמיק אויפמערקזאַם שטודירט און דיסקוטירט ווערן. אין יענער צייט איז דאָס ניט געווען קיין פּאָליעמיק צווישען צוויי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אפילו ניט צווישען צוויי סאָציאַליסטישע ריכטונ־גען. דאָס איז געווען אַן אינוועניגסטע נאַראָדאָוואָלישע אַנגע־לעגענהייט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו דעם באַזיס פון דער סאָציאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג, די עקאָנאָמישע לעהרען פון קאַרל מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל“.

דיזעלבע פּאָלעמיק צווישען קאָל׳צאָוו׳ן און רוסאַנאָוו׳ן איז אויך שטודירט און דיסקוטירט געוואָרען אין יענעם דאָבראָוואָלי־שען קרייזעל, אין וועלכען איך האָב גענומען אַן אַנטייל אין 1885, און גראָד יענע דיסקוסיעס האָבען מיך געמאַכט פאַר אַן אָנהענגער פון דער „עקאָנאָמישער אויסטייטשונג פון דער געשיכטע“, וואָס אין איהר ליכט, — ווי איך האָב זי פערשטאַנען, — האָב איך גע־פּרואווט אויסטייטשען די אַלטע געשיכטע פון דעם אידישען פּאָלק אין ארץ־ישראל.

איך וויל דאָ נאָך אַ מאָל אונטערשטרייכען, אַז איך האָב ניט געזעהן אין איהר קיין גרויסען אונטערשייד לגבי די אַנשויאונגען פון אַ לאַווראָוו און אַ מיכאַאילאָווסקי. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס לעבען פון די פעלקער און דער געזעלשאַפט ווערט באַהערשט פון דעם עקאָנאָמישען פאַקטאָר. אַז ניט — וואָס קאָנען מיר זיך אַזוי אין יענער עקאָנאָמישער רעוואָליוציע, וועלכע דער סאָציאַליזם וויל דורכפיהרען און פון וועלכער ער דערוואַרט אַ גאַנצען איבערקעהר אין אַלע פעלדער פון דער מענשליכער קולטור?

עס איז אויך געווען קלאָר, אַז אין רוסלאַנד דאַרף מען אויף דעם שאַרפסטען אופן און מיט די שאַרפסטע מיטלען קעמפען אַנטגעגען דער צארישער זעלבסט־הערשאַפט. אַז ניט — וואָס וואָלט קאַרל מאַרקס געזונגען אַזעלכע התלהבות׳דיגע שבחים דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דער „נאַראָדנאַיא וואָליא“?

און עס איז אויך געווען קלאָר, אַז די אינטעליגענץ, די „קריטיש־דענקענדע פּערזענליכקייטען“, דאַרפֿען מקריב זיין זייער גאַנצען לעבען פֿאַר דער דורכפֿיהרונג פֿון דעם סאָציאַליזם און דער פֿרייהייט, פּונקט ווי דאָס האָבען געלערנט לאַוראָוו און מיכאַילאָווסקי. — נישיים קאָן אַזאַ לעהרע געהן להיפּך צו דעם מאַרקסיזם? נישיים וואָלט אַזאַ זאַך געלייקענט קאַרל מאַרקס?

וואו איז אָבער די ר א י ה אַז די הערשענדע קראַפֿט אין אַלע היסטאָרישע פּאַסירונגען איז דער עקאָנאָמישער פֿאַקטאָר? אין דעם ערשטען באַנד „קאַפּיטאַל“ און אין דעם „עלענד דער פֿילאָסאָפֿיע“ איז אַזאַ באַוויז ניט געווען. ער איז אויך ניט געווען אין די ביכער און אַרטיקלען, וואָס האָבען פֿאַרטיידיגט דעם שטאַנד־פּונקט. דאָרטען פֿלעגען געבראַכט ווערען נאָר ביישפּיעלען און איליוסטראַציעס, וואָס האָבען קלאָרער געמאַכט דעם ענין, האָבען אָבער ניט נאָכגעוויעזען, פֿאַר וואָס מען מ ו ז גלויבען אין דער אויבערהאַרשאַפֿט פֿון דער עקאָנאָמיק.

פֿון דעסטוועגען בין איך דעמאָלט געווען זיכער, אַז אַלע נויטיגע באַווייזען פֿאַר דער באַגרינדונג פֿון דער טעאָריע זיינען פֿאַראַן... אין דער אויסלענדישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און וויסענשאַפֿט, וואָס קאָן, מחמת דער צענזור, ניט איבערגעזעצט ווערן אין רוסיש.

אויף אַזאַ'ן אופֿן האָב איך אַ ברעקעל ניט געצווייפֿעלט אין דער וויסענשאַפֿטליכקייט פֿון דעם געשיכטס־פֿילאָסאָפֿישען מאַרקסיזם, און יהאָב איהם באַהאַנדעלט ווי, לאָמיר זאָגען, די קאָפּערניקאַנישע שיטה אין דער אַסטראָנאָמיע: אַ זאַך, וואָס איז אַ דבר ידוע אין דער וויסענשאַפֿט. און אויב איינעם זיינען ניט באַקאַנט די טעמים, וואָס צווינגען אַרויף דעם געדאַנק אַז ניט די זון, נאָר די ערד דרעהט זיך, מעג ער זיך מטריח זיין און אַריינבליקען אין די ווערק פֿון דער אַסטראָנאָמישער וויסענשאַפֿט, וועט ער געפֿינען אַלץ, וואָס איהם פֿעלט.

אין דער אַסטראָנאָמיע בין איך ניט געווען פֿאַראינטערעסירט, איך בין דאָס נאָך ניט עד היום. אַרען מיך ניט די באַווייזען פֿאַר קאָפּערניקס טעאָריע, אין וועלכע איך גלויב, ווייל די גאַנצע וויסענשאַפֿטליכע וועלט גלויבט אין איהר. און עס וועט מיך ניט אַרען, ווען די גאַנצע וויסענשאַפֿטליכע וועלט וועט אויפֿהערען

צו גלויבען אין דעם, דעמאָלט וועל איך אויך אויפהערען צו גלויבען אין איהר.

אָבער די געשיכטס־פילאָסאָפיע איז ניט אסטראָנאָמיע. זי האָט צו טהאָן מיט לעבעדיגע מענשען און פעלקער. אין איהר בין איך פאַראינטערעסירט און זי האָב איך געוואָלט אויסשטודירען אין איהר גאַנצער טיעף, ווייל איך האָב מיך דעמאָלט ארומגע־טראָגען מיט דעם געדאַנק, וויסענשאַפטליך צו באַארבייטען די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק און אוועק שטעלען זי אויף דער הויך פון דער נייער געשיכטס־פילאָסאָפישער טעאָריע.

האָב איך געטרוימט וועגען דער צייט, ווען איך וועל מיך קאָנען אריינוואַרפען אין דעם ים פון דער מאַרקסיסטישער וויסענ־שאַפט, וועל באַקאַנט ווערן מיט איהרע וועגען און פאָרשונגס־מעטהאָדען, מיט איהרע אמת׳ען און די שטרענג־וויסענשאַפטליכע באווייזען, און וועל דערנאָך קאָנען אָנווענדען דיזעלביגע אמת׳ען, וועגען און פאָרשונגס־מעטאָדען אויף דעם שטודיום פון אונזער אייגענער געשיכטע.

ווי אַזוי האָט געדאַרפט אויסזעהן די מאַרקסיסטישע גע־שיכטס־פילאָסאָפיע אין דער וויסענשאַפטליכער ליטעראַטור? עס קאָן זיין די גאַנצע וועלט־געשיכטע איז שוין באַארבייט גע־וואָרען פון דעם נייען שטאַנד־פונקט. באם ניט, זיינען לפחות אַפּאָר וויכטיגע פעריאָדען איהרע באַארבייט געוואָרען אַזוי, אַז עס קאָן ניט בלייבען קיין ברעקעל ספק וועגען דער ריכטיגקייט פון דעם נייען וועג און די נייע רעזולטאַטען, צו וועלכע ער פיהרט.

ווי אַן ערך דאַרף אויסזעהען אַזאַ וויסענשאַפט? לאָמיר אָננעהמען, עס זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרען צוויי אָפּשניטען פון דער אַלטוועלטליכער געשיכטע: דער אויפבליה און דער פאַ־נאַנדערפאַל פון דער גריעכישער וועלט־הערשאַפט און דער נאָך דער אויפבליה און דער פאַנאַנדערפאַל פון דער רוימישער וועלט־הערשאַפט, — די צייט, אין וועלכער עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען די יסודות פון דער אַלטער גריעכיש־רוימישער ציוויליזאַציע.

דער מאַרקסיזם לערנט, אַז אַלץ אין דער געשיכטע שפּיעלט זיך אָפּ לויט דעם, וואָס עס קומט פאָר אין די עקאָנאָמישע פּראָ־צעסען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, איז מסתמא אין דער

מאַרקסיסטישער געשיכטס־שרייבונג קלאָר אויפגעדעקט געוואָרען די אַנטוויקלונג פון דער באַלאַבאַטישקייט אין גריעכענלאַנד און אין דער רוימישער אימפּעריע, קלאָר אויפגעוויזען געוואָרען, ווי אַזוי אַט די באַלאַבאַטישקייט האָט אַלע מאָל באַשטימט דעם סאָציאַלען בנין פון יענער צייט; ווי אַזוי אין יענעם סאָציאַלען בנין האָט געמוזט פאָרקומען דער קאַמף פון די פאַרשיידענע קלאַסען; ווי אַזוי דאָס האָט געווירקט אויף די אויסאַרבייטונג פון דער גריעכישער און רוימישער געזעצגעבונג; ווי אַזוי דאָס האָט אין גריעכענלאַנד אַרויסגעבראַכט דעם וואונדערבאַרען פאַנאַנדער־בליה פון וויסענשאַפט, קונסט און פילאָסאָפישען געדאַנק; ווי אַזוי אין רוים האָט אַן אַנדער עקאָנאָמישע באַלאַבאַטישקייט גע־פיהרט צו דעם פאַנאַנדערבליה פון יוריספּרודענץ און מיליטערישע טעכניק; ווי אַזוי די ריכטונגען פון דעם גייסטיגען לעבען האָבען אָפּגעשפּיגעלט די ענדערונגען אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור; ווי אַזוי די פאַרשיידענע זייטען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען האָבען געווירקט איינע אויף דער אַנדערער; לויט וועלכע געזעצען דאָס האָט געמוזט פאָרקומען, און ווי אַזוי אַלע עהנליכקייטען און פאַרשיידענקייטען פון דער גריעכישער און דער רוימישער גע־שיכטע דערקלערען זיך דורך די עהנליכקייטען און פאַרשיידענ־קייטען אין די עקאָנאָמישע פּראָצעסען...

אָנהויב זומער 1888 האָב איך פאַרלאָזען רוסלאַנד און האָב פאַרבראַכט א היבשע פאָר חדשים אין בערלין. מיט דעם ענ־טוזיאַזם און דער וויסענדאַרשט פון דער יוגענט האָב איך מיך דאָרטען אַריינגעוואָרפען אין דעם שטודיום פון דער דייטשער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור בכלל און פון קאַרל מאַרקס שריפ־טען בפרט. איך בין געווען איבערראַשט און ניט ווייניג אַנט־טוישט פון דעם בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר.

עס איז אין דער גאַנצער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור אפילו קיין אָנהויב ניט געווען פון היסטאָריש־וויסענשאַפטליכע פאָרשונ־גען, וואָס מען האָט געהאַט א רעכט צו דערוואַרטען פון איהר.

די טעאָריע פון דעם געשיכטס־פילאָסאָפישען מאַרקסיזם איז געווען פ א נ א נ ד ע ר ג ע ר ע ד ט אין א סך ב ר אָ ש ו ר ע ן, אַרטיקלען און א פּאָר ביכער. דאָס רוב מעהר אָנגעסטריגעוועט, איידער סיסטעמאַטיש דורכגעפיהרט; דאָס רוב מעהר איבער־

געכאַזערט דיזעלביגע געדאַנקען און אויסדריקען, איידער פֿאַר־טיעפֿט, אַנאַליזירט און אין אַלע פּרטים אָפּגעקלערט זייער אייגענטליכען מיין און באַדייט.

דאַס וויכטיגסטע פֿון דער גאַנצער ליטעראַטור, וואָס האָט אַ שם פֿון אַן ערנסטען וויסענשאַפֿטליכען ווערטה, איז באַשטאַנען אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפֿעסט“, דעם פֿאָר־וואָרט, וואָס קאַרל מאַרקס האָט געשריעבען צו אַ ריין אַבסטראַקט־עקאָנאָמישער אונטערזוכונג: „צור קריטיק דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע“ און אין ענגעלס'עס פּאָלעמיק אַנטגעגען דיורינגען.

דער גאָר וויכטיגסטער טייל איז געווען — מאַרקס „פֿאָר־וואָרט“, — אַ באמת וואונדערבאַרער שטיק צענויפֿגעפּרעסטע, קריסטאַל־קלאָרע געדאַנקען־אַרבייט. אָבער — וואָס גיט דער פֿאָרוואָרט? אַ סקיצע פֿון גרונט־פּרינציפּען, וועלכע ער מאַרקס, באַטראַכט פֿאַר ריכטיגע און וואָס האָבען איהם, מאַרקסען, שטאַרק געהאָלפֿען, ווי ער פֿאַרזיכערט, אין זיין היסטאָרישע אונ־טערזוכונגען. קיין סימן ניט פֿון אַ באַווייז, פֿאַר וואָס מען מוז יענע פּרינציפּען האַלטען פֿאַר ריכטיגע, פֿאַר וואָס מען מוז דענקען אַזוי און ניט אַנדערש. פֿון וויסענשאַפֿטליכקייט, ד. ה. פֿון דעם באַווייז פֿאַר וואָס מען מוז דענקען אַזוי און ניט אַנדערש, איז אין יענער גאַנצער ליטעראַטור ניט געווען אפילו קיין זכר.

עס איז פֿאַר מיר באַלד קלאָר געוואָרען, אַז איך האָב געהאַט אַ דאָפּעלטען טעות בנוגע דעם מאַרקסיזם: סאַי אין זיין אינ־האַלט, סאַי אין זיין וויסענשאַפֿטליכען כאַראַקטער. דער מאַרקסי־זם האָט אין זיך אַ סך אַנדערע געדאַנקען, פֿון וועלכע איך האָב פֿריהער גאָר קיין ברעקעל אהנונג ניט געהאַט און וועלכע שליעסען אויס אַ סך אמת'ען, אין וועלכע איך האָב געגלויבט. איך האָב מיך דערמאָהנט, אַז אָנדייטונגען אויף יענע געדאַנקען האָבען זיך געפֿונען אי אין דעם „קאַפּיטאַל“ אי אין דעם „עלענד דער פֿילאָסאָפֿיע“, אָבער איך האָב דעמאָלט ניט פֿאַר־שטאַנען ניט זייער אמת'ען זין, ניט די באַדייטונג, וואָס זיי האָבען פֿאַר דעם גאַנצען מאַרקסיסטישען סיסטעם. און נאָך מעהר בין איך געווען אין טעות אין דעם וויסענשאַפֿטליכען

כאַראַקטער פון דעם מאַרקסיזם. עס איז געווען גענוג איבערצו־לייענען אין ענגעלס'עס פּאָלעמיק אַנטגעגען דיורינגען אַז די געשיכטע פון דער אַלטוועלטליכער עקאָנאָמיק דאַרף נאָך ערשט געשריבען ווערען, עס איז געווען גענוג אַריינצוטראַכטען זיך אין דעם, וואָס דאָס באַדייט אַזוינס, כדי אויפ'ן שטעל איינצוזעהן, אַז עס איז נאָך גאָר ניט אַוועק געלעגט געוואָרען דער פונדאַ־מענט פאַר אַ וויסענשאַפטליכער געשיכטע פון דעם מאַרקסיס־טישען שטאַנד־פונקט.

אויב אָבער די היסטאָרישע ווירקליכקייט האָט נאָך גאָר ניט געקאָנט אויסגעפאָרשט ווערען, ווייל מען איז נאָך גאָר ניט באַקאַנט מיט די היסטאָרישע פאַקטען, וואָס זיינען נויטיג דערצו, — ווי אַזוי האָט דער געשיכטס־פילאָסאָפישער מאַרקסיזם געקאָנט שטאָלצירען מיט דעם נאָמען וויסענ־שאַפט? און ווי אַזוי איז מאַרקס בכלל געקומען דערצו, אויס־צואַרבייטען אַזאַ בליק אויף דער געשיכטע און צו גלויבען אין איהם?

דיזעלבינגע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור גיט אונז אַ וועג ווי צו געפינען דעם ענטפער אויף די דאָזיגע צוויי שאלות, דערהויפּט ענגעלס'עס אַרבייט וועגען פייערבאַך'ן. פון דאָרטען דערוויסט מען זיך, אַז דער געשיכטס־פילאָסאָפישער מאַרקסיזם איז אַרויסגעוואַקסען ניט פון וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען, נאָר פון פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען; אַז דעם נאָמען „וויסענ־שאַפט" געברויכט מאַרקס ניט אין דעם זין, וועלכער איז אָנגענו־מען אין דער מאָדערנער נאַטור־וויסענשאַפט, נאָר אין יענעם זין, אין וועלכען ער ווערט געברויכט אין דער דייטשער מעטאַפיזיק, דער עיקר, ביי פיכטע'ן און העגעל'ן; מיט אַנדערע ווערטער (ווי איך האָב דאָס שפּעטער פאָרמולירט אין מיין דייטשער אַר־בייט: „בייטרעגע צור געשיכטע און קריטיק דעם מאַרקסיזמוס" פון דעם יאָהר 1894): דער מאַרקסיזם איז ניט קיין וויסענשאַפט־ליכע פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע, נאָר אַ מעהר אָדער ווע־ניגער אינטערעסאַנטער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע.

וועלכע ריין פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען האָבען געפיהרט מאַרקס'ען צו זיין געשיכטס־פילאָסאָפישען גרונט־בליק? פון

וואָנען זיינען זיי געקומען צו איהם? — אויף די שאלות האָט יענע ליטעראַטור געהאַט זעהר אַן אויבערפלאַכען און אָרעמען ענטפער. עס האָט שפּעטער גענומען ביי מיר אַ פּאָר יאָהר פון ערנסטען שטודיום פון פילאָסאָפישע פּראָבלעמען און פילאָסאָפישע סיסטעמען, — אַ שטודיום, וועלכען איך האָב, פאַרשטעהט זיך, אונטערגענומען ניט נאָר צוליעב דעם מאַרקסיזם, נאָר, דער עיקר, צוליעב מיין אייגענער פילאָסאָפישער בילדונג, — ביז איך בין מיר קלאָר געוואָרען, ווי אַזוי און פאַרוואָס מאַרקס האָט געגלויבט אין דאָס, וואָס ער האָט געגלויבט.

אָבער שוין אין בערלין איז פאַר מיר געווען ניט שווער אויסצוגעפינען, אַז צו די גרונט פּרינציפּען פון מאַרקס'עס געדאַנקענגאַנג, געהערען אַזעלכע פילאָסאָפישע טעאָריעס, אין וועלכע איך קאָן ניט גלויבען, וואָס זיינען פאַר מיר שוין אַ פון לאַנג דורכגעטראַכטע און אָפּגעפּרעגטע זאַך: די יסודות פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע.

איך האָב שוין דעמאָלט געוואוסט דאָס, וואָס איז איצטער קיין נייס ניט פאַר קיין פילאָסאָפיש געבילדעטען מענשען, אַז דער מאַטעריאַליזם איז אַקוראַט אַזאַ מעטאַפיזיק, ווי דער אידעאַליזם, און אין מיינע אויגען איז דער מאַטעריאַליזם שוין דעמאָלט געווען איינע פון די ערגסטע אַרטען מעטאַפיזיק, ווייל ער איז אַם ווענינגסטען באַגרינדעט פון אַן ערקענטניס־טעאָרעטישען שטאַנד־פּונקט.

אַזוי אַרום בין איך אין בערלין אָרעמער געוואָרען מיט אַ גלויבען (דעם גלויבען אין מאַרקסיזם), אָרעמער געוואָרען מיט אַ האָפענונג (אַז איך וואָלט געקאָנט שוין צוטרעטען צו דעם וויסענשאַפטליכען אויפבוי פון דער אידישער געשיכטע). דערפאַר בין איך רייכער געוואָרען מיט נייע גייסטיגע האָריזאָנטען, וואָס האָבען זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר בעת'ן שטודירען, אַנאַליזירען און איבערטראַכטען די ווערק פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור.

אָבער ניט נאָר אויף דעם פעלד פון דער טעאָריע, אויך אויף דעם פעלד פון דער פּראַקטישער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק, האָב איך דעמאָלט אַ סך געלערנט אין בערלין.

די צייט איז דעמאָלט געווען — די לעצטע חדשים פון דעם סאָציאַליסטען־געזעץ. איך האָב געוואוינט ביי אַן אַרבייטער אַ

סאָציאַל־דעמאָקראַט, און ניט קוקנדיג דערויף, וואָס עפּעס־ליך איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג געוועזן זעהר איינגעענגט אין איהר ארויסווייז, האָב איך פּאָרט געקאָנט אריינבליקען אַ ביסעל טיעפער אין דער שטאַרק רעוואָליוציאָנער געשטימטער ארביי־טער־באַוועגונג.

אַך! ווען מיר וואָלטען שוין אין רוסלאַנד געהאַט אזא'ן ארבייטער־באַוועגונג! האָבען מיר שוין אין רוסלאַנד אַלץ גע־טהאָן, כדי צו געווינען פאַר אונזערע אידעאַלען די רוסישע ארביי־טערשאַפט?

איך האָב געמוזט מודה זיין, אַז אין דעם פּרט איז די רוסישע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג געוועזן שטאַרק אָפּגעשטאַנען. די גאַנצע צייט פון 1884 אָן, ד. ה. זינט דעם פּאַנאַנדערפאַל פון דער לאָפּאַטין'שער אָרגאַניזאַציע, האָבען די נאַראָדאָוואָלישע קרייזלעך געלעבט מיט האָפנונגען, אַז באַלד וועט ווידער אויפשטעהן אַן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און וועט ווידער אָנהויבען דעם טעראָריסטישען קאַמף; די גאַנצע טעטיגקייט זייערע איז באַשטאַנען אין פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער שטודירענדער יוגענט און אין איבער דרוקען און פארשפּרייטען די רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור. אמת, עס איז שוין דעמאָלט געוועזן אין פּעטערבורג (וועגען אַנדערע ערטער האָב איך ניט געוואוסט) איינצעלנע מענשען, וואָס האָבען זיך גערופען סאָציאַל־דעמאָקראַטען און האָבען גערעדט וועגען דער נויטווענדיגקייט צו אָרגאַניזירען דעם רוסישען ארבייטער־קלאַס. אָבער אפילו קיין ערנסטע גרופּען אַזעלכע זיינען נאָך ניט געווען און עס איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרען קיין ערנסטער פּרואוו אין אַט דער ריכטונג.

ווען איך בין אין הערבסט פון דעמזעלביגען יאָהר געקומען פון בערלין קיין ציוריך, האָט זיך דאָרטען שוין גענומען אויס־בילדען אַ טיעפער תהום צווישען די אַלטע רעוואָליוציאָנערען, די „נאַראָדאָוואָלצען", און די אָנהענגער פון אַ נייער ריכטונג אונטער דער פיהרערשאַפט פון ג. פּליעכאַנאָוו'ן.

איך בין גלייך צוגעשטאַנען צו די נאַראָדאָוואָלצען און אריינ־געצויגען געוואָרן אין די טעאָרעטישע פּראָבלעמען פון רעוואָליוצי־אָנערן קאַמף, — וואָס האָט זיך געגרופּירט ארום די פאָלגענדע הויפּט־פראַגען: מוז רוסלאַנד דורכמאַכען ביז צום סוף דעם

פּאַזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג? מוזען די רוסישע אַגראַפּאַרהעלטניסען פּאַרלירען זייער איצטיגען כאַ־ראַקטער און קאָן מען נאָך באַטראַכטען די רוסישע פּויערימשאַפּט פּאַר אַ רעוואָליוציאָנערער קראַפט? וואָס איז דער כאַראַקטער פון דעם שטאָטישען פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד און וואָס פּאַר אַ ראָליע דאַרף ער שפּיעלען אין דעם רעוואָליוציאָנערען קאַמף? וואָס פּאַר אַ ראָליע דאַרף און זאָל שפּיעלען די רע־וואָליוציאָנערע אינטעליגענץ? ווער זאָל קעמפען פּאַר דער פּאָליטישער פרייהייט און וועלכע מיטלען זאָלען אָנגעווענדעט ווערען אין יענעם קאַמף?

דער ענטפער פון די פּליעכאַנאָווצעס אויף די אַלע פּראָב־לעמען איז אין יענער צייט געווען אַזאַ:

רוסלאַנד מוז דורכמאַכען ביז צום סוף דעם פּאַזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, פּונקט ווי אין מעריב־אייראָפּאַ. די צושטענדען אין דער רוסישער דאָרף, וואָס טראָגען נאָך אויף זיך סימנים פון דעם פאַנאַנדערגעפאַלענעם אוראַלטען קאָמוניזם („די אָבשצינאַ"), פאַלען אַלץ מעהר און מעהר פאַנאַנ־דער אונטער דעם איינפלוס פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירט־שאַפט. די פּויערים־וועלט צופאַלט אין דריי קלאַסען: דעם רייכערען, דעם אָרעמערען און דעם, וואָס מוז אין גאַנצען פאַר־לאָזען די דאָרף. אויף די ערשטע צוויי קלאַסען איז אַבסאָליוט ניטאָ וואָס צו רעכענען אין דעם רעוואָליוציאָנערען קאַמף. דער איינציגער קלאַס, וואָס קאָן און וועט דורכפיהרען די סאָציאַלע רעוואָליוציע אין רוסלאַנד, איז דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט טאָג טעגליך פערשטאַרקט סאַי דורך דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם אין די שטעדט, סאַי דורך דעם סאָציאַלען פאַנאַנ־דערפאַל פון דער דאָרף. די רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ קאָן דעריבער נאָר דעמאָלט שפּיעלען אַ וועלכע עס איז היסטאָרישע ראָליע, ווען זי וועט זיך באַוואוסטזיניג אוועקשטעלען אין דעם דיענסט פון דער נויטווענדיגער עקאָנאָמישער עוואָליוציע. אַ טייל איהרער וועט אוועק געהן צו דעם אַלץ מעהר אָנוואַקסענדען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און אַ געוויסער טייל פון איהר וועט צו־שטעהן צו דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט מוזען באַלד אַרויפ־טרעטען אויף דער ביהנע פון דער רוסישער געשיכטע, ווי אַ

זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע קראַפט. קעמפּען פאַר פּאָליטישע פרייהייט אין רוסלאַנד, וועט קודם כל דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, און אין דערינען וועט ער געפינען די הילף און די קרעפטיגע אונטערשטיצונג מצד דעם פּראָלעטאַריאַט. וועגען די מיטלען אָבער, וואָס דאַרפען אָנגעווענדעט ווערן אין דעם פּאָליטישען קאַמף, איז איצטער נאָך פריה צו רעדען. עס קאָן זיין, מען וועט דאַרפען אָנווענדען טעראָר, עס קאָן זיין אָבער, אַז דער קאַמף וועט זיך אָפּשפּיעלען אין דיזעלביגע פאָרמען, ווי אין מעריב־איירָאָפּאַ. איצטער אָבער האָט די סאָציאַליסטישע אינ־טעליגענץ נאָר איין אויפגאַבע פאַר זיך: געהן צו די אַרבייטער און אָרגאַניזירן זיי אין אַ רעוואָליוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

אָט די געדאַנקען האָבען פּליעכאַנאָוו און זיינע אָנהענגער געזוכט צו באַגרינדען דורך דעם אַנאַליז פון דער רוסישער ווירקליכקייט, וואָס ווייזט אויף קלאָהרע סימנים, אַז רוסלאַנד איז שוין אַריינגעטראָטען אין דער פאַזע פון דער קאַפּיטאַליסטישער עוואָלוציע.

דער אַנאַליז פון דער רוסישער ווירקליכקייט איז אָבער געווען ביי פּליעכאַנאָוו'ן אונטערשטיצט פון דער גאַנצער מאַרקסיסטישער וועלט־אַנשויאונג, וואָס האָט באַוויזען, אַז ווי־באַלד רוסלאַנד איז שוין אַריינגעטראָטען אין דעם קאַפּיטאַליס־טישען פאַזיס, קאָן שוין קיין מאַכט אין דער וועלט ניט אַראָפּ־שלאָגען זי פון אָט דעם וועג, און ווייניגער פאַר אַלץ קאָן דאָס טאָן די רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ. זי, די אינטעליגענץ, ווערט אַ היסטאָרישע מאַכט, ווען זי געהט האַנט אין האַנט מיט דער עקאָנאָמישער עוואָליוציע; געהט זי אָבער להיפך צו די אייזערנע געזעצען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, ווערט זי פּשוט פאַרוואַנדעלט אין אַ נול, וועמעס גאַנצע ענערגיע געהט אַוועק לאַבוד אומזיסט און אומנישט.

די פראַגען פון דער רוסישער רעוואָליוציע, וואָס האָבען דע־מאָלט אינטערעסירט די רעוואָליוציאָנערע יוגענט, זיינען דעריבער געווען ניט נאָר פּראַקטישע, — דאָס שטודיום פון דער רוסישער ווירקליכקייט, — נאָר אויך ריין טעאָרעטישע און געשיכטס־פילאָסאָפישע: דאָס זיינען געווען פראַגען וועגען די געזעצען

פון דער געשיכטליכער אנטוויקלונג, וועגען דער ראָליע פון דעם איינצעלנעם יחיד און זיינע אידעאַלען, וועגען מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם בכלל.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די טעאָרעטישע פראַגען האָבען דערביי געהאַט די בכורה לגבי די פּראַקטישע. כדי צו האָבען אַן אייגענע מיינונג וועגען דעם מצב פון דעם קאַפּיטאַליזם און דער דאָרפישער ווירטשאַפט אין רוסלאַנד, האָט מען געדאַרפט שטודירען ספּעציעלע ווערק און זיך קאָנען פאַנאַנדערקלייבען אין סטאַטיסטישע אונטערזוכונגען. דאָס איז אַ פראַגע פון פאָרשען און וויסען. די פראַגען אָבער פון געשיכטס־פילאָסאָפיע זיינען שכל׳דיגע זאַכען, און יעדער איינער, — אַזוי האָט מען געגלויבט, — קאָן זיך אריינטראַכטען אין דעם ענין, אַרום טראַכטען איהם, און אויסבילדען זיין מיינונג. דאָס איז אַ זאַך פון טראַכטען און פאַרשטעהן.

אויף די אויבען אויסגערעכענטע פראַגען האָבען נאָר די „פּליעכאַנאָוועצעס“ געהאַט אַן איינהייטליכען אויסגעהאַלטענעם בליק, וואָס האָט כולל געווען אין זיך אַלע נויטיגע ענטפערס. גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אויסגעזעהען אין דעם לאַגער פון די נאַראָדאָוואָלצען.

די „גדולים“ אונזערע וואָס האָבען געוואוינט אין פּאַריז, האָבען, אַנגענומען אַ פולען מויל וואַסער און האָבען געשוויעגען. זיי האָבען געשוויעגען מיט אַזאַ גדלות׳דיגער מינע, פונקט ווי זיי וואָלטען גאָר ניט האָבען באַמערקט דעם פאַקט, אַז דאָרטען ערגעץ־וואו אין שווייצאַריע איז פאַראַן עפּעס איינער אַ פּליעכאַנאָוו, וואָס רעדט און שרייבט עזות׳קייטען אויף דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, אויף איהרע טעאָרעטישע פיהרער, און אויף איהרע אַנשויאונגען. עס האָט אויסגעדוכט, אַז זיי, די „גדולים“ זיינען געווען זיכער, אַז אָט די אַלע חוצפה׳דיגע נייסען קאָן אַ ברעקעל ניט איבערבייטען דעם גאַנג פון די היסטאָרישע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד, און אַז יענע פּאַסירונגען וועלען, פאַרשטעהט זיך, פאָרקומען ניט ווי פּליעכאַנאָוו און זיין מאַרקסיזם זעהט זיי פאָראויס, נאָר ווי זיי, די נאַראָדאָוואָלצען, ריכטען זיך אויף זיי.

עס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען א משונה׳דיג פּאראָדאָקסאַלע ערשיינונג. די נאראָדאָוואָלצען, וואָס האָבען געלעגט אזוי פיעל געוויכט אויף דער ראָליע פון אידעען און אידעאַלען אין דער געשיכטע, האָבען דעמאָלט א פינגער אָן פינגער ניט א קלאַפּ געטהאָן, כדי צו פארשפּרייטען מינדליך און שריפטליך זייערע אידעען און אידעאַלען; בעת די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וואָס האָבען אַלץ געבויט אויף דעם סטיכישען עקאָנאָמישען פּראָצעס און זיינע אייזערנע געזעצען, וואָס האָבען כלומרשט, אזוי ווייניג געהאַלטען פון אידעען און אַנשויאונגען, זיינען געווען אזוי אומדערמיעדליך אין דער פּראָפּאַגאַנדע פון זייערע אידעען און אַנשויאונגען.

אין ציוריך גופא האָבען זיך די נאראָדאָוואָלישע קרעפטען ניט אויסגעצייכענט דורך א וועלכער עס איז ערנסטער סיסטעמאַטישער פּראָפּאַגאַנדע. די וואָס זיינען געווען איינגעהייליגט אין די סודות פון דער באַוועגונג, האָבען געוואוסט, אז דאָ, אין שטאָט גופא, ווערט פאָרגעגרייט פאַר רוסלאַנד, עפּעס אזוינס, וואָס וועגט אַריבער אַלע פּראָפּאַגאַנדעס און טעאָרעטישע וויכוחים: א פּאָר רוסישע און פּוילישע רעוואָליוציאָנערען (צווישען זיי דער איד דעמבאָ און דער פּויל דעמסקי) זיינען געווען באַשעפטיגט מיט פאַרפאַרטיגען און אויספּרואוווען א נייע מין באָמבע... זאָלען נאָר אָט די באָמבעס ווערן פאַרטיג! זאָלען זיי נאָר בשלום אַריבערגעפיהרט ווערן אין רוסלאַנד! זאָל נאָר דאָרטען ווידער א דונער טאָן דער אַלטער דונער פון דעם ערשטען מאַרט 1881 — און אַלע נייע אַפּיקורסות׳ען וועלען פאַרשווינדען ווי רויך...

אָט דאָס איז געווען די גייסטיגע לאַגע אין דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין ציוריך, ווען איך בין געקומען אַהין און בין אַריינגעטראָטען אין דעם קרייז פון די נאראָדאָוואָלצען. אייגענטליך בין איך שוין דעמאָלט ניט געווען קיין ריינער נאראָדאָוואָל און איך האָב ניט אין אַלץ געקאָנט איינשטימען מיט מיינע חברים. א חוץ דער פּרינציפּיעלער פאַרשיידענקייט אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל און אין דער אידישער פראַגע בפרט, וואָס האָט געהערשט צווישען אונז (איך וועל באַלד רעדען וועגען דעם) און א חוץ זייער פאַלשער אויפפאַסונג פון דעם מאַרקסיזם, בין איך זיך נאָך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זיי אין דער

פראגע, וועגען דעם, וואָס אזוינס מיר — די רוסישע אינטע־ליגענץ אין אויסלאנד — דארפען איצטער טהאָן קודם כל. די נאראָדאָוואָלצען האָבען געוואָלט באשאפען א סאָציאליסטישע ליטעראטור פאר דער אינטעליגענץ און שפּעציעל פאר דער שטודירענדער יוגענט. איך האָב ניט געלייקענט די נויטיגקייט פון אָט דער אויפגאבע, האָב אָבער גערעכענט, אז נאָך נויטיגער איז באשאפען אָ סאָציאליסטישע רעוואָלוציאָנערע ליטעראטור פאר דער ארבייטערשאפט. דערויף אָבער האָבען דעמאָלט די נאראָדאָוואָלצען ניט געוואָלט איינגעהן.

ווי אַ קליינע איליוסטראציע צו זייער בליק אויף דעם ווערטה פון דער ליטעראטור פאר ארבייטער, קאָן דיענען דער פאָלגענ־דער פאל, קיין ציריך בין איך געקומען אייגענטליך צוליעב דעם, איך זאָל איבערנעהמען די פיהרונג פון א רעוואָליוציאָנערען פארלאג פאר אידישע ארבייטער, וואָס איז געגרינדעט גע־וואָרען פון דעם פּויליש־אידישען סאָציאליסט ראבינאָוויטש, וועלכער האָט שוין איבערגעזעצט און ארויסגעגעבען די ערשטע בראָשור: דיקשטיינס „פון וואָס איינער לעבט". ווען איך בין געקומען אהין, איז שוין ראבינאָוויטש ניט געווען דאָרטען (ער איז געווען ארעסטירט אויפ'ן גרעניץ מיט פארבאָטענער ליטע־ראטור און איז שוין געזעסען אין ווארשעווער תפיסה), עס איז אויך ניט געווען קיין שפור פון א וועלכער עס איז אָרגאניזאציע, וואָס זאָל העלפען ווייטער אָנגעהן מיט דער ארבייט.

מען האָט אלץ גערעדט אָנהויבען ווידער פון אָנהויב און דער עיקר געפינען מענשען, וואָס זאָלען איינזעהען די נויטווענ־דיגקייט פון פארשפרייטען דעם סאָציאליסטישען אידעאל צווישען די אידישע ארבייטער. אזעלכע זיינען אָבער דעמאָלט געווען ניט בנמצא. אָבער־אפילו ניט אויף א רפואה! צווישען דער אידי־שער שטודירענדער יוגענט האָבען זיך דעמאָלט געפונען א פּאָר נאציאָנאליסטען, זיינען דאָס אָבער געווען שאָוועניסטישע „פּאַ־ליעסטינאָפילען" (אזוי האָבען זיך פאר הערצלען גערופען די ציוניסטען). מיט זיי איז געווען אוממעגליך אפילו צו רעדען וועגען אזא זאך, ווי סאָציאליזם, און וועגען א רעוואָליוציאָנערער אידישער טעטיגקייט אין די גלות־לענדער.

איך האָב מיך געמוזט ווענדען צו מיינע אייגענע חברים

פון דעם נאַראָדאָוואָלישען קרייז, וועמעס גרעסטע מאַיאָריטעט איז באַשטאַנען פון אידען. צום אומגליק זיינען זיי אַלע געווען פאַרביסענע אַסימיליאַטאָרען און אויף אַלע מיינע טענות און טעאָרעטישע אַרגומענטען פלעג איך באַקומען איין איינציגען קאַטעגאָרישען אָפּשניט: ניטאָ קיין אידיש פאָלק, ניטאָ קיין אידישע שפּראַך, ניטאָ קיין אידישע אַרבייטער.

איך האָב גענומען טראַכטען צו גרינדען אין איינעם מיט די פּאַליעסטינאָפילען אַ אידישען אומפּאַרטייאישען שטודענטישען קלוב, מיט דעם צוועק צו אינטערעסירען זיך מיט דער געשיכטע און דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק. אין אָט דעם קלוב, האָב איך געהאָפט, וועל איך קאָנען פאַנאַנדערוויקלען מיין אידיש-נאַציאָנאַל פּראָפּאַגאַנדע און געווינען די נויטיגע קרעפטען פאַר דער סאָציאַליסטישער טעטיגקייט צווישען די אידישע מאַסען. אַזאַ געזעלשאַפט איז אויך געגרינדעט געוואָרען מיט אַ צעהן-פופצעהן מיטגליעדער אונטער דעם נאָמען „פעראיין פיר וויסענשאַפט אונד לעבען דעם אידישען פאָלקעס".

באַלד נאָך דער ערשטער פערזאַמלונג פון יענעם פעראיין איז אָבער צו מיר געקומען אַ חבר פון די נאַראָדאָוואָלצעס, מיט אַזאַ פאָרשלאָג און אַזעלכע רעיד:

— זשיטלאָווסקי, פאַרפיהרט ניט קיין נייע אָרגאַניזאַציעס, וואָס טראָגען אַריין צוטומלעניש אין די מוחות פון דער שטודירענדער יוגענט! מיר ווייסען דאָך, וואָס איהר ווילט: איהר ווילט געלט-מיטלען אויף אַרויסגעבען אַרבייטער-ליטעראַטור אין אידיש. מיר ווייסען אָבער אויך, וואָס דערפון וועט אין בעסטען פאַל אַרויסקומען: אין בעסטען פאַל וועט איהר צענויפקלייבען די נויטיגע הונדערט פראַנק; איהר וועט אָנשרייבען די ערשטע בראָשיור און וועט זי אַרויסגעבען. דערנאָך וועט זי זיך וואַלגערן דאָ אין אויסלאַנד, וויל קיין מענש וועט זי ניט אַריבערפיהרען אַהין, מחמת קיין מענש דאַרף זי דאָרטען ניט האָבען, און דערמיט וועט זיך ענדיגען דער ענין. אַ-מעהר, נאַט אייך די הונדערט פראַנק! שרייבט אָן און דרוקט אָפּ די בראָשיורע שוין, נאָך איידער דער ווינטער איז דאָ. אַז עס וועט קומען דער ווינטער, וועלען לפּחות אַ פּאָר חברים אונזערע האָבען מיט וואָס צו הייצען די אייוועלעך...

לײדער האָב איך ניט געקאָנט אָננעהמען דעם פאָרשלאָג.

אָט דאָס איז געװען דער בליק פון נאַראָדאָװאָלען ניט נאָר אױף דער *אידישער* ארבײטער־ליטעראטור, נאָר אױך אױף דער רוסישער. זײ האָבען געװױס ניט געלײקענט, אז ס'איז דאָ א רוסיש פאָלק און א רוסישע שפּראַך און א רוסישער ארבײטער. אָבער דער רוסישער ארבײטער קאָן ניט לײענען קײן רוסיש און איז נאָך ניט מסוגל אױפצונעהמען די אידעאַלען פון פרײהײט און סאָציאַליזם. דער גאַנצער ארבײטער־קלאַס אין רוסלאַנד איז װי א סאָציאַל־פּאָליטישע קראַפט, א גאָרנישט מיט א נישט און קאָן בשום אופן ניט פאַרגליכען װערן מיט דער אױפּװאַכענדער אינטעליגענטישער יוגענט, װאָס װעט באַלד װידער אױפהױבען דעם אַמאָליגען גלאָר־רײכען טעראָריסטישען קאַמף.

צו אָט די פּרינציפּעלע פאַרשײדענקײטען, װאָס האָבען געהערשט צװישען מיר און די ציוריכער נאַראָדאָװאָלען, דאַרף מען צורעכענען נאָך אַן אומשטאַנד, װאָס האָט ניט דערלאָזען, איך זאָל קאָנען אינטים צענױפגעהן זיך מיט מײנע נאַראָדאָװאָ־לישע חברים. דאָס איז געװען די גײסטיגע אַטמאָספערע און די גײסטיגע אינטערעסען, װאָס האָבען געהערשט בײ זײ.

יענע אַטמאָספערע איז געװען א קלאָרע, א רײן רעװאָליוצי־אָנערע, אָבער אַן ענגע... גאָט מײנער, װי ענג! בעת מײן קאָפּ איז געװען פול מיט אַלערלײ פּראָבלעמען פון דער גאַנצער מענש־ליכער װעלט־אַנשױאונג, זײנען פאַר מײנע חברים שױן גאָר ניט געװען מעהר קײן פּראָבלעמען, אױף װעלכע מען דאַרף נאָך זוכען אַן ענטפער. אַלץ איז געװען קלאָהר און פאַרענטפערט אין די שריפטען פון דער רוסישער ראַדיקאַלער ליטעראַטור, — דער עיקר, באַי מיכאַילאָװסקי'ן און לאַװראָװ'ן. עס איז אױך געװען קלאָר, מיט װאָס א רעװאָליוציאָנער דאַרף זיך אינטערעסירען. זײן מוח דאַרף זײן פאַרנומען מיט די פראַגען, װאָס האָבען א *דירעקטע* שיכות צו דעם פּאָליטישען און דעם סאָציאַל־רעװאָליוציאָנערען קאַמף. דער עיקר: פּאָליטישע עקאָנאָמיע און סאָציאָלאָגיע. אַלץ, װאָס דערװײטערט זיך אפילו אױף א האָר פון די געװעהנליכע פראַגען, איז שױן באַגעגענט געװאָרען מיט בטול אָדער מיט חשד.

אויך דאָס האָט געפיהרט צו אַ געוויסער קאַלטקייט און פרעמדקייט צווישען אונז, אַפילו צו קליינע צענויפשטויסען.

ציימענוויז — איך מוז מיך אין דעם מודה זיין — פלעגט דורכפליעהען אין געדאַנק אַ רוח שטות, איך זאָל מיך אָנשליעסען אָן דער יונגער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ריכטונג. ניט דערפאַר, וואָס דאָרטען וואָלט איך געפונען אַ גרעסערע פרייהייט פון געדאַנק און רייכערע גייסטיגע אינטערעסען. איך האָב געוואוסט, אַז אין דעם פּרט פון דאָקטרינערן דאגמאַטישען גלויבען זיינען די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען נאָך ענגערע, נאָך פאַנאַטישערע קלייזעל־מענשען, איידער די נאַראָדאָוואָלצען.

נאָר עס איז געווען איין פונקט, אין וועלכען איך בין געווען איינס מיט די „פליעכאַנאָווצעס“ און פאַר וועלכען איך האָב געפונען ווייניג פאַרשטענדענים באַי די נאַראָדאָוואָלצען: די נויטיגקייט פון סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדא און אַגיטאַציע צווישען דעם שטאָדטישען פּראָליעטאַריאַט.

אָט דער פונקט איז פאַר מיר געווען דאָפּעלט טייער: אי מצד זיין וויכטיגקייט פאַר דער רוסישער רעוואָליוציע, אי מצד זיין באַדייטונג פאַר דער אידישער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט.

מיינע געדאַנקען וועגען דער וויכטיגקייט פון דער אַרבייטער־באַוועגונג פאַר דעם רוסישען רעוואָליוציאָנערן קאַמף איז דאָ ניט נויטיג צו דערקלערען; איך וויל נאָר באַמערקען, אַז אויך דערמאָלט ווי איצטער איז פאַר מיר דער פּראָלעטאַריאַט ניט צענויפגעפאַלען אין גאַנצען מיט דעם אַרבייטער־קלאַס. ער איז פאַר מיר געווען נאָר אַ טייל פון דער אַרבייטער־קלאַס, וואָס דאַרף אין איינעם מיט דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ זיין דער אַוואַנגאַרד פון אַלע אַרבייטענדע שיכטען אין רוסלאַנד פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענשליכער אַרבייט. און שפּעציעל אין יענער צייט איז דער פּראָלעטאַריאַט געווען פאַר מיר „דער פונקט פון קראַפט־אָנווענד“ פאַר דער אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט געקאָנט דירעקט אַריינדרינגען אין דער פויערישער דאָרף.

די שיכות אָבער צווישען סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין די שטעדט און דער נאַציאָנאַלער ווידערבאַלעבונג פון דעם אידישען פאָלק קאָן דאָ קלאָר געמאַכט ווערן אין אַ פּאָר ווערטער.

דעם הויפט־אומגליק פון דער אידישער לאגע, די הויפט מניעה פאר דער אידישער נאציאנאל־פראגרעסיווער ווידער־געבורט האב איך דעמאלט געזעהען נאר אין איין איינציגער ער־שיינונג: אין דער אסימיליאציע, אין דעם, וואס דער אסימיליאטארישער סאציאליזם רייסט אוועק פון אונז די בעסטע קינדער פון אונזער פאלק און צווינגט זיי צו ארבייטען פאר זייערע אידעאלען צווישען די ניט אידישע פעלקער, בעת זיי וואלטען דיזעלביגע אלגעמיין־מענשליכע ארבייט געקאנט טהאן אין די רעהמען פון זייער אייגענעם פאלק.

בלייבען מיר ביי די פראגראמען פון די אלטע רעוואליוצי־אנערע פארטייען, — דעם טשארני פערעדיעל" און דער „נא־ראדנאיא וואליא", איז דעמאלט דא זעהר ווייניג האפנונג, אז די רעוואליוציאנערע ארבייט גופא זאל אומקעהרען די אידישע קינדער צו דעם אידישען פאלק.

דער דיין טעראריסטישער קאמף און די ארבייט, וואס ער רופט ארויס, קאן ניט האבען אין זיך קיין איין נאציאנאל פאנאנדער־טיילענדען עלעמענט. די שפראך פון דער באמבע איז קאסמאפאליטיש. אויף איהר פארפארטיגונג, טראנספארטירונג און אנווענדונג אין דירעקטען קאמף קאנען אהן א ברעקעל אומ־באקוועמליכקייט ארבייטען דער איד דעמבא מיט דעם פויל רעמבסקי.

די פראפאגאנדיסטישע ארבייט אין דארף ווידער, וועלכע די אמאליגע „טשארנא־פערעדיעל'צעס" האבען פארלאנגט און גע־פרואווט דורכפיהרען, טראגט שוין אמת אין זיך א נאציאנאל פאנאנדערשיידענדען עלעמענט. אין דער רוסישער דארף קאנען ארבייטען נאר רוסיש־רעדענדע חברים, אין דער פוילישער נאר פויליש־רעדענדע. אבער אין אט דער אגראר־סאציאליסטישער ארבייט איז ניטא קיין פלאץ פאר'ן אידישען פאלק, ווייל עס זיינען ניטא קיין אידישע דערפער און קיין אידישע פויערים.

ערשט די פראפאגאנדע און אגיטאציע אין די שטעט און שטעטלעך צווישען דעם פראלעטאריאט, באשאפט א פלאץ פאר'ן אידישען פאלק אין דער רעוואליוציאנערער ארבייט און א מאגנעט פאר'ן אידישען רעוואליוציאנער אומצוקעהרען זיך צו זיין פאלק. אמת, אין דער ערשטער צייט וועט ער זיין דאס, וואס מען רופט

איצטער אַן „אידיש־רעדענדער“ קאָסמאָפּאָליט, און זיין גאַנצע צוגעבונדענקייט צו דעם פאָלק וועט באַשטעהן נאָר אין דער שפּראַך־געמיינשאַפט. אָבער וואָס מעהר עס וועט אָנגעפיהרט ווערן די אַרבייט צווישען די מאַסען, אַלץ מעהר וועט דער אידי־שער נאַציאָנאַלער לעבען, וואָס ברויזט אין זיי, מיט די ספּעציפישע נויטען פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען לעבען נאַציאָנאַליזירען די אינטעליגענץ, וואָס אַרבייט צווישען זיי, און סוף־כל־סוף וועט אַ דאַנק דער סאָציאַליסטישער אויפקלע־רונגס־טעטיגקייט, זיך מוזען באַווייזען ביי דעם אידישען פאָלק אַ נייע אייגענע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט געדאַרפט דורכמאַכען דעם אַבנאָרמאַלען קראַנהאַפטען אַסימיליאַטאָרישען פעריאָד און וואָס וועט גלייך פון דער אידיש רעליגיעזער וועלט־אַנשויאונג אַריבער געהן צו אַ פּראָגרעסיוו סאָציאַליסטישער אין דיזעלביגע פאָרמען פון דער אידישער שפּראַך, ד. ה. אין די פאָרמען פון דער אידישער נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ. די נייע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ וועט גאָר ניט דאַרפען טראַכטען צי זי איז אַ אידישע אָדער ניט קיין אי־דישע, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, איהר וועט גאָר אויפ'ן זין ניט אַרויף, אַז זי איז ניט קיין אידישע, און אויף אַזאַ'ן אופן וועט די אידישע פּראָגרעסיווע ווידעראויפלעבונג ווערן אַקוראַט אַזוי נאַטירליך, ווי עס איז נאַטירליך נאַציאָנאַל דער פּראָגרעס ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט.

אָט דעם גרונט־געדאַנק האָב איך דעמאָלט געפּרעדיגט אויף רעכטס און אויף לינקס, און האָב בפירוש אויסגעטייטשט, אַז איך מאַך אַ גרויסען אונטערשייד צווישען „נאַציאָנאַל“ און „נאַציאָנאַליסטיש“! „נאַציאָנאַליסטיש“ האָט פאַר מיר דעמאָלט געהאַט דעמזעלביגען טייטש, וואָס „שאָוועניסטיש“, וואָס איז „אַנטי־אינטערנאַציאָנאַל“. עס איז אָבער געווען זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז מיין אידישע אַגיטאַציע איז געשטאַנען פעסט ווי אַ פעלז אויף דעם באָדען פון דעם ריינעם אינטערנאַציאָנאַליזם.

פלעגען טאַקי אָפט חברים און באַקאַנטע, מיט וועמען איך האָב גערעדט וועגען דעם, מיר אויפווייזען, אַז אויב זיי וואָל־טען געטראַכט אַזוי ווי איך, וואָלטען זיי אַ מינוט ניט געקאָנט זיין ביי דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און וואָלטען זיך גלייך אָנ־געשלאָסען אָן דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

איינִיגע פון מיינע באַקאַנטע האָבען אונטער דעם איינפלוס פון אָט דעם געדאַנקען־גאַנג טאַקי אַזוי געטאָן: זיי זיינען צוגע־שטאַנען צו דער סאָציאַל דעמאָקראַטיע און זיינען שפּעטער גע־וואָרען טעטיגע מיטגליעדער אין דעם „בונד“. פאַר מיר אָבער איז אַזאַ אויסוועג געווען אוממעגליך סאַי מחמת רעוואָליוציאָ־נערע, סאַי מחמת ריין אידישע טעמים.

פון אַ ריין סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערען שטאַנד־פּונקט האָב איך בשום אופן ניט געקאָנט מסכים זיין מיט דעם גרונט־געדאַנק פון די „פּליעכאַנאָוועצעס“, אַז לויט די אייזערנע געזעצען פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג מוז רוסלאַנד דורכמאַכען די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונגס־פּאַזע און אַז די פּאָליטישע פרייהייט וועט אין רוסלאַנד אויסגעקעמפּט ווערן פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער בורזשואַזיע.

איך האָב ניט איינגעזעהען (און זעה עד היום ניט איין), פאַר וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזען אַזאַ שם רע אויף די „אייזערנע געזעצען פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג“ און פאַר וואָס מען זאָל אין איהר נאָמען מעגען מקריב זיין די אינטערעסען פון דער גרעסטער מאַיאָריטעט פון דעם רוסישען פאָלק (פון דעם פויער־טום) אויף דעם מזבח פון דעם קאַפּיטאַליזם. נאָך ווענִיגער האָב איך געקאָנט איינזעהען, ווי אַזוי מען קאָן זיין נאַאיוו און גלויבען אין דעם רעוואָליוציאָנער־פּאָליטישען כאַראַקטער פון דער רוסי־שער בורזשואַזי, וואָס האָט ווי דער גאַנצער רוסישער קאַפּיטאַ־ליזם, זיך געהאַלטען און אַנטוויקעלט נאָר אַ דאַנק די חסדים פון דער צאַרישער רעגיערונג.

אויב אין רוסלאַנד קאָן און זאָל אָנגעפיהרט ווערן אַ די־רעקטער אַקטיווער פּאָליטישער קאַמף קאָן דאָס געמאָלט זיין נאָר אין דער פאָרם פון טעראָר, ווי ער איז געפיהרט געוואָרען פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“.

אָט די ריין סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערע טעמים האָבען אָבער אויך געהאַט אַ געוואַלטיגע באַדייטונג פאַר די אינטערעסען פון דער אידישער פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלער ווידערבאַלעבונג.

אַזאַ ווידערבאַלעבונג פון דעם אידישען פאָלק אין רוסלאַנד איז דענקבאַר,—האָב איך גע'טענה'ט,—נאָר אויף דעם באָדען פון אַ פאָלקסטימליכען („נאַראָדניטשעסקען“) פּראָגראַם, וואָס שרעקט

זיך ניט פאר די בלומרשט'דיגע אייזערנע אנטוויקעלונגס־ געזעצען, וואס מאכט ניט צו קליין־געלט די באוואוסטזיניגע טעטיגקייט פון דער אינטעליגענץ און שטעלט אוועק דעם אגראר־סאציאליזם אין דעם צענטער פון איהר פראגראם.

פון דעם מארקסיסטישען שטאנד־פונק האט מען אויך אויף דעם אידישען פאלק ארויסגעזאגט די נבואה, אז ער מוז פארשווינדען, „א דאנק די אייזערנע געזעצען פון דער געשיכטליכער אנטוויקלונג". אויך אין את דעם פרט איז דאס ניט מעהר, ווי א בייזער רכילות אויף דער מענשליכער געשיכטע. זי איז גאר ניט אזוי שלעכט. ניטא אין איהר אזעלכע געזעצען, וואס זאלען פאר'משפט'ען א גאנצען פאלק צום טויט. דאס אידישע פאלק האט תמיד געקעמפט פאר זיין נאציאנאלער עקסיסטענץ. צוליעב את דער נאציאנאלער עקסיסטענץ זיינער האט ער זיך רעליגיעז ארום געצאמט פון דער גאנצער וועלט. און את דעם קאמף וועט ער קיינמאל ניט אויפגעבען, ווי איך האב דאס קלאר געמאכט אין מיין רוסישער ארבייט: „מיסלי אב איסטאריטשעסקיך סוד'באך יעווריסטווא" פון דעם יאהר 1887.

עס איז אבער א גרויסע נפקא מיניה פאר דער פראגרעסיווער וועלטליכער אנטוויקלונג פון דעם אידישען פאלק, צי ער וועט דארפען קעמפפען פאר זיין נאציאנאלע עקסיסטענץ אין א קאפיטאליסטישען רוסלאנד אדער אין אן אנטי־קאפיטאליסטישען, וואו די אינטערעסען פון דער ארבייטערשאפט און דער פויערימשאפט וועלען שטעהן אויף דעם ערשטען פלאן.

אין א קאפיטאליסטישען רוסלאנד מיט דער ריין בירגערליכער גלייכבארעכטיגונג, וואס מען האט צו דערווארטען פון איהר, וועט דער גרעסטער טייל פון דעם אידישען פאלק אריבער צו דער בורזשואזי. די אידישע ארבייט וועט זיך דעמאלט נאך ווייניגער אנזעהען, איידער איצטער. די אידישע אינטעליגענץ וועט זיך נאך מעהר רוסיפיצירען איידער איצטער.

וואס וועט זיין דער פועל־יוצא דערפון? — די פארשטארקטע אידישע בורזשואזי וועט ארויסרופען נאך א שרעקליכערען אנטי־סעמיטיזם, איידער איצטער; און דער נאמען „איד" וועט ווערן גלייכבאדייטענד מיט „בורזשוא" און „סאציאלער רעאקציאנער". די גרויסע פאלקס־מאסען, וואס וועלען בלייבען לעבען

אין דחקות, נויט און עקאָנאָמישען פּאַראַזיטיזם, וועלען זיין די איינציגע טרעגער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ. פאַרלאָזען פון דער אינטעליגענץ, וועלען זיי נאָך מעהר אונטער־פאַלען אונטער דער רעאַקציאָנערער גייסטיגער מאַכט פון די רבנים און צדיקים. און אויף אַזאַ'ן אופן מוז דעמאָלט די אידישע נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ אָננעהמען אַ קלאָר אויסגעשפּראָכענעם רעאַקציאָנערען כאַראַקטער. *סאָציאַל* וועט דער איד זיין דער אָנהענגער פון דעם סוחרישען קלאַס און זיינע אידעאַלען; *קולטורעל* וועלען די אידישע מאַסען זיין די פאַרטיידיגער פון דער שוואַרצער קלעריקאַלער מאַכט.

אַ גאַנץ אַנדער גורל קאָן ערוואַרטען דאָס אידישע פאָלק, ווען די אידישע אינטעליגענץ, ווי אַ שאַפענדער כוח פון דער אידישער געשיכטע, זאָל זיך איצטער אומקעהרען צו דעם אידישען פאָלק און זאָל זיך אַוועק שטעלען די אויפגאַבע, עס *פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַל* ווידער אויפצולעבען אויף די יסודות פון *ערד־אַרבייט* און דער אידישער שפּראַך. די אידישע פויערימשאַפט וועט אָפּשאַפען דעם בורזשואַזען, ניט אַרבייטאָרישען כאַראַקטער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער עק־סיסטענץ. די נויט אין אינטעליגענטע כוחות וועט צוציעהען צו דער אידישער דאָרף די בעסטע קינדער פון אונזער פאָלק, וואָס וועלען זיין פאַראייניגט מיט איהם דורך איין און דערזעלביגער פּראָגרעסיוו גייסטיגער אַטמאָספערע אין דער אידישער שפּראַך. אָט דיביידע זאַכען: די ספּעציעלע באַדינגונגען פון דעם דאָרפס־לעבען און די אידישע קולטור אין דער אידישער שפּראַך וועלען פון זיך אַליין אָפּהיטען די נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ פון אונזער פאָלק, און ער וועט זיך מעהר ניט נויטיגען אין *קינסט־ליכע* דערהאַלטונגס־מיטלען פון אַן איזאָלירענדען רעליגיעזען לעבען.

אַזאַ נייער גורל פאַר'ן אידישען פאָלק און אַזאַ פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט זעצט אָבער פאָראויס דעם זיעג פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". דער טעראָריסטישער קאַמף וועט ברענגען די פּאָליטישע באַפרייאונג און די אָפּשאַפונג פון אַלע באַ־גרעניצונגען אין דער אידישער גלייכבארעכטיגונג. פון דער אַנדער זייט וועלען די אַגראַר־רעפאָרמען פון דער „נאַראָדנאַיאַ

וואָליאַ" וואָס וועלען, ווי אַן ערשטער שריט צו דעם סאָציאַליסטישען שטאַאַט, זיין געציעלט צו פאַרטיידיגען די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון דער פּויערימשאַפט, עפענען אויך פאַר דעם אידישען פאָלק אַ פרייען צוטריט צו דער ערד, און דער אידישער איבערגאַנג צו דער ערד־אַרבייט וועט מוזען קרעפטיג געשטיצט ווערן פון אַ פּויערים־פריינדליכער רעגיערונג שוין אין די אינטערעסען פון דער פּויערימשאַפט גופא: כדי פּטור צו ווערן פון דעם אידישען „לופט־מענשענטום" וואָס איז איצטער געצוואונגען צו לעבען פּאַראַזיטיש אויף דעם קערפּער פון דעם רוסישען פאָלק.

איך וויל דאָ ניט אונטערזוכען, וואָס די מעהר איידער דריי־סיג־יעהריגע פּעריאָדע, וועלכע טיילט מיך איצטער אָפּ פון יענע יוגענט־געדאַנקען מיינע, האָט אָפּגעפרעגט אין זיי און וואָס זי האָט אין זיי באַקרעפטיגט, אָבער דאָס זיינען געווען — אין די הויפּט־שטריכען — די געדאַנקען, וואָס איך האָב דעמאָלט מינדליך פאַרשפּרייט צווישען דער אידישער שטודירענדער יוגענט, און וואָס אַ טייל פון זיי האָב איך אין אַ קאָנצענטרירטער פאָרם פאַרעפענטליך אין 1892 אין מיין „יעוורעי ק' יעווריאַם". דאָס זיינען אָבער אויך געווען די געדאַנקען, וואָס האָבען געמאַכט אוממעגליך פאַר מיר אָנצושליעסען זיך אָן דער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אַלע מיינע האָפנונגען, — סיי די סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערע, סיי די אידיש־נאַציאָנאַלע, — זיינען געווען פאַרבונדען מיט דעם שיקזאַל פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", מיט איהרע אידעאַלען און איהרע קאַמף־מעטאָדען. ס'איז אמת, זי לעבט איצטער איבער אַ קריזיס. זי וועט דאַרפען איבערקוקען איהר פּראָגראַם. דער עיקר וועט זי דאַרפען מאַכען מעהר פּלאַץ אין איהם פאַר דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיגקייט פון די אונטערדריקטע פעלקער אין רוסלאַנד און פאַר דער שטאָדטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער אַרבייטערשאַפט, וועלכע זי וועט מוזען זעהן צו געווינען פאַר איהרע סאָציאַליסטישע ציעלען.

דאָס זיינען אַלץ פּונקטען וואָס געהן ניט להיפּך צו דעם עיקר פון דעם נאַראָדאָוואָלצענטום. אדרבה: זיי ליעגען אויף דער ליניע פון זיין אַנטוויקלונג, און עס איז ניטאָ קיין ברעקעל גרונט פאַר מיר, איך זאָל פאַרלאָזען איהרע רייהען.

אזוי איז דעמאָלט געווען מיין שטעלונג צו דיביידע פיינד־ליכע אָרגאַניזאַציעס, ווען דער פיהרער פון די ציוריכער „אָסוואָ־באַזשדיענצעס", קאַלמאַנסאָן, האָט מיר געמאַכט דעם פאָרשלאַג, איך זאָל אַריינטרעטען אין אַ נייער אומפּאַרטייאישער גרופּע, וואָס איהר ציעל זאָל זיין צו באַשאַפען אַ סאָציאַל־רעוואָ־ליוציאָנערע ליטעראַטור פאַר דער אַרבייטערשאַפט. די ערשטע אויפגאַבע זאָל דערווייליג זיין — העלפען אַרויסגעבען די „אַרבייטער־ביבליאָטעק" אונטער פּליעכאַנאָוו'ס רעדאַקציע, וואָס איהר ערשט ביכעל: „פּיאָטר אַלעקסעיעוו'ס רעדע" געפינט זיך שוין אין דרוק.

דעם פאָרשלאַג האָב איך אָנגענומען, הגם מיינע חברים פון דעם נאַראָדאָוואָלישען פּאַנד האָבען מיך געוואָרענט: „איהר וועט זעהן, אין וואָס פאַר אַ זומף זיי וועלען אייך אַריינשלעפּען!" איך האָב מיר אָבער בשום אופן ניט געקאָנט משער זיין, וואו אַזוינס דאָ קאָן ערגעץ שטעקען אַ זומף. „איהר קענט ניט פּליע־כאַנאָוו'ן" — איז געווען זייער ענטפער דערויף.

און אַזאַ זומפּ איז טאַקע געווען. דעם אַרבייטער אַלעקסעי־עוו'ס רעדע, געהאַלטען פאַר'ן געריכט אין די זיעבעציגער יאָהרען, וואָס איז געווען ניט נאָר אַן שאַרפער אַנקלאַג אַנטקעגען דער קאַפּיטאַליסטישער רויבער־וועלט און דער צאַרישער מערדער־רעגיערונג, נאָר אויך אַ הימן פאַר דער פאַראייניגונג פון אַר־בייטערשאַפט און איטעליגענציע אין דעם סאָציאַל־רעוואָליו־ציאָנערן קאַמף, — אָט די רעדע האָט פּליעכאַנאָוו געהאַלטען פאַר נויטיג צו באַלייטען מיט אַ פאָרוואָרט, וואָס איז געווען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פּראָוואָצירענדער קאַמף־אויפרוף אַנטקעגען דער גאַנצער רוסישער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ. לויט דער פאָרם אַ פּאָלעמיק אַנטגעגען בורצעוו'ן און זיין „סוואָבאָד־נאַיאַ ראָססיאַ", וואָס האָט גערופען די רעוואָליוציאָנערען צו פאַראייניגען זיך מיט די ליבעראַלען, איז אָבער דער תוך פון דעם פאָרוואָרט געווען אַ העפטיגער אָנפאַל אויף אַלע פריהערדיגע דורות פון דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף, וועמעס אַנדענק עס איז אונז אַלעמען געווען אַזוי טייער. און דערצו איז דער אָנפאַל געווען נאָך אין אַזאַ מאוס'ער דעמאַגאָגישער פאָרם.

נאָך איידער די בראָשורע האָט פאַרלאָזען דעם דרוק, האָט

א חבר, א נאראָדאָוואָל, געבראַכט מיר אַן עקזעמפּליאַר איהרען, געבעטען איך זאָל איבערלייענען דעם פאָרוואָרט און זאָגען, ווי ער געפעלט מיר. איך בין גלייך מיט דער בראָשורע אוועק צו קאַלמאַנסאָנען פאָדערן א דערקלערונג. קאַלמאַנסאָן האָט מיר קורץ און אָפען מיטגעטיילט, אז „געאָרגי וואַליענטאָוויטש“ (פּליעכאַנאָוו) האָט געפונען פאַר נויטיג צו דערקלערען א קריעג דער אינטעליגענץ (ד. ה. דעם גלויבען אין איהר רעוואָליוציאָנערער מיסיע און איהר רעוואָליוציאָנערער ראָליע) „אויף לעבען און טויט“, און אַז דאָס איז נאָך ערשט דער אָנהויב...

איך האָב געמוזט ניט נאָר פאַרלאָזען יענע „אומפּאַרטייאישע גרופּע“, נאָר אויך ארויסטרעטען אַנטקעגן דער „אַרבייטער ביבליאָטעק“ אין אַן אָפענעם קאַמף.

פון אָט דעם עפּיזאָד אָן האָב איך אָנגעפאַנגען מיין אָפענעם קאַמף אַנטגעגען דעם מאַרקסיזם בכלל און דער פּליעכאַנאָוו'שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בפרט.

א געלעגענהייט פאַנאַנדערצואוויקלען אַלע טעאָרעטישע און פּראַקטישע פונקטען פון אונזערע סכסוכים האָט מיר געגעבען דער ערשטער ביכעל פון פּליעכאַנאָוו'ס „סאָציאַל־דעמאָקראַט“, וואָס איז באַלד דערנאָך ארויס. איך האָב אָנגעקינדיגט א רעפעראַט וועגען דעם ביכעל, און עס האָט זיך אָנגעהויבען א דיסקוסיע מיט ענטפערס און געגען־ענטפערס, וואָס האָט זיך פאַרצויגען אויפ'ן גאַנצען ווינטערסעמעסטער 1889 — 1890. (צוויי און זיעבעציג אָווענטען פון אזייגער 9 ביז 2-3 נאָך האַלבע נאַכט).

וועגען דער אויסערליכער זייט פון דער זאַך וויל איך דאָ נאָר זאָגען, אז זעלטען־ווען איז אַן עפענטליכע דיסקוסיע געוועזן אזוי באַלעהרענד און ערציעהעריש. זעלטען־ווען האָבען די דיס־קוטאַנטען פאַרלאָזען די אָביעקטיווע הויך און דעם טיעפען ערנסט פון דעם ענין און זיך געלאָזט הינרייסען פון סוביעקטיווע ביטערע פערזענליכע אָנגריפען. דער עולם פלעגט אזעלכע אומפּאַסיגקייטען אויפנעהמען מיט א שניידענדיגער קעלט, און זיי פלעגען באַלד פאַרשטומען. אין דער דעבאַטע זיינען אריינגעצויגען געוואָרן כמעט אַלע ענינים וואָס האָבען געהאַט א שייכות צו דעם „וויסענ־שאַפטליכען סאָציאַליזם“ (א חוץ די ריין עקאָנאָמישע טעאָריעס

פון קארל מארקס, ווייל קיינער פון די קעמפענדע צדדים האָט זיי ניט געלייקענט) און צו דער רוסישער ווירקליכקייט, שפּעציעל צו דער לאַגע פון דעם רוסישען פויערטום. אויב אין די פּראַקטי־שע פראַגען בנוגע דער לאַגע פון דער רוסישער דאָרף, האָב איך נאָך געהאַט מיטהעלפער צווישען די חברים נאַראָדאָוואָלצען, איז דער גאַנצער טעאָרעטישער טייל — די קריטיק פון דעם מארק־סיזם — אויסגעפאָלען נאָר אויף מיר אליין: צום טייל דערפאַר ווייל איך בין געווען מעהר באהאווען אין דער זאַך און צום טייל אויך מחמת דעם, וואָס די איבעריגע חברים מיינע האָבען זיך ניט געוואָלט אידענטיפיצירען מיט מיין נעגאַטיווען בליק אויף מארק־סיזם.

מיין שטאַנד פּונקט אין דער פּאָלעמיק אַנטקעגען דער רוסי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דעמאָלט געווען אזא:

איך בין ניט אַרויסגעטראָטען מיט דער באהויפּטונג, אז דער מארקסיזם איז פ א ל ש, אז גערעכט אין דער געשיכטס־פילאָ־סאָפיע איז נאָר דיורינג, אָדער א וועלכער עס איז אנדער דענ־קער. איך האָב נאָר געזוכט צו באווייזען, אז דער מארקסיזם איז ניט ו ו י ס ע נ ש א פ ט ל י ך, אז ער איז אויפגעבויט אויף ריין פילאָסאָפישע סברות, וואָס זיינען אריבער גענומען געוואָרען א טייל פון העגעל׳ן, א טייל פון דעם מאַטעריאליזם. דער מאַטערי־אַליזם איז אָבער פּונקט אזא מעטאַפיזיק, וואָס האָט ניט צו טהאָן מיט אמת׳ער וויסענשאַפט, ווי דער העגעל׳שער אידעאַליזם.

דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם, האָב איך גע׳טענה׳ט, טאָר איבערהויפּט ניט געבויט ווערן אויף דער אָדער יענער גע־שיכטס־פילאָסאָפיע. דאָס וואָלט געהייסען, אז מיר זיינען פאַר דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל נאָר דערפאַר, ווייל דער סטיכישער פּראָצעס טרייבט צו זיין פאַרווירקליכונג, אַלץ איינס, צו מיר ווילען דאָס אָדער ניט; אַלץ איינס, צו דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז ו ו ע ר ט ה, מ אָ ר א ל י ש ווערטה, מיר זאָלען קעמפען פאַר איהם, אָדער ניט.

מיר טאָהרען זיך ניט שטעלען אויף אזא שטאַנד־פּונקט מחמת צוויי טעמים. ערשטענס, קאָן מען ניט איינזעהען, פאַר וואָס איינער דאַרף ווערן א סאָציאַליסט און מקריב זיין לעבען פאַר איהם, אפילו ווען מען באווייזט איהם אויף דעם וויסענשאַפט־

ליבען אופן, אז דער שטראָם פון דער מענשליכער געשיכטע טראָגט זיך צו דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל און קאָן מיט קיין זאַך ניט אויפגעהאַלטען ווערן. עס טאָר ניט פארגעסען ווערן, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען אונזער אייגענעם לעבען, וועגען די אומגעהויערע קרבנות, וואָס ווערן פארלאַנגט פון אונז. אָט די קרבנות דארפען מיר, רעוואָליוציאָנערען, פרייוויליג ברענגען אויף דעם מזבח פון דעם סאָציאַליזם. דארפען מיר דאָך פריהער וויסען און זיין זיכער, אז דער סאָציאַליזם איז ווערטה, מיר זאָלען אוועקגעבען אונזער לעבען פאַר זיין פאַרווירקליכונג.

אָנגענומען, מיר זעהען איין, אז דער סאָציאַליזם מוז ברענגען אומגליק אויף דער וועלט אַנשטאָט גליק; א צוריקקעהר צו א חיה'שען לעבען, אנשטאָט א געשטייגערטער מענשליכער אנטוויקלונג, א נייע פארשקלאַוואונג פון דעם מענשען, אנשטאָט זיין באפרייאונג. איז־וואָס וועט אונז דעמאָלט העלפען דער באַוויין, אז דער סאָציאַליזם וועט סאַי־ווי־סאַי מקוים ווערן? מיר וועלען דעמאָלט מוזען זאָגען, אז אין דער מענשליכער וועלט איז ניטאָ קיין פּראָגרעס. אז אין איהר געהט אַלץ פון גוט צו ערגער און נאָך ערגער. אויב מיר קאָנען נאָך ווי עס איז שטערן דעם סטיכישען היסטאָרישען פּראָצעס, וואָס פיהרט צו דעם אומגליק־ברענגענדען סאָציאַליזם, איז דאָס אודאי אונזער חוב צו טהאָן: זאָל דער אומגליק אַריינטרעטען וואָס שפּעטער. אויב אָבער מיר קאָנען דעם היסטאָרישען פּראָצעס אפילו ניט פארלאַנגזאַמען, איז דעמאָלט דארפען מיר א מאָך טהאָן אויף איהם מיט'ן האַנט, און זעהען ווי עס איז צו מאַכען אונזער אייגענעם פערזענליכען חשבון מיט א וועלט און מיט אַן אומפאַרמיידליכען היסטאָרישען פּראָצעס, וואָס פון איהם קאָן קיין גוטס פאַר דער מענשהייט ניט ארויסקומען. זיך נאָך מקריב זיין פאַר אַזא פּראָצעס וואָלט געווען די ריינסטע משוגעת.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס: מיר, די קינדער פון דער בורזשואַזי און פון דעם אַדעל, וואָס האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון די אונמאָראַלישע אידעאַלען פון אונזערע עלטערן און פון אונזער סביבה, וואָס זיינען גרייט אוועק צו געבען אונזערע יונגע לעבענס פאַר דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, קאָנען דאָס טהאָן ניט אוים געשיכטס־פילאָסאָפישע סברות און אויסרעכענונגען, —

ווי וויסענשאַפטליך זיי זאָלען ניט זיין, — נאָר אויס דעם געפיהל פון אַ מאָראַלישען חוב, אויס דעם באַוואוסטזיין, אַז דער סאָציאַליזם איז דער העכסטער סאָציאַל־עטישער אידעאַל, ווייל ער ברענגט גליק און פרייהייט און גערעכטיגקייט פאַר דער ליידענדער מענשהייט. פאַר דעם גליק פון דער מענשהייט זיינען מיר זיך מקריב און ניט פאַר דעם בלינדען סטיכישען פראָצעס.

הייסט עס, אַז די טעאָרעטישע באַגרינדונג פון דעם סאָציאַליזם דאַרף קודם כל זיין אַן עטישע און ערשט דערנאָך אַ געשיכטס־פילאָסאָפישע. און די געשיכטס־פילאָסאָפישע וועט נאָר דעמאָלט קאָנען האָבען אַ ווערטה פאַר אונז, ווען זי וועט צענויפפאַלען מיט דער עטישער באַגרינדונג אָדער, לכל הפחות, ניט געהן להיפך צו איהר.

אָבער אויך אָט דעם באַגרענצטען ווערטה קאָן אונז די געשיכטס־פילאָסאָפיע ניט געבען, און אין דעם ליגט דער צווייטער טעם, פאַר וואָס מיר זאָלען זיך אין גאַנצען אָפזאָגען פון איהר.

דער גאַנצער באַדייט פון דער געשיכטס־פילאָסאָפיע הענגט אָפ פון דעם, צי זי קאָן זיכער פאָראויסזעהען, וואוהין עס טראָגט דער געשיכטליכער שטראָם, — אויב ס'איז דאָ אַזאַ מעכטיגער סטיכישער שטראָם, וועלכען קיין מענשליכע קראַפט קאָן ניט אָפהאַלטען און ניט פאַרקירעווען ערגעץ־וואו אין אַן אַנדער ריכטונג. אַזאַ זיכערען וויסענשאַפטליכען פאָראויסזעהען קאָן אָבער קיין געשיכטס־פילאָסאָפיע אונז ניט געבען, און וועניגער פאַר אַלץ קאָן דאָס טהאָן דער מאַרקסיזם. אַלע זיינע חשבונות פאַר דער צוקונפט גרינדעט ער אויף זיין הויפּטזאַץ, אַז אין דער געשיכטע קומט אַלץ פאָר לויט דעם פאַרלויף פון דעם עקאָנאָמישען פראָצעס, אָבער אָט דעם גרונט־זאַץ זיינעם האָט דער מאַרקסיזם ערגעץ ניט באַוויעזען. עס זיינען נאָך ניט געמאַכט געוואָרען קיין ערנסטע געשיכטליכע אויספאָרשונגען פון אַ מאַרקסיסטישען שטאַנדפונקט, — אויספאָרשונגען וואָס זאָלען דעקען גרויסע און וויכטיגע פעריאָדען אין דער מענשליכער אַנטוויקלונג. ביז אָבער אַזעלכע געוויסענהאַפטע פינקטליכע אויספאָרשונגען וועלען געמאַכט ווערן, איז דער מאַרקסיזם ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פאָרלויפיגע סברא וואָס קאָן פאַר'אמת'ט

ווערן, קאָן אָבער אויך אָפּגעפרעגט ווערן אין דער וויסענשאַפט־ליכער פאָרשונג.

אַזאַ פאָרלויפיגע סברא איז זייער אַ ניצליכע זאַך אין די הענט פון דעם וויסענשאַפטליכען פאָרשער. זי גיט איהם די מעג־ליכקייט, צו שטעלען באַשטימטע פראַגען, בעת ער געהט אויספאָרשען די ווירקליכקייט. אָבער די פאָרלויפיגע סברה קאָן איהם ניט דיקטירען קיין ענטפער אויף די געשטעלטע פראַגען. דעם ענטפער דאַרף ער זוכען אין דעם אַנאַליז פון דער היסטאָרישע ערשיינונגען גופא.

וויל דער סאָציאַליזם ווערן אַ וויסענשאַפט, ווייל ער גרינדעט זיך אויף אַ געשיכטס־פילאָסאָפיע, דאַרף קודם כל די געשיכטס־פילאָסאָפיע ווערן אַ וויסענשאַפט. זי קאָן דאָס אָבער נאָר דע־מאָלט, ווען זי וועט בויען איהרע לעהרען אויף דעם אַנאַליז פון אַלע היסטאָרישע פאַקטען און ניט אויף פילאָסאָפישע סברות, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דעם מארקסיזם.

דער געוועהנליכער מאַסען־סאָציאַליסט ווייס נאָך ניט אָט פון דעם קאַרדינאַלען פאַקט, אַז די מאַרקסיסטישע געשיכטס־פילאָסאָפיע איז נאָך ניט קיין וויסענשאַפט; אַז אין דעם פּרט פון אויסשטודירען די ווירקליכקייט אין דעם מענשליכען היסטאָ־רישען עבר שטעהט דער מאַרקסיזם זעהר ווייט הינטער זיינע אויפגאַבען. בשום אופן קאָן מען דעם מארקסיזם ניט פאַרגלייכען אין דעם פּרט פון וויסענשאַפטליכקייט, מיט דעם דאַרוויניזם, ווי דאָס ווערט אָפט געטהאָן. דער מאַסען־סאָציאַליסט מערקט ניט די פאַלשקייט פון אַזאַ פאַרגלייך. סאַי דער דאַרוויניזם, סאַי דער מאַרקסיזם ווערן איהם געגעבען אין פּאָפּולערע ביכלעך און בראָ־שורען. אַנשטאָט אַן איבערבליק איבער די פאַקטען, וואָס דאַרפען באַרעכטיגען די אָדער יענע סברה, ווערן אין יענע ביכלעך גע־בראַכט איינצעלנע ביישפּיעלען, וואָס איליוסטרירען דעם גע־דאַנק. אויף אַזאַ'ן אופן ווערט געוואונען דער איינדרוק, אַז דער מאַרקסיזם איז אַקוראַט אַזוי סאָליד איינגעפונדעוועט אין דעם פאַקטישען מאַטעריאַל, ווי דער דאַרוויניזם. אָבער דאָס איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש, וואָס שטאַמט פון אומוויסענהייט.

דער דאַרוויניזם איז אין דער פּאָפּולערער ביכלעך־און־בראָ־שורען־ליטעראַטור ווי אַ קרעדיט־ביליעט, וועלכען מען קאָן איינ־

קאסירן אין דער באנק פון וויסענשאפטליכער פארשונג. זיין „קורס" קאן זיך הויבן אדער פאלן, אבער מען באקומט פאר איהם דעם ריינעם גאלד פון פאקטישען וויסען. דער מארקסיזם איז אבער ניט ווי א קרעדיט־בילעט, נאר ווי אן אקציע פון א נייער אונטערנעהמונג, זאגען מיר, פון א גאלד־מינע. די אקציע זאגט צו, אז אויב מען וועט גראבען וועט מען געפינען גאלד. די אונטערנעהמונג קאן זיך אבער אויסלאזען מיט א וויסענשאפט־ליכען באנקראט.

אט דאס איז געווען אין קורצען די ארגומענטאציע פון מיין ערשטען ארויספאהר.

איך וויים ניט, ווי אזוי מיינע ארגומענטען האבען געווירקט אויף די צוהערער. אויף די דיסקוטאנטען פון דעם מארקסיסטישען צד האבען זיי אבער קיין גרויסען רושם ניט געמאכט. איינער פון זיי, — דער פויל מארכליעווסקי, — האט זיך אויסגעלאכט פון אט דער פאדערונג, אז דער מארקסיזם זאל צאהלען „מזומנים", אנשטאט פאפירענע סברות וועגען די אלגעמיינע געזעצען פון דער געשיכטליכער אנטוויקלונג — געבען אונז ערנסטע היסטארישע פארשונגען וועגען אלע איהרע וויכטיגע פעריאדען.

„זשיטלאווסקי", האט ער געזאגט, „איז געוואוינט צו גרויסע גראבע תלמוד'ישע פאליאנטען, און די געוואוינהייט זיינע טראגט ער אויך אריבער אויף דער טעאריע פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם".

איך וויל דא באמערקען, אז די פראגע וועגען דער וויסענ־שאפטליכקייט פון דעם מארקסיזם, וועלכע איך האב אויפגע־הויבען אין די ציוריכער דיסקוסיעס, האט זיך נאכדעם אריבער געטראגען אין דער דייטשער און דער רוסישער סאציאליסטישער פרעסע.

א באריכט וועגען מיין שטאנד־פונקט און די פאקטען אויף וועלכע איך שטיץ מיך, האב איך אוועק געשיקט מיכאילאווסקי'ן און שפעטער פארעפענטליכט אין דייטש אין פערנעסטארפערס „דייטשע ווארטע". אין דער דייטשער סאציאליסטישער ליטע־ראטור האט נאר עדוארד בערנשטיין אויפגענומען ערנסט מיין ארבייט. קאוטסקי האט זי אפגע'פטר'ט מיט אן אויסרעד, אז די סאציאל דעמאקראטישע פארטיי איז א קאמף־פארטיי און האט

ניט קיין פיל צייט אויף טעאָרעטיש־וויסנשאַפטליכע אונטער־זוכונגען.

נאָר אין רוסלאַנד איז די פּאָליעמיק געוואָרען אַ היציגע און אַ שאַרפע. מיכאַילאָווסקי האָט דעם גאַנצען פאַקטישען מאַ־טעריאַל און אַ טייל פון מיין ארגומענטאַציע אריינגעארבייט אין זיין פּאָליעמיק אַנטקעגען דעם מארקסיזם. דאָס האָט ארויסגע־רופען פּליעכאַנאָוו׳ס ענטפער אין זיין באַריהמטען בעלטאָוו־בוך, וואָס האָט דעם מארקסיזם באַגרינדעט אויף וואָס ער איז געווען באַגרינדעט ביי מאַרקס׳ען גופא: אויף דער מאַטעריאַליסטיש־מאָניסטישער פילאָסאָפיע.

דער קאַמף פאַר און געגען דעם מארקסיזם האָט זיך פאַנאַנ־דערגעקאָכט און האָט געפיהרט צו אַ קלאָרערער און ריינערער פאַנאַנדערשיידונג אין די ליניעס פון דעם סאָציאַליסטישען גע־דאַנק. די אויפדעקונג פון די פילאָסאָפישע גרונט־לאַגען, אויף וועלכע דער מארקסיזם איז געבויט, האָט ארויסגעבראַכט יענע קלאָרע פאַנאַנדערשיידונג.

די וואָס זיינען געבליעבען אָדער געוואָרען מארקסיסטען האָבען דאָס געטאָן מיט דעם פולען באַוואוסטזיין, אַז זיי נעהמען אָן אויך די גאַנצע מאַטעריאַליסטישע דיאַלעקטיק, ווי דעם נויטי־גען פונדאַמענט פון זייער געשיכטס־פילאָסאָפישער און סאָצי־אַליסטישער אַנשויאונג.

די אָבער, וואָס האָבען בשום אופן ניט געקאָנט צושטימען צו דער מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישער מעטאַפיזיק, וועלכע מאַרקס האָט אויסגעארבייט, האָבען זיך געמוזט אָפּזאָגען פון דעם מארקסיזם בכלל (אַ חוץ, פארשטעהט זיך, די ריין עקאָנאָמישע טעאָריעס אין דעם „קאַפּיטאַל“, וואָס האָבען גאָר קיין שייכות ניט צו די פילאָסאָפישע און געשיכטס־פילאָסאָפישע פראַגען).

טריי צו דעם אַלטען, פארשוואומענעם, האַלבען און שלעכט־פארשטאַנענעם מארקסיזם, וואָס האָט באַהערשט מיט זעהר קליינע אויסנאַהמען די גאַנצע סאָציאַליסטישע וועלט אין רוסלאַנד אין די זיעבעציגער און אַכציגער יאָהרען, איז געבליעבען נאָר די גרופּע „אַלטע נאַראָדאָוואָלציעס“ אין פאַריזש. אפילו ווען יענע גרופּע האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסען אָן דער פארטיי סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען, האָט זי אַליץ נאָך ניט אויפגעגעבען איהרע

האָפנונגען און פאַרזוכען, צו מאַכען א י ה ר מאַרקסיזם פאַר דעם אָפיציעלען טעאָרעטישען פונדאַמענט פון דער פּאַרטיי. אָבער דאָס האָט זיך איהר קיינמאָל ניט איינגעגעבען.

נאָר לאָמיר זיך אומקעהרן צו די ציוריכער דיסקוסיעס. זיי האָבען זיך פאַרצויגען אזוי לאַנג, אז זיי האָבען לסוף אין גאַנצען אריבערגעשו־יטען יענע לאָגישע גרעניצען, וואָס זיינען געווען דיקטירט דורך זייערע אוממיטעלבאַרע פּראַקטיש־רעוואָליוציאָנע־רע ציעלען. מענשען האָבען גענומען דאָס וואָרט און גלייענט גאַנצע רעפעראַטען וועגען ענינים, וואָס האָבען געהאַט נאָר א קנאַפּע שייכות צו די אויפגעוואָרפענע פראַגען. דער ענין איז מיר אליין נמאס געוואָרען און איך האָב אויפגעהערט צו באַזוכען די פאַרזאַמלונגען.

אין איין זיצונג האָט אויך דער פאָרזיצענדער טשערנישאָוו גענומען א וואָרט און האָט אָפּגערעדט א גאַנצען אָוונט. זיין רעפעראַטען איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס ער האָט אויס־געריבענט עפּעס א גוזמא פראַגען (אויב מיין זכרון נארט מיך ניט אָפּ, — איבער א הונדערט), וועלכע די דיסקוסיע האָט אויפ־געוואָרפען און וועלכע זי האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט געקאָנט פאַרענטפערט אין גאַנצען. ער האָט אויפגעוויזען אויף די פאַר־פלאָנטערטקייט פון אלע יענע פראַגען און אויף דער האָפנונג־לאָזיגקייט, אז די ווייטערע דיסקוסיע זאָל קאָנען געפינען פאַר זיי אן אָפּשליסענדען ענטפער. ער האָט דעריבער געמאַכט דעם פאָרשלאַג, אז מען זאָל ווי עס איז פאָרמעל פאַרענדיגען דעם זיך אזוי לאַנגען פאַרצויגענעם גייסטיגען טורניר. עס איז באַ־שלאָסען געוואָרען, אז נאָר א קליינע צאָהל פון די דעבאַטאַנטען באַקומען שלוס־וואָרטען, אין וועלכע זיי זאָלען רעזיומירען זייער שטאַנדפּונקט.

און אזוי האָט זיך טאַקי פאַרענדיגט די גרויסע ציוריכער דעבאַטע, אין וועלכער עס איז צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען גע־וואָרען א רעוויזיע פון דעם מאַרקסיזם אויס א ריין סאָציאַליס־טישען שטאַנד־פּונקט.

אין דער צייט, ווען די דעבאַטע האָט זיך שוין גענעהענט צו איהר פאָרמעלען שלוס, איז קיין בערן געקומען פון פאַריז חנן ראַפּאָפּאָרט, — דער איצטיגער טעאָרעטיקער פון די פראַנצויזישע

קאָמוניסטען, — מיט זיין פרוי פאני ראַטנער. אויב איך בין מיך ניט טועה, האָט ער נאָך אויך פאַרכאַפּט אַ וואָרט פאַר אַ רעפע־ראַט אין איינעם פון יענע אָוועטען, וועלכע איך האָב דורכגע־לאָזען. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אין גאַנצען פאַנאַנדערוויקלען זיין טעאָרעטישע פּאָזיציע, און אין די צאָהל פון די שלום־דעבאַ־טאַנטען איז ער ניט אריין.

שפּעטער בין איך געוואָרען נעהענטער בעקאַנט מיט איהם, און מיר האָבען געהאַט גענוג געלעגענהייט דורכצולופּטערן צוויי־שען זיך די אַלע פאַרפלאָנטערטע פּראָבלעמען. אין יענער צייט האָט חנן ראַפּאָפּאָרט איינגענומען אַ פּ אַ ר מ י ט ל ע נ ד ע שטעלונג אין דעם געשיכטס־פילאָסאָפישען פּראָבלעם.

אין איינעם מיט דעם מאַרקסיזם האָט ער געגלויבט, אַז די געשיכטס־פילאָסאָפיע קאָן באַהאַנדעלט ווערן ווי אַ ריינע וויסענ־שאַפט, און יענע וויסענשאַפט קאָן שוין איצטער ארויסטרעטען מיט דעם אבסאָליוט זיכערן פאָראויסזאָג, אַז אַ סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע מוז אומפאַרמיידליך אריינטרעטען אין לעבען. אָט דער פאָראויסזאָג קאָן באַגרינדעט ווערן אַקוראַט אַזוי וויסענ־שאַפטליך פעסט, ווי די פאָראויסזאָגען אין דער וועלט פון די ריינע נאַטור־ערשיינונגען.

ראַפּאָפּאָרט האָט אָבער איינגעשטימט מיט מיר, אַז די געשיכטס־פילאָסאָפיע פון דעם מ אַ ר ק ס י ז ם קאָן דאָס נ י ט טהאָן, כל זמן זי האַלט זיך פאַר איהר גרונט־כלל, אַז דער איינ־ציגער פאַקטאָר, וואָס באַשטימט די אַנטוויקלונג פון די געזעל־שאַפטליכע לעבענס־פאָרמען איז דער עקאָנאָמישער. צו דעם עקאָנאָמישען פאַקטאָר מוז צוגעגעבען ווערן דער אידעאַליסטי־שער, — דער עיקר, — דער מ אָ ר אַ ל י ש ע ר.

דער סאָציאַליזם מ ו ז פאַרווירקליכט ווערן, ווייל ער איז אַ געזעלשאַפטליכע אומפאַרמיידליכקייט. אומפאַרמיידליך אָבער איז ער ניט דערפאַר אַליין, וואָס נאָר ער קאָן פאַרענטפערן גע־וויסע ע ק אָ נ אָ מ י ש ע לעבענס־נויטען, וועלכע זיינען ארויס־געוואַקסען אַ דאַנק דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. זיין אומפאַרמיידליכקייט שטאַמט נאָך מעהר פון דעם פאַקט, וואָס אויך געוויסע מ אָ ר אַ ל י ש ע לעבענס־נויטען פון דער מענ־שהייט, וועלכע זיינען אַם שאַרפסטען ארויסגעטרעטען אין דער

קאפיטאַליסטישער צייט, קאָנען פאַרענטפערט ווערן נאָר אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפטס־פאָרם.

די מאָראַלישע וויסענשאַפט איז אַקוראַט אַזאַ פּינקטליכער און זיכערער צווייג פון דער מענשליכער דערקענטניס, ווי יעדער אַנדער צווייג איהרער: אויב ניט ווי די מאַטעמאַטיק, איז ווי די נאַטור־וויסענשאַפט. אויך זי, די מאָראַלישע דערקענטניס, ברענגט ארויס „אמת'ען", וואָס זיינען אַ חוב פאַר יעדען דענ־קענדען מענשען, אויב ער קאָן ארומנעהמען אין זיין געדאַנק אַלע יענע מאָמענטען, וואָס דיקטירען דעם אָדער יענעם מאָראַלישען אמת. דער חלוק צווישען זיי איז נאָר דער, וואָס דער מאָראַלישער „אמת" דערצעהלט אונז ניט נאָר וועגען דעם וואָס עס איז, נאָר אויך וועגען דעם וואָס עס זאָל זיין. ער פאָדערט פון אונז ניט נאָר עפּעס צו פאַרשטעהן, נאָר אויך עפּעס צו טהאָן. אין דעם ארויסברענגען פון אַ מאָראַלישען אמת דאַרף זיך דעריבער באַטייליגען ניט נאָר דעם מענשענס שכל, נאָר אויך דעם מענשענס געוויסען. און דער געוויסען איז אַקוראַט אַזאַ געוועהנליכע מענשליכע פעהיגקייט, ווי דער פאַרשטאַנד. אין דורכשניט איז ער גלייך ביי אַלע מענשען. אָבער עס זיינען דאָ גאונים פון געוויסען, ווי עס זיינען דאָ גאונים פון פאַרשטאַנד, פּונקט ווי עס זיינען דאָ אידיאָטען, וואָס קאָנען ניט דענקען, און געוויסענלאָזע, וואָס קאָנען זיך ניט דערהויבען צו אַ מאָראַלישער דערקענטניס.

דער פאַקט, וואָס עס זיינען דאָ אַזויפיעל פאַרשיידענע סו־ביעקטיווע מיינונגען וועגען די פאָדערונגען פון דער מאָראַל, איז קיין באַווייז ניט, אַז די מאָראַלישע אמת'ען זיינען נאָר סוביעק־טיווע מיינונגען, אָדער זיינען וועניגער אָביעקטיוו באַגרינדעט, איידער די ריין טעאָרעטישע אמת'ען. אויב מען זאָל מאַכען אַ סטאַטיסטיק, וואָס יעדער איינער פון די ניט געלערנטע ווייס אָדער איז זיך משער וועגען דעם אָדער יענעם נאַטור־געזעץ, וועלען מיר אויך אויף דעם פעלד פון דער טעאָרעטי־שער דערקענטניס געפינען ניט וועניגער סוביעקטיווע מיינונגען, איידער אין דער מאָראַל.

דעם ריינעם אָביעקטיווען אמת אויף ביידע פעלדער פון דער מענשליכער דערקענטניס ברענגען אַרויס די גאונים: די

גאונים פון דעם פארשטאנד און די גאונים פון דעם געוויסען. די אמת'ען, וואָס זיי געפינען ארויס, זיינען די אָביעקטיווע אמת'ען, וואָס דארפען אויסשטעהען א לאנגען קאמף, ביז די גרויסע מאסען פארשטעהען זיי און נעהמען זיי אויף. און ניט אין אלע שיכטען פון די מאסען קאָנען די נייע אמת'ען אריינ־דרינגען מיט דערזעלביגער לייכטקייט. פארשיידענע שיכטען האָבען צו פארשיידענע צייטען א פארשיידענע ווידערשטאנדס־קראפט אנטגעגען די נייע אמת'ען.

די מאָראלישע אמת'ען פון דעם סאָציאליזם זיינען אויסגע־פונען געוואָרען פון די גאונים, פון די סאָציאליסטישע טעאָרע־טיקער: פון אַן אָוועז, א סען־סימאָן, א פוריע, א מארקס, א לאווראָוו. זיי האָבען אנדעקט דעם סאָציאליסטישען אמת, וויל זיי זיינען געווען ניט נאָר גאונים פון פארשטאנד, נאָר אויך גאונים פון געוויסען.

זייערע אמת'ען דרינגען איצטער אריין אין די מאסען און געפינען אין די פארשיידענע שיכטען, אָדער קלאסען א פארשיי־דענעם ווידערשטאנד.

עס איז גאנץ אויסגעשלאָסען, אז דער קאפיטאליסטישער קלאס, ווי א קלאס, זאל קאָנען פארשטעהן די מאָראלישע אמת'ען פון דעם סאָציאליזם. דער קאפיטאליזם פארקריפעלט דעם מענשליכען געוויסען, און עס איז פונקט אזוי נאאיוו צו האָפען, אז א פארקריפעלטער געוויסען וועט אויפנעהמען די סאָציאליסטישע מאָראל, ווי עס איז נאאיוו צו דערווארטען, אז א פארקריפעלטער פערשטאנד וועט איינזעהען דעם אמת פון דער קאָפערניקאנישער טעאָריע.

זעהר ווייניג האָפנונגען קאָן אויך געלעגט ווערן אין דעם פרט אויף די פויערים און די קליין־בירגער: אויך ביי זיי פאר־שטויבט דער מקח־וממכר די ריינקייט און קלאָרקייט פון דעם מאָראלישען יושר.

די איינציגע שיכטען, וואָס קאָנען איצטער אויפנעהמען דעם סאָציאליסטישען מאָראלישען אמת, זיינען ערשטענס די דעק־לאסירטע אינטעליגענץ, ד. ה. יענע אינדיווידוען, ביי וועמען דער יושר־געפיהל איז אזוי שטארק — דערהויפט

אין די יונגע יאָהרען — אַז דער קאַפּיטאַליזם האָט איהם ניט געקאָנט פאַרהויקערן. דאָס איז אָבער אַ קלייניגקער, ווען אפילו זעהר אַ וויכטיגער מעוט.

דער וויכטיגסטער פאַקט פאַר דעם סאָציאַליזם באַשטעהט אין דעם, וואָס עס איז דאָ אַ גאַנצער קלאַס, ביי וועמען דער קאַפּיטאַליזם האָט ניט געקאָנט פאַרטונקלען דעם יושר־גע־פיהל: דאָס איז דער קלאַס פון דעם שטאָטישען פּראָלעטאַ־ריאַט, וואָס ליידט אַזוי שטאַרק פון דעם קאַפּיטאַליזם.

דער מאַרקסיזם איז דעריבער אַבסאָליוט גערעכט, ווען ער בויט זיין וויסענשאַפטליכע אויסרעכענונג אויף דעם שטאָטישען פּראָלעטאַריאַט: נאָר די לוין־אַרבייטער קאָנען ווי אַ גאַנצער קלאַס, אויפנעהמען די פאָדערונגען פון דעם סאָציאַליסטישען יושר, ד. ה., פון יענעם מאָראַלישען אָביעקטיוון אמת, וועלכען די גאונים פון דעם מענשליכען געוויסען האָבען אויסגעפונען, און נאָר דער פּראָלעטאַריאַט איז יענער קלאַס, וועמעס יושר־געפיהל עס קאָן דערהיצט ווערן צו אַ רעוואָלוציאָנערען פייער וואָס זאָל אין אַ רעוואָליוציאָנערן קאַמף פאַרווירקליכען — מיט אומגעהויערע קרבנות — דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל.

אויף אַזוי פיעל, האָט ראַפּאָפּאָרט גע׳טענה׳ט, איז דער מאַרק־סיזם גערעכט. דער גרונט־פעהלער אין דעם מאַרקסיזם, איז זיין טעאָרעטישער טעות, וואָס באַטראַכט די מאָראַל ניט מעהר ווי אַ שאָטען, וועלכער געהט נאָך נאָך דער עקאָנאָמישער אַנטוויק־לונג. דער מאַרקסיזם קומט דעריבער צו אַ פאַלשער אָפּשעצונג פון יענער ראָליע, וועלכע דער מאָראַלישער געוויסען און די מאָ־ראַלישע דערקענטנים שפּיעלען אין דער מענשליכער געשיכטע. און אָט דער גרונט־טעות איז אויך שעדליך אין דער סאָציאַליס־טישער פּראַקטיקע.

דער גלויבען, אַז דער סאָציאַליזם מוז אַרויסוואַקסען פון דעם שפּיעל פון די עקאָנאָמישע קרעפטען אַליין, פאַרשאַרפט ניט דעם יושר־געפיהל, נאָר טעמפּט איהם אָפּ. „דער מאַרקסיזם", האָט אַמאָל ראַפּאָפּאָרט געזאָגט אין אַ געשפּרעך מיט ראָזענבאַומען, „איז אַ ווייכע פּערענע, אויף וועלכען דער רעוואָליוציאָנערער געוויסען ווערט געשמאַק איינגעשלאָפען".

די אויפגאַבע איז דעריבער אַזאַ: בלייבענדיג אויף דעם

באַדען פון דעם ריין־פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף, ניט לאָזען איינשלאָפען דעם רעוואָלוציאָנערן יושר געפיהל, נאָר שטענדיג אויפהיצען איהם, ווייל נאָר אין דעם ברען פון זיין רעוואָליוציאָנערן געוויסען וועט דער פּראָלעטאַריאַט פאַר־ווירקליכען דעם סאָציאַליזם.

אַט די סקיצע פון ח. ראַפּאָפּאָרט'ס טעאָרעטישע אנשוי־אונגען פון יענער צייט, וואָס איך וואָלט זיי כאַראַקטיזירט ווי א מין לאַווריסטישען מארקסיזם, האָב איך דאָ צענויפגעשטעלט אויף דעם סמך פון מיינע ערינערונגען וועגען אונזערע פּערזענליכע דיסקוסיעס. עס איז באמת א שאָד, וואָס ער האָט זיינע מיינונגען דעמאָלט ניט אויסגעארבייט סיסטעמאַ־טיש אין א טעאָרעטישער אונטערזוכונג. אַלץ וואָס ער האָט פארעפענטליך וועגען דעם איז — א קליין ביכעל אין דייטש: „די עטיק און די סאָציאַלע פראַגע", וואָס האָט זיך מעהר אָפּגע־געבען מיט דער געשיכטע פון דעם פּראָבלעם, איידער מיט זיין טעאָרעטישער באַגרינדונג.

איך ווייס ניט, צו דער איצטיגער דר. שאַרל ראַפּאָפּאָרט, האַלט זיך נאָך פאַר יענע טעאָרעטישע גרונטלאַגען, וועלכע ער פלעגט פאַרטיידיגען אין אונזערע פּערזענליכע וויכוחים. אָבער יעדער לעזער מוז צוגעבען, אַז זיי זיינען גאָר ניט קיין שלעכטער טעאָרעטישער סאָוס פאַר א באָל'שעוויסטיש־קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און איך מוז דאָ קאָנסטאַטירען, אַז עס איז מיר ניט באַקאַנט קיין איין פאַל אין דר. ראַפּאָפּאָרט'ס רעוואָליוציאָנערער קאַריערע, וואו ער זאָל האָבען געווען אומטריי צו די אויבען כאַראַקטעריזירטע גרונט־פּרינציפּען. ניט ווען ער האָט — אין איינעם מיט מיר — געגרינדעט דעם רוסישען סאָציאַל־רעוואָליו־ציאָנערען סאָיוז, ניט ווען ער האָט שפּעטער העפטיג באַקעמפט די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען אין דער „איסקרא"; ניט ווען ער איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט זשאָרעס'ן פאַר זיין עטישען שטאַנדפּונקט אין דעם סאָציאַליזם, ניט ווען ער האָט ביטער פּאָלעמיזירט אַנטגעגען איהם פאַר זיין אָפּאָרטוניס־טישער טאַקטיק אין דער מילעראַן־אַפערע („איהר האָט געקאָנט" האָט איהם ראַפּאָפּאָרט א מאָל צוגעשריען, „שפּיעלען די ראָליע פון א סאָציאַליסטישען ליִיב, איצטער אָבער שפּיעלט איהר די

ראָליע פון א סאָציאַליסטישען פוקס"). ראַפּאָפּאָרט האָט ניט געדארפט פארלייקענען זיינע גרונט־פּרינציפּען ניט דעמאָלט, ווען ער האָט באקעמפט דעם באָל'שעוויזם, ווי א „בלאנקיזם מיט א טאַטערשען סאָוס", ניט איצטער ווען ער פארטיידיגט אזוי היים די פּאָזיציע פון דעם דריטען אינטערנאציאָנאל.

אונזער פערזענליכע באקאנטשאפט האט זיך באלד אויסגעטיעפט צו אן אינטימער ערנסטער פריינדשאפט. צו ראַפּאָפּאָרט'ן האט מיך געצויגען ניט נאָר זיין ריינער ערנסטער רעוואָליוציאָנאריזם, זיין כמעט באקונינשע רעוואָליוציאָנערע ליידענשאפט, נאָר אויך זיין העלער פרייער טעאָרעטישער קאָפּ.

נאָר מיט איהם האָב איך געקאָנט רעדען פריי, ווייל נאָר ביי איהם האָב איך געפונען יענעם גייסטיגען קוראזש, וואָס קאָן ניט איינגעצאמט ווערן אין פארגליווערטע דאָגמען; וואָס האָט ליעב פון צייט צו צייט א שאָקעל צו טהאָן די זיילען פון דעם אייגענעם בנין, כדי צו זעהן, צי זיי שטעהען נאָך פעסט; וואָס קאָן פאנאנדערדרייסען צענויפגעוואקסענע אידעען־פארבינדונגען און פארבייטען זיי אויף נייע. ער האָט באלאנגט צו יענע דענקער־טיפּען, וועלכע איך שעץ אָם העכסטען אין דער געשיכטע פון דעם אינטעלעקטועלען פּראָגרעס, וואָס זיינען ניט קיין „פריי־דענקער", נאָר „פרייע דענקער".

עס איז מיר געווען אינטערעסאנט צו זעהן, ווי אזוי ער נעהמט אָן אין דער פילאָסאָפיע א מעכאניש מאטעריאליסטישע וועלט־אנשויאונג און אין דערזעלביגער צייט פארטיידיגט ער די לעהרע פון דעם פרייען ווילען, ניט ווי אַן אומפארמיידליכען דמיון אין אונז, ווי דאָס לערנט צ. ב. לאַווראָוו, נאָר ווי א פאקטישע וועלט־רעאליטעט, און ווי אזוי ער האָט קיין מורא ניט צו פארבינדען די דאָזיגע צוויי היפכים אין איין־איינציגען וועלט־בילד.

צו א פולען אויסגלייך פון אונזערע טעאָרעטישע אנשויאונגען זיינען מיר קיינמאָל ניט געקומען. ראַפּאָפּאָרט האָט מיך ניט געקאָנט אראָפּשלאָגען פון מיין דערקענטניס־טעאָרעטישער פּאָזיציע, וואָס שליעסט אויס יעדע מעגליכקייט צו בויען מעהר אָדער ווייניגער זיכערע געשיכטס־פילאָסאָפישע נביאות. נאָך שארפער זיינען מיר זיך פאנאנדער געגאנגען אין דער נאציאָנאלער

פראגע בכלל, און אין דער אידישער פראגע בפרט. ראפאפארט איז געווען און איז געבליבען א קאנסעקווענטער קאסמאפאליט. שטארקע וויכוחים פלעגען מיר פיהרען וועגען די יסודות פון דעם אגראר־סאציאליזם און דער ראליע פון דעם פויערטום אין א סאציאליסטישער רעוואליוציע. עס פארשטעהט זיך, אז די פאר־אייניגונג פון אידישען נאציאנאליזם און אגראר־סאציאליזם, וועל־כע איך האב דעמאלט געפרעדיגט דער אידישער שטודירענדער יוגענט, האט ניט געקאנט ארויס רופען ביי איהם קיין באזונדערס סימפאטישע התלהבות. נאך אין דעם זומער פון 1892, ווען עס איז ארויס פון דרוק מיין „יעווריי ק׳יעווראיאם", וואו איך האב געפרעדיגט די נאציאנאלע ווידערבאלעבונג פון דעם אידישען פאלק אויף די יסודות פון ערד־ארבייט, פלעגט ער מיר מאכען אפטע פארוואורפען, נאכסאל איך „באגראב מיין טא־לאנט אין דער ערד"...

און פון דעסטוועגען האבען זיך אנטפלעקט פאר אונז דריי וויכטיגע פאקטען, וואס האבען אונז צענויפגעבונדען אין איינעם.

ערשטענס איז דאס געווען דער גלויבען אין דער היסטא־רישער קראפט פון דעם סאציאל־רעוואליוציאנערן אידעאל און אין דער נויטווענדיגקייט צו באטאנען די אידעאליסטיש־עטישע זייט אין דער סאציאליסטי־שער באוועגונג.

צווייטענס איז דאס געווען די טיפסטע איבערצייגונג, אז דער שטאטישער פראלעטאריאט מוז שפיעלען די וויכטיגסטע ראליע אין דעם סאציאליסטישען איבערקעהר; אז דער סאציאל־רעוואליוציאנערער קאמף מוז טראגען א ריינעם און קלארן כא־ראקטער פון א קלאסען־קאמף פון דער ארבייטערשאפט אנטגעגען דער עקספלואטירענדער בורזשואזיע און אז אט דער קלאסען־קאמף מוז זיך אפשפיעלען גלייכצייטיג און גלייכמאסיג סאי אויף דעם עקאנאמישען פעלד, סאי אויף דעם פאליטישען.

אין אט דעם פונקט איז צווישען אונז אין דער ערשטער צייט נאך געווען א חלוקי־דיעות. פאר ראפאפארט׳ען איז די צעשיידונגס־ליניע פון די קלאסען געגאנגען אין דער געוועהנליכער מארקסיסטישער ריכטונג: לוין ארבייטער פון איין זייט, בורזשואזי פון דער אנדערער. פאר מיר איז געלעגען די צעשיי־

דונגס־ליניע אין יענער איינטיילונג, וועלכען מארקס האָט אנגע־ווענדט פאר דער באטראכטונג פון דער געשיכטע פון דער מענשליכער ארבייט: אייגענע ארבייט פון איין זייט, די עקספּלאָטאציע פון דעם אנדערן'ס ארבייט אויף דער אנדערער.

פאר ראפּאָפּאָרט'ן, ווי פאר אלע מארקסיסטען, איז דער ארבייטער־קלאס באשטאנען נאָר פון לוין־ארבייטער. לויט מיין שטאנדפּונקט האָט ער איינגעשלאָסען אין זיך, א חוץ די לוין־ארבייטער, אויך יענע זעלבסטשטענדיגע באלמעלאָכעס און פּויערים, וואָס לעבען פון זייער אייגענער ארבייט, ניט עקס־פּלאָאטירענדיג קיינעם ניט. דער פּראָלעטאריאט אָבער איז דער אוואנגארד פון דער גאנצער ארבייטערשאפט.

א דריטער פּונקט, אויף וועלכען מיר האָבען זיך באלד גע־איינינגט איז געווען די נויטווענדיגקייט פון דעם טעראָריס־טישען קאמף אין רוסלאנד צוליעב די ציעלען פון פּאָלי־טישער פרייהייט. ראפּאָפּאָרט האָט לאנג און ערנסט דעבאַ־טירט דעם דאָזיגען פּונקט און שפּעציעל זיין שיכות צו דעם קלאַ־סען־קאמף פון דעם פּראָלעטאריאט. סוף־כל־סוף האָט ער צוגע־שטימט צו איהם, איינזעהענדיג, ווי ער האָט זיך אי' זגעדריקט, אז „קיסרים'שע קעפּ פאלען ניט, ווי קעפּלעך קרויט". מען דארף נאָר זעהן, אז אזא וויכטיגע און קראפטפולע היסטאָרישע טהאט, ווי דער טעראָריסטישער קאמף, זאָל געפיהרט ווערן פון א סאָציאליסטישער ארבייטער פּארטיי, ווי א מאָמענט אין דעם סאָציאליסטישען קלאסען־קאמף, אונטער דעם שארפסטען קאָנ־טראָל פון דער סאָציאליסטישער ארבייטער־פּארטיי.

אויף אזא'ן אופן האָט זיך אויסגעבילדעט פאר אונז א באָדען פאר געמיינשאפטליכע ארבייט, — א באָדען, וואָס האָט אין דער־זעלביגער צייט אונז שארף אָפּגעשיידט פון די צוויי הערשענדע ריכטונגען, — סיי פון דער נאראָדאָוואָלישער, סיי פון דער סאָציאל־דעמאָקראטישער.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דאָס יאָהר 1891 מיט דער שרעקליכער הונגערס־נויט, וואָס האָט ארומגעכאפּט כמעט גאנץ רוסלאנד. דער הונגער האָט אויפגעטרייסעלט די געזעלשאפטליכע פאר'חלש'טקייט, וואָס איז אריינגעטראָטען מיט דעם אויפהערן פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאמף. די ליבעראלע עלעמענטען,

וואָס האָבען זיך גרופּירט — דער עיקר — אַרום די זעמסטוואָ'ס און די שטאָט פאַרוואַלטונגען, האָבען גענומען זיך מאָבּאַליזירען צוליעב דער אָרגאַניזאַציע פון געזעלשאַפטליכע הילף פאַר דער הונגערנדער באַפעלקערונג. אָבער גראָד אויף דעם — אין זיך גופא — ווייניג פּאָליטישען-פּעלד האָבען זיך באַלד גענומען בא ווייזען ערנסטע רייבונגען צווישען דער ביוראָקראַטישע רעגיערונג און די ערוואַכטע געזעלשאַפטליכע כוחות פון דעם לאַנד.

די ביוראָקראַטישע אַדמיניסטראַציע האָט מורא געהאַט צו־צולאָזען די אָפּאָזיציאָנעלע קרעפטען נאָהענט צום פאָלק און נאָך אין אַזאַ'ן אַרבייט, וואָס וועט מוזען פאַרשטאַרקען זייער פּאָזיציע אין פאָלק און געבען זיי אין די הענט אַזאַ אויסגעצייי־כענטען מאַטעריאַל פאַר אַ פרייהייטליכער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע: זי האָט, גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דער אמת'ער שולדיגער אין דער הונגער־נויט ווי אין דעם געזונקענעם, עקאָנאָמישען מצב פון דער פויערימשאַפט בכלל, איז ניט קיין אַנדערער, ווי נאָר זי אַליין מיט איהר פאַרברעכערישער אינוועניגסטער פּאָליטיק; איז דען ניט דער הויפּט־ציעל פון איהר פּאָליטיק געווען צו האַלטען די פויערים פאַרשקלאַפט און פאַרדומט, כדי צו פאַרזיכערן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אויבערהאַרשאַפט פון דעם פּריצישען קלאַס און כדי צו פאַרזאָרגען איהם מיט וואָלוועלע אַרבייטס־הענט?

די ליבעראַלע כוחות פון דער אַנדער זייט וואָלטען אפשר גאָר ניט געטראַכט צו פאַרוואַנדלען די הילפס־אַרבייט אין אַ פּאָ־ליטישער פראַגע און וואָלטען אפשר געווען וויליג איבערצולאָזען די גאַנצע אַרבייט אין די הענט פון דער אַדמיניסטראַציע, ווען זיי וואָלטען ניט געוואוסט, אַז די מאָראַלישע צעפּוילטקייט און אומפעהיגקייט פון דער ביוראָקראַטיע מוז אויך די הילפס־אַקציאָן פאַרוואַנדלען אין אַ נייעם קוואַל פון קאַריעריזם און גניבה פאַר די „טשינאָווניקעס", וואָס וועלען ניט זיין אים שטאַנד צו ברענגען דעם פאָלק אפילו אַ מאָמענטאַנע דערלייכטערונג.

דער קאַמף פאַר מעגען עקאָנאָמיש העלפען דעם פאָלק מיט די אייגענע כוחות פון דער געזעלשאַפט אונטער דער קאָנטראָל פון דער געזעלשאַפט האָט ווידער שאַרף אוועקגעשטעלט אויף דעם סדר היום די פראַגע וועגען דער אומענדערונג פון דעם גאַנצען

צארישען רעזשים, און ריין רעוואָליוציאָנערע שטרעמונגען האָבען גענומען ווידער ערוואַכען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

אין אויסלאַנד האָבען די באַריכטען וועגען דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער היים, געמאַכט אַ שטאַרקען רושם אויף די רעוואָליוציאָנערע קאָלאָניעס. איןביידע לאַגערען האָט ניט איינער זיך געמוזט שטעלען די שאלה: „וואָס פאַר אַ שיכות האָבען אונזערע טעאָרעטישע און טאַקטישע סכסוכים און וויכוחים צו דער מאוים׳דיגער טראַגעדיע, וואָס שפּיעלט זיך אָפּ אין דער היים? וואָס האָבען מיר צו טאָן אין אָט דעם געגעבענעם מאָמענט?“

ראַפּאָפּאָרט איז געווען איינער פון די ווייניגע, — אויב ניט דער איינציגער, — וואָס האָט מיט זיין גאַנצען רעוואָליוציאָנערן וועזען דערפיהלט, אַז ניט איצטער איז די צייט פאַר פּאַרטיי־רייסערייען, ווייל פאַר אַלע רוסישע סאָציאַליסטען און רעוואָליוציאָנערן איז אויסגעוואַקסען איין־איינציגע אויפגאַבע: אויפצוקלערן די געזעלשאַפט און דאָס פאָלק וועגען די אמת׳ע, סאָציאַלע און פּאָליטישע אורזאַכען פון דער הונגערס־נויט און וועגען דער ראָליע פון דעם הערשענדען צאַריסטישען רעזשים אין זיי.

ער האָט דעריבער גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו באַשאַפען אַ מין ליגע, אין וועלכער עס זאָלען קאָנען נעהמען אָן אָנטייל רעוואָליוציאָנערען פון אַלע ריכטונגען. די ליגע האָט זיך גערופען: „געזעלשאַפט פאַר אַ קאַמף אַנטקעגען הונגער“ („אָבשטשעסטוואָ באָר׳בי ס׳גאָלאָדאָם“).

קענענדיג גוט די פּסיכאָלאָגיע פון די רעוואָליוציאָנערע עמיגראַנטען, האָט זיך מיר ניט געגלויבט, אַז אַ פאַראייניגונג פון אַזעלכע העטעראָגענע עלעמענטען זאָל קאָנען פיהרען צו עפּעס ערנסטעס און דויערהאַפטעס. אין אַ בריעף פון בערן האָב איך אַרויסגעזאָגט ראַפּאָפּאָרט׳ען מיינע ספקות וועגען דעם ענין און האָב ציטירט אַ פערז פון אַן אַלטען רוסישען ליעד: „וו׳אָדנו וואָזניצו ווּפּריאַטש ניע מאָזשנאָ וואָלאַ אי טרעפּעטנויאו לאַן“ („אין איין פוהר קאָן מען ניט איינשפּאַנען אַן אָקס מיט אַ ציטערינער הינד“). ראַפּאָפּאָרט האָט געענטפערט דערויף אויף זיין ליעבען וויציגען שטייגער, האָט אויסגע׳חוזק׳ט די „ציטעריגע הינד“ (ווייל דער „אָקס“ איז דאָך גאַנץ זיכער די סאָציאַל־דע־

מאָקראַטיע...), און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אויך איך האָב מיך אָנגעשלאָסען אָן דער דאָזיגער געזעלשאַפט.

אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז מיינע ספקות זיינען געווען באַרעכטיגט. די „גדולים" פון ביידע לאַגערן, האָבען נאָר געגעבען אַ „פּריוואַטע הסכמה" צו דער געזעלשאַפט. אָפיציעל אָנשליסען זיך אָן איהר האָבען זיי ניט געוואָלט. זיי האָבען נאָר צוגעזאָגט זייער מיט־אַרבייט.

די „געזעלשאַפט" האָט באַלד באַשטעלט ביי רוסאַנאָוו'ן פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און ביי פּליעכאַנאָוו'ן פון דער „סאָציאַל דעמאָקראַטיע", צוויי אַרבייטען פאַר דער אינטעליגענץ, און האָט פאַרעפענטליכט די דאָזיגע אַרבייטען.

רוסאַנאָוו'ס און פּליעכאַנאָוו'ס אָפּהאַנדלונגען וועגען דער הונגער נויט אין רוסלאַנד האָבען קיינעם פון אונז ניט באַפרידיגט. די ערשטע האָט זעהר טאַלאַנטפול געקריטיקירט די רוסישע רעגיערונג, איהר גאַנצע פּאָליטיק און שפּעציעל איהרע שריט אין דעם קאַמף אַנטקעגען דעם הונגער, אָבער אין דעם גאַנצען טאָן פון דער בראָשיור האָט זיך געמערקט אַ געפיהל פון אומזיכערקייט, פון ניט קאָנען זאָגען באַשטימט און קלאָר, וואָס עס דאַרף איצטער געטאָן ווערן, כדי צו מאַכען אַן ענד צו דער צאַרישער ווילד־ווירטשאַפט. עס קאָן זיין, אַז אַט די אומבאַשטימטקייט פון זיין פּאָליטישען אויספיהר האָט געשטאַמט דערפון, וואָס דער מחבר האָט געהאַט אין זין, אַז ער שרייבט פאַר אַן אומפּאַרטייאישער אָרגאַניזאַציע.

פיעל באַשטימטער און קלאָרער האָט גערעדט פּליעכאַנאָוו. אָבער אויך ער האָט ניט אַלץ דעררעדט ביז צום סוף, אפשר מחמת דעמזעלביגען טעם. אין קלאָרע שטריכען וויזט פּליעכאַנאָוו אויף, ווי אַזוי דער גאַנצער בנין פון דעם צאַריזם איז געווען אויפגעבויט „אויף דעם חוט השדרה פון דעם פּויער"; ווי אַזוי זיינע לאַסטען האָבען געמוזט וואַקסען פון יאָהר צו יאָהר, בעת די דאָרף האָט געמוזט ווערן אַלץ אָרעמער און אָרעמער. אַזאַ פּאָליטיק מוז פיהרען צו אַ מאָמענט, ווען דער חוט השדרה פון דעם פּויער קאָן מעהר ניט אויסהאַלטען די לאַסט און ווערט איבערגעבראָכען. דער הונגער איז דער באַוויז, אַז אָט דער מאָמענט איז שוין געקומען: די חוט השדרה פון דעם פּויער האָט זיך

איבערגעבראָכען. די ארבייט ענדיגט זיך מיט דער ניט גאָר קלאָרער אויסזיכט, אז די רעגיערונג וועט זיך דארפען ווענדען צו די אנדערע קלאסען פון דער געזעלשאפט און יענע וועלען מיט איהר רעדען גאנץ אנדערע דיבורים. דער עיקר וועלען זיין קלאָר און שארף די רעיד פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט געבאָרען אין דעם עקאָנאָמישען חורבן פון דער דאָרף.

באזונדערס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אָט די איינזייטיגע שטעלונג פליעכאנאָוו'ס צו דער דאָרף. ביי דער פויערימשאפט, וואָס איז די גרעסטע מאַיאָריטעט פון דעם רוסישען פאָלק, איז איבערגעבראָכען געוואָרען דער חוט השדרה. נו — וואָס זאָל זיין מיט איהר? אָפּשינדען די פעל און ארויסוואַרפען דעם פגר פאר די הינט? — מיט קיין וואָרט באַריהרט ניט פליעכאנאָוו די פראגע, ווי עס דארף פארענטפערט ווערן דער אגראַרפּראבלעם אין רוסלאנד.

מיר האָבען באלד איינגעזעהען, אז די צוויי אַלטע פארטייען קאָנען ניט צענויפגעשפּאַנט ווערן אין איינעם און אז פון זיי האָט מען בכלל ניט פיעל צו ערוואַרטען פאר א פארניפטיגען ווייטער פיהרען פון דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף. ראפּאָפּאָרט'ס פאָרשלאג, מיר זאָלען גרינדען א נייע רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע, וואָס זאָל זיין פריי פון די פריהערדיגע איינזייטיגקייטען און זאָל בעסער פארענטפערן די לעבענס-נויטען פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, איז דעריבער געוועזען גערעכטפערטיגט, און איך האָב גלייך צוגעשטימט דערצו.

אָבער ניט אזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. אויסארבייטען די יסודות פון דעם נייען פּראָגראם און קומען צו א פולער פארשטענדיגונג אין אלע וויכטיגסטע פונקטען איז געוועזען ניט אזוי גרינג. סוף־כל־סוף האָבען מיר זיך געאייניגט אויף די פאָלגענדע גרונט־פּרינציפּען:

א) די נייע אָרגאניזאציע זאָל ניט האָבען קיין אָפיציעל אָנדערקענטע פילאָסאָפישע און געשיכטס־פילאָסאָפישע באגרינדונג פון איהר פּראָגראם, פונקט ווי דאָס האָט ניט קיין איין פּאָליטישע פארטיי אין אויסלאנד, — א חוץ דער קלעריקאל־קאַטוילישער און דער מארקסיסטישער. דער פּראָגראם זאָל אנטהאַלטען אין זיך די ציעלען און די מיטלען פון אונזער טעטיגקייט און

די דערקלערונג פון יענע רעאלע לעבענס-נויטען און אומ־שטענדען, וואס גערעכטפארטיגען די ציעלען און די מיטלען.

ב) דער סאציאליזם איז אונזער עקאנאמישער ענד־ציעל און דער רעוואליוציאנערער קלאסען־קאמף דער איינ־ציגער וועג פאר זיין רעאליזירונג. די באטאנונג פון דעם נאמען „רעוואליוציאנערען" האט אויך געדארפט באדייטען, אז מיר זעהען ניט איין די נויטווענדיגקייט צו ווארטען מיט דער סאציאליסטי־שער רעוואליוציע, ביז דער „סטיכישער פראצעס" וועט אויס־קאכען רוסלאנד אין דעם קאפיטאליסטישען קעסעל.

ג) מיר באטראכטען די פאליטישע פרייהייט, ווי א גלייכ־בארעכטיגטען ענדציעל און זעהען איין די נויטווענדיגקייט פון דעם טעראריסטישען קאמף, ווי איינעם פון די מיטלען אין דעם פאליטישען קאמף אין רוסלאנד.

ד) די רוסישע באוועגונג דארף זיין א טייל פון דער אינ־טערנאציאנאלער באוועגונג און זיך אנשליעסען אן דעם אינטער־נאציאנאל.

ה) מען מוז צופאסען די סאציאליסטישע באוועגונג צו די ספעציפישע סאציאלע און פאליטישע אומשטענדען אין רוסלאנד; דערהויפט איז נוטיג אויסצוארבייטען א סאציאליסטישען אגראר־פראגראם. אט דער פונקט האט ארויסגערופען א סך אונטער־רעדונגען צווישען אונז, דער עיקר זיינען מיר זיך פאנאנדערגע־גאנגען אין אונזער שטעלונג צו דער רוסישער „אבשצינא", אויף וועלכער ראפאפארט האט געקוקט מיט א סך מעהר „פליעכא־נאוו'שע" בליקען איידער איך. איך האב אבער גערעכענט, אז איך קאן איינגעהן אויף דעם קאמפראמיס, די פויערים־פראגע און דער אגראר־סאציאליזם זאלען אויף א וויילע פארבלייבען א דיסקוסיאנס־פונקט אין דער ארגאניזאציע גופא. איך בין געווען זיכער, אז ראפאפארט וועט זיך, לויט דער גאנצער ריכטונג פון זיין געדאנקען־גאנג, אפזאגען פון דעם ריינעם פראלעטאריזם.

ניט אזוי האט אבער דערויף געקוקט מיין פרוי, וויערא סעווערינאנאוונא זשיטלאווסקאיא, וואס איהר אריינטריט אין דער ארגאניזאציע איז פאר אונז געווען פון דעם גרעסטען באדייט. ווען מיר האבען איהר פארגעלעגט אונזער פראגראם, האט זי זיך קאטעגאריש אפגעזאגט אריינצוטרעטען אין א וועלכער עס איז

רעוואָליוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט זיך ניט שטעלען צום ציעל, צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון דער זעלבסט־אַרבייטענדער פויערימשאַפט, אַרויסצושטעלען אַ קלאָר פאַרמולירטען אַגראַר־סאָציאַליסטישען פּרינציפּ, צו געווינען די פויערימשאַפט פאַר יענעם פּרינציפּ און אַריינצוציעהען זי אין דעם סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערען קאַמף.

אַזאַ קאַטעגאָרישע דערקלערונג האָט געפיהרט צו ווייטערדיגע אונטעררעדונגען וועגען דעם ענין. סוף־כל־סוף האָבען מיר צוגעשטימט צו דעם אולטימאַטום פון פרוי זשיטלאָווסקאַיאַ. עס איז אָנגענומען געוואָרען, אַז די אָרגאַניזאַציע שטעלט אַרויס די פאָדערונג פון נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ז י ר ע ן דעם גרונט־און באָדען; אַז עס דאַרף געפיהט ווערן אַן אינטענסיווע סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערע טעטיגקייט אין די דערפער; אַז דאָרטען דאַרף אויך אָרגאַניזירט ווערן דער קלאַסען־קאַמף פון די זעלבסט־אַרבייטענדע פויערים אַנטקעגען די פּריצים און די רייכע „קולאַקעס“, וואָס עקספּלאָאַטירען זיי; אַז די שטאָטישע אַרבייטערשאַפט דאַרף פאַראינטערעסירט ווערן אין די פּראָבלעמען פון דעם אַגראַר־סאָציאַליזם, כדי יענער טייל איהרער, וואָס קעהרט זיך אום צוריק אין דאָרף, זאָל קאָנען ווערן דער טרעגער און פאַרשפּרייטער פון אונזערע סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערע פאָדערונגען צווישען די פויערים, און אַז עס מוז אונטער אַלע אומשטענדען באַטאָנט ווערן די קלאַסען־סאָלידאַריטעט פון דעם שטאָטישען פּראָלעטאַריאַט און דער אַרבייטאָרישער פויערימשאַפט.

בנוגע דער „אָבשצינאַ“ אָבער ווערט דערקלערט, אַז וואָס עס זאָל ניט זיין איהר איצטיגער מעמד און איהר צוקונפט, מוז מען צוגעבען, אַז דער לאַנג־יעהריגער לעבען אונטער אַ קאָלעקטיוויסטישער אייגענטומס־פאָרם האָט געמוזט איבערלאָזען געוויסע שפורן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם פויער, וואָס מאַכען איהם אַ סך גענייגטער אָנצונעהמען אַ סאָציאַליסטישען פּראָגראַם, איידער דאָס איז דער פאַל מיט דעם מעריב־אייראָפּעאישען פויערטום, און אַז די רוסישע סאָציאַליסטען דאַרפען זיך רעכענען מיט אָט דעם פאַקט.

עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע זאָל זיין „פערבאַנד פון ר ו ס י ש ע סאָציאַליסטען־

רעוואָליוציאָנערן". („סאָיוז ר ו ס ק י ך סאָציאַליסטאָוו־רעוואָליר־ציאָנעראָוו"), כדי אויך אין נאָמען אָנצודייטען, אז מיר רעכענען זיך מיט די ספּעציפישע אומשטענדען אין רוסלאַנד.

אונזערע ערשטע שריט דאַרפען אָבער ניט באַשטעהן אין שריפטליכע דיסקוסיעס און פּראָגראַם־דערקלערונגען פאַר דער אינטעליגענץ. דערצו וועט אויף דער ערשטער צייט זיין גענוג אונזער מינדליכע פּראָפּאַגאַנדע אין אויסלאַנד. די הויפּט אויפ־גאַבע פון דעם סאָיוז דאַרף זיין — באַשאַפען אַן אַגיטאַציאָנס־ליטעראַטור פאַר די מאַסען. די שריפטליכע פאַרטיידיגונג פון אונזער פּראָגראַם פאַר דער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ זאָל אָפּגעלעגט ווערן אויף שפּעטער.

אַן ערך אין אָט דער צייט איז פון רוסלאַנד געקומען ראַפּאָ־פּאָרט'ס אַ פריינד און אַ חבר, מענדעל ראָזענבאַום, וואָס האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסען אָן אונזער פאַרבאַנד.

דער כאַראַקטער פון מיין פאָרוואָרט צו זיינע מעמואַרען פאַרווערט מיר צו שרייבען לענגער וועגען ראָזענבאַום'ען ווי אַ פּערזענליכקייט און אַ רעוואָליוציאָנער, אפילו ווען איך וואָלט מיך געוואָלט האַלטען אין די ענגע גרעניצען פון „מקצת שבחיו בפניו".

זעלטען־ווען אין איין פּערזאָן גיעסען זיך צענויף אַזעלכע גלעצענדע מעלות פון קאָפּ און האַרץ. אַ שטרענג לאָגישער קאָפּ, אַ קרעפטיגע העלע דענקקראַפט, וואָס קאָן זיך אויפהויבען צו די העכסטע הויכען פון דער פילאָסאָפישער אַבסטראַקציע און זיך פאַרטיעפען אין די טיעפסטע אָפּגרונטען פון אַן אַלגעמיין־וויסענ־שאַפטליכען פּראָבלעם; אַ קוראַזשירטער גייסט, וואָס שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר קיינע צאַמען און קאָנסעקווענצען, — דאָס אַלץ געפּאָרט מיט אַ שטאַרקער ליעבע צו אַלע ליידענדע און פאַר־פאָלגטע, מיט אַ שאַרף אויסגעשפּראָכענעם פליכט־געפיהל און אַן אַלץ אין קאָן שטעלענדער רעוואָליוציאָנערער ליידענשאַפט. ניט אומזיסט האָט ראַפּאָפּאָרט, דער מייסטער פון דער קורצער שאַרפ־זיניגער כאַראַקטעריסטיק, געזאָגט אויף איהם, אַז „מענדעל האָט אַן אומבאַרעמהאַרציגסטען שכל און אום'שכל'דיגסטע האַרץ". („או מענדעליא בעזסערדיעטשניי אום אי ביעזומנאָיע סערדצע").

איך ווייס ניט, וואָס וואָלט געוואָרען פון אונזער „סאָיוז“, ווען ראָזענבאום וואָלט ניט צוגעשטאַנען צו איהם. דער פאַקט איז אָבער, אז נאָר מיט זיין צושטעהן, איז אריין אין „סאָיוז“ יענע קראַפט, וואָס האָט פארזיכערט זיין לעבען און זיין ווייטערדיגע אנטוויקעלונג.

אין די ערשטע יאָהרען זיינען מיר געווען אָנגעוויזען אויף דער מינדליכער פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ אין אויסלאַנד און אין רוסלאַנד. וויכטיגער פאַר אַלץ איז פאַר אונז, פאַרשטעהט זיך, געווען רוסלאַנד. פאַרשפּרייטען די קערענדליך פון אונזערע לעהרען דאָרטען, געפינען און אָרגאַניזירען אין רוסלאַנד די ערשטע אָנהענגער פון אונזער פּראָגראַם, אריבער פיהרען אהין אונזער ליטעראַטור און די ליטעראַטור פון דער אונז נאָהענטער ריכטונג פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, — דאָס אַלץ האָט גענומען אויף זיך ראָזענבאום און דאָס אַלץ האָט ער אין אַ קורצער צייט דורכגעפיהרט אין זיינע טראַנספּאָרטיר־נסיעות אויף דעם גלענצענדסטען אופן. אין רוסלאַנד איז מ. ראָזענבאום געווען יענע ערשטע שוואַלב, וואָס האָט טאַקי „געמאַכט דעם פריהלינג“.

און בעת אונזער פּראָפּאַגאַנדע אין אויסלאַנד האָט זיך אין דער ערשטער צייט געקאָנט בריהמען נאָר מיט דער צו־ציעהונג צו אונז פון אַזעלכע קרעפטען, ווי וויקטאָר טשערנאָוו, און זיין פרוי, האָט מענדעלם טהעטיגקייט אין רוסלאַנד געוואונען פאַר אונז: די באבושקאַ, גערשוני, באַנטש־אָסמאָלאָווסקין; דיאַקאָוו'ן און דיזשור'ן אין קיעוו; וואָזנעסענסקי'ן אין פּעטערבורג; אַרגונאָוו'ן און פּערעווערזיעוו'ן אין מאָסקווע; **די ראַקיטניקאָווס** אויף דער וואָלגאַ און נאָך אַ סך אַנדערע חברים, אָהן וועמעס טעטיגקייט עס וואָלט געווען אוממעגליך דער אויפבליה פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען.

די אויסלענדישע טוערס פון דעם נאַראָדאָוואָלישען לאַגער, ווי מ. גאָץ און זיין פרוי, אָסיפּ מינאָר און זיין פרוי, רוסאַנאָוו און רובאַנאָוויטש, ווי אויך טשערנאָוו'ס שוואָגער, סליאָטאָוו, זיינען צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי, ערשט ווען גערשוני איז געקומען קיין אויסלאַנד, און די עמיגראַנטען פון דעם עלטערן דור ווי וואָלכאָווסקי, טשאַיקאָווסקי, פירסט כילקאָוו, ראַפּאָפּאָרט־

אנסקי, ד. סאָסקיס, טערעשקאָוויטש, זיינען אריין אין איהר ערשט דורך דער „אגראר־סאָציאַליסטישער ליגע“, ווען זי האָט זיך אָנ־געשלאָסען אָן דער פּארטיי, אונטער דעם איינפלוס פון גערשוני׳ס א בריעף.

אין ראָזענבאומ׳ס ערינערונגען וועגען די ערשטע שריט פון אונזער טעטיגקייט וועט דער לעזער געפינען א קלאָרען בילד פון די דעמאָלטדיגע פּאסירונגען, ווי אויך א באריכט וועגען זיין אייגענער ראָליע אין זיי. אָט דער לעצטער באריכט גיט אָבער זעהר א שוואכען בילד פון דער מאַגנעטישער ווירקונג, וועלכע זיין פּערזענליכקייט און זיין פּראָפּאַגאַנדע האָבען געהאַט אויף די, מיט וועלכע ער האָט זיך צענויפגעטראָפען און וועלכע ער האָט געוואונען פאר אונזער ריכטונג. וועגען דעם וועלען דארפען שרייבען אנדערע, אין זייערע פּערזענליכע ערינערונגען...

צום שלוס וויל איך נאָך מאכען איין קליינע באמערקונג:

דער אַלטער נאַטאַנסאָן — וואָס איז צוגעשטאַנען צו אונז ערשט אין 1904 אָדער 1905 — פלעגט, רעדענדיג וועגען איינעם פון די ערשטע אויסלענדישע עס־ער׳ען, קיינמאָל ניט דורכלאָזען דעם שמייכעלהאַפטען קאָמפּלימענט: „אָדין איז אָסנאָוואָפּאָלאָזשניקאָוו נאַשעי פּארטיאי“ („איינער פון די גרונט לעגער פון אונזער פּארטיי“).

אויב ווער פון אונז האָט פארדיענט אזא עהרענהאַפטען טיטעל, האָט איהם גאַנץ זיכער פארדיענט מענדעל ראָזענבאום אויף דעם בשר׳סטען און גלעצענדסטען אופן.

## ערשטער קאפיטעל

אין באלניצא ניקאלאיא טשודאטווארצא. — א חלום אויפ'ן וואהר.

ווי א גרויסע מחנה פויגלען, וואס זיינען געווען א לאנגע צייט פערשפארט, האבען זיך מיינע זכרונות גענומען רייסען אויף דער פריי, ווען די וואונדערבארע נייעס וועגען דער גרויסער רוסישער רעוואלוציע זיינען געקומען. פריהער, ווען די שווערע פינסטערניש איז געהאנגען איבער רוסלאנד, און ווען עס האט זיך אפט געדאכט, אז די אלע ליידען און קרבנות, וואס זיינען געבראכט געווארען אין קאמף פאר דער פרייהייט פון דעם גרויסען לאנד, זיינען געווען אין גאנצען נוצלאז, האט זיך גע־וואלט אן אלעם פערגעסען. און איבערהויפט האט זיך געוואלט דערשטיקען די עראינערונגען פון יענער צייט, ווען מיין שווער־מוטיגע פאנטאזיע האט, אונטער דעם דרוק פון דער בלייענער איינזאמקייט אין טרובעצקאי באסטיאן פון דער פעטראפאוולאוו־סקער קרעפאסט, צעריסען די ווענד פון דער ווירקליכקייט און מיך אריינגעווארפען אין דעם אפגרונד פון א גיהנום, וואו עס זיינען נישט געווען קיין גרעניצען צו שרעקען און ליידען.

ווען די דעפעשען האבען געבראכט די בשורה פון דעם גרויסען אונערווארטעטען זיעג פון דער רוסישער רעוואלוציע, פון א זיעג, וואס האט אריבערגעשטיעגען אלע אפטימיסטישע ערווארטונגען און האפנונגען, און דער שווערער קאמף פון די פערגאנגענע יאהרען האט בעקומען א טיעפען, ווערטפולען זין, און א יום־טוב'דיגע ליכטיגקייט האט זיך צעגאסען אין אלע ווינקעלעך פון דער נשמה, האבען זיך אלע ערלעבניסען — די ווירקליכע ווי די פאנטאסטישע — אויפגעהויבען פון זייערע דונקעלע קברים און זיך א לאז געטאן צום פארדערגרונד.

צווישען די עראינערונגען זיינען בולט'ער פון אלע אנדערע ארויסגעטראטען יענע, וואס זיינען פארבונדען מיט דער באבושקא.

און קלאָרער פון אַלע זיינען אַרויסגעשוואומען די זכרונות פון יאָהר 1903, ווען איך האָב אַרויסגעפיהרט די באַבושקאַ פון רוסלאַנד, וואו די זשאַנדאַרמעריע האָט זי דאַן געזוכט ווי מיט ליכט.

נאָך לעבעדיגער פּיליכט שטעהט אויף אין מיין זכרון איהר פיגור, ווי איך האָב זי געזעהן אין איינעם פון מיינע משוגענע חלומות אין אַ צעל פון דער „באָלניצאַ ניקאָלאַיאַ טשוּדאָטוואָרצאַ“, וואוהין מען האָט מיך אַריבערגעפיהרט פון דער פעסטונג אין סוף 1904. און איידער איך געה איבער צו די ערהאַינערונגען וועגען מיינע בעגעגענישען מיט איהר אין דער ווירקליכקייט, ווילט זיך מיר איבערגעבען דעם חלום, וואו עס האָט, ווי מיר דאַכט, זיך אָבגעשפּיגעלט דאָס געטרייעסטע און שעהנסטע בילד פון יעקאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ, וועגען וועלכער מיינער אַ חבר האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז „זי טראָגט זיך איבער רוסלאַנד ווי דער הייליגער גייסט פון דער רעוואָלוציע“.

...עס דאַכט זיך מיר, אַז אַלע טויטע ווערען לעבעדיג — די שלעכטע אַזוי ווי די גוטע. עס שטעהן אויף תחית המתים פּעראָווסקאַיאַ און זשעליאַבאָוו און באַלמאַשאָוו, אָבער אויך פּלעווע, סיפּיאַגין און אַלעקסאַנדער דער צווייטער, ווייל אַ נשמיות'דיגע שטריק, אַ באָמבע, אָדער אַ קויל קאָנען נישט פאַרניכטען קיין לעבען, וואו עס איז דאָ דער ווילען צו לעבען. נאָר יענע זיינען ווירקליך פערשוואונדען, וואָס האָבען געוואָלט פאַרשווינדען, וואָס זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די טויטע, וואָס זיינען געוואָרען לעבעדיג, זיינען געבליבען די זעלבע ווי זיי זיינען געווען פאַר'ן טויט, דעריבער איז דער גאַנצער טעראָריסטישער קאַמף געווען אומזיסט, ווייל דאָס שלעכטע אין דער וועלט איז געבליבען ווי געווען.

אַ סנהדרין פון די בעסטע מענשען, מיט דער באַבושקאַ אין דער שפּיץ, זוכט מיטלען ווי אַזוי צו צעשטערען אויף אייביג דאָס שלעכטס, און קומט צו דעם בעשלוס, אַז דערצו איז דאָ בלויז איין וועג: איינער מוז אויסזויגען פון אַלעמען דאָס שלעכטע וואָס איז אין זיי, אַריינזאַפּען עס אין זיין נשמה און דערנאָך זיך אַליין טויטען. דאָס קאָן געטאָן ווערען גאַנץ פּשוט:

ער דאַרף נאָר קוקען אויף זיי און אויף אַן אמת ו ו ע ל ע ן אַריבערגיסען דעם ר ע פון זייערע נשמות אין זיין אייגענע נשמה.

דער גורל איז געפאַלען אויף מיר. מען פירט־צו צו מיר צוערשט פאַן־וואַל׳ן, פלעווען און איוואַן גראָזני. איך קוק זיי אין די אויגען אריין און קאָנצענטריר מיין ווילען ארויסצוזויגען דאָס שלעכטס פון זייערע נשמות. צו מיין שרעק באַמערק איך, אַז פון מיין בליק ווערען זייערע געזיכטער נאָך שווידערהאַפטער און זיי הויבען אָן אויסצוזעהען ווי ווילדע בעסטיעס. אַ חבר גיט אַ געשריי צו מיר: „גזלן, וואָס טוסטו! אַנשטאָט דאָס שלעכטע, נעהמסטו ביי זיי צו דאָס ביסעלע גוטע וואָס זיי האָבען געהאַט!“

די באָבושקאַ געהט צו צו מיר און מיט אַ טיפען וועהטאָג אין איהר שטימע זאָגט זי:

„אַך, מענדיל, מענדיל! דיין ווילען אַוועקנעהמען דאָס שלעכטס פון די מענשען איז אַ פאַלשער, אַ געמאַכטער. דיר ווילט זיך דאָס זיסינקע, דאָס שעהנינקע, דאָס עסטעטישע פאַר דיין אייגענער קלייניגקער נשמה׳לע. און לעבען ווילט זיך דיר. ציטערסט פאַר׳ן פאַרשווינדען פון דיין איכ׳עלע. איך זעה, אַז איך וועל דאָס מוזען טאָן אַליין.“

און זי הויבט אויף איהרע אויגען פול מיט טיעפען טרויער אויף פאַן־וואַל׳ן. די האַרטע גרויזאַמקייט פאַרשווינדט פון זיין פנים און זיין געזיכט ווערט קלאָר און איידעל...

איך פיהל, וואָס פאַר אונגעהייערע יסורים די באָבושקאַ לעבט דורך, וואָס פאַר אַ שרעקליכער עקעל עס פילט אָן איהר נשמה, ווען זי זאַפט אריין אין זיך דאָס שלעכטס. אַזוי ווי זי וואָלט דאַרפען שלינגען ווערים און שלאַנגען און עקדישען, און עס כאַפּט מיך אָן אַ שרעק, ווען איך דערמאָן זיך, אַז זי, די בעסטע און שענסטע צווישען אונז, וועט דאַרפען פאַרשווינדען אויף אייביג, ווען אַלע וועלען בלייבען לעבען אין אַ וואונדערבאַר־ריינער און שעהנער וועלט. און א י ך בין שולדיג אין דעם — איך, שוואַכער, פאַלשער מענש!

די באָבושקאַ געהט אָן מיט איהר ארבייט. זי רייניגט די מענשען־נשמות איינע נאָך דער אַנדערער. איך מאַך צו מיינע אויגען. איך האָב מורא אַ קוק צו טאָן אויף איהר, ווייל איך

קאָן ניט צוזעהן איהרע יסורים. און נאָך מעהר שרעקט מיך דער געראַנק, אַז נאָך דעם ווי זי האָט אַריינגעזויגען אין זיך דאָס עקעלהאַפטע און שלעכטע פון אַזוי פיעל מענשען, האָט זיך איהר פּנים געמוזט מורא׳דיג פאַרענדערען...

„סלאַווא באָגו, קאָנטשענאָ!" — האָט די באַבושקאַ מיד אַרויסגעזאָגט.

די רייניגונג פון די מענשליכע נשמות איז געווען צו ענד. מיט אַ פאַרקלעמט הארץ האָב איך געעפענט די אויגען. איך האָב ערוואַרט צו זעהן דער באַבושקאַס געזיכט אין גאַנצען אומגעביטען און צו הערען דעם פאַטאַלען שאָס, וואָס וועט אויף אימער טויטען דאָס שלעכטע און מיאוסע אין דער וועלט, אָבער צו דער זעלבער צייט מאַכען אַ סוף אויך צו איינער פון די שעהנסטע נשמות פון דער מענשהייט. דער געדאַנק איז געווען אומדערטרעגליך...

צו מיין ערשטוינען, האָב איך דערזעהן, אַז באַבושקאַ׳ס פּנים איז ניט נאָר ניט געוואָרען ערגער, נאָר איז געוואָרען נאָך שעהנער און ליכטיגער. פון הינטער דעם רויטען גוי׳אישען טיכעל, וואָס זי האָט געטראָגען אויפ׳ן קאָפּ, האָבען געלויכטען איהרע אויגען מיט טיפער הייליגער ליבע.

איך האָב דערפיהלט, אַז אַ גרויסער נס איז געשעהן. די שטראַלענדע פרייד, וואָס האָט געשיינט אויף אַלע פּנים׳ער, האָט מיר געזאָגט, אַז אַלע האָבען פאַרשטאַנען דעם וואונדער, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר אונזערע אויגען: אין דער ריינער נשמה פון דער באַבושקאַ האָט זיך דאָס בייזע און עקעלהאַפטע, וואָס זי האָט אַרויסגעזויגען פון דער מענשהייט, אין גאַנצען אויסגעלייטערט און זיך פאַרוואַנדעלט אין דאָס שעהנסטע און איידעלסטע. דער וועלטליכער רע האָט געפונען זיין אייביגען תיקון.

אַ פייערליכע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. קיינער האָט אַ וואָרט ניט אויסגערעדט. נאָר געפיהלט האָט מען ווי אין אַלע הערצער יובעלט אַ שמחה:

די וועלט איז גערייניגט, און אונזער באַבושקאַ בלייבט מיט אונז און וועט לעבען צווישען אונז אין די ליכטיגע אייביגקייטען!

## צווייטער קאַפּיטעל

אין רוסלאַנד מיט אַן ענגלישען פּאַספּאָרט. — די באַבושקאַ אין געפאַהר. — זי ווילינגט איין צו פאַהרען מיט מיר אין אויסלאַנד.

אין פריהלינג פון 1903 בין איך געפאַהרען קיין רוסלאַנד, וואו איך האָב זיך געדאַרפט זעהן מיט די פאָרשטעהער פון די גרופּען סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען אין פאַרשיידענע שטעט פון דרום־רוסלאַנד און אויף דער וואָלגאַ. איינע פון מיינע הויפּט־אויפגאַבען איז געווען צו געפינען מענשען, וואָס זאָלען קומען אָפּנעמען די אומלעגאַלע ליטעראַטור, וועלכע איך פלעג אריבערשמוגלען פון גאַליציע. געהאָלפען אין דעם האָבען מיר רומענישע פויערים, וואָס האָבען סימפּאַטיזירט מיט דער רוסישער באַפרייאונגס באַוועגונג. איך האָב מיך אויך געדאַרפט זעהן מיט איינינגע מיטגלידער פון דעם צענטראַלען קאָמיטעט און זיי איבערגעבען אַ ספּעציעלע שליחות פון דעם אויסלענדישען קאָמיטעט.

איך בין דאָס מאָל געפאָהרען אונטער דעם נאָמען האָבסאָן, אַן ענגלענדער, וועמעס פּאַספּאָרט איך האָב באַקומען דורך פעליקס וואָלכאָווסקי׳ן. דער פּאַס איז געווען וויזירט ביי דעם רוסישען קאָנסול אין לאָנדאָן. ווי געוועהנליך אין מיינע נסיעות נאָך רוסלאַנד, בין איך ניט געפאָהרען מיט ליידיגען. צווישען די דאָפּעלטע ווענטלעך פון מיינע טשעמאָדאַנעס זיינען געווען פאַרפּאַקט די לעצטע אויסגאַבען פון דער פּאַרטיי, הויפּטזאַכליך דער לעצטער נומער „רעוואָלוציאָנאַיאַ ראָסיאַ“.

כדי אויסצוזעהן וואָס מעהר ווי אַן ענגלענדער און כדי צו פאַרענדערען אין דער זעלבער צייט מיין געזיכט, וואָס איז שוין געווען ניט אומבאַקאַנט דער רוסישער פּאָליציי (זי האָט מיך שוין געהאַט איין מאָל אין איהרע לאַפּעס אין די יאָהרען 1898־

1899), האָב איך מקריב געווען אויף דעם מזבח פון דעם פאָטער־לאַנד מיין באָרד און אפילו מיינע וואָנסעס, וועלכע איך האָב פריהער אזוי פיעל געכאַליעט: זיי זיינען מיר געווען זעהר נוצליך פריהער, ווען איך פלעג פאָהרען נאָך רוסלאַנד פון דייטשלאַנד און האָב זיך געסטאַרעט אויסצוזעהן וואָס מעהר ווי א דייטשער האַנדעלס־רייזענדער.

אין יענע צייטען האָט די רוסישע פּאָליציי נאָך געהאַט דרך ארץ פאַר אויסלענדער, בפרט פאַר ענגלענדער. מען האָט מיך באַהאַנדעלט אויף׳ן גרעניץ מיט א באַזונדערער העפליכ־קייט און דורכגעקוקט מיין באַגאַזש מעהר ניט ווי פאַר יוצא וועגען. אפילו די פּאָאָר ענגלישע צייטונגען, וואָס איך האָב מיט א כיון אוועקגעלעגט פון אויבען אין איינעם פון מיינע טשעמאָ־דאַנעס, האָט מען דורכגעלאָזען אָהן צענזור. מיט דעם זשאַנ־דאַרמסקען אָפיצער, וואָס האָט ביי מיר גענומען דעם פּאַס, האָב איך גערעדט א פראַנצויז, וואָס איז געווען גוט גענוג פאַר אַן ענגלענדער. אָבער מיט די איבעריגע באַאַמטע פון טאַמאָזשנע און מיט די טרעגערס, וועלכע האָבען קיין פראַנצויז ניט פאַרשטאַנען, האָב איך על פּי הדחק געמוזט רעדען עטליכע ווערטער רוסיש. איך האָב זיך באַמיהט צו רעדען א געבראָכענעם רוסיש, אזא, וואָס זאָל זיין שלעכט גענוג אפילו פאַר אַן ענג־לענדער. ערפאַרונג אין רעדען א שלעכטען רוסיש האָב איך שוין געהאַט פון פריהער. איינע פון די חבר׳טעס, מיט וועלכער מיר איז איינמאָל אויסגעקומען צו רעדען אזא שפּראַך, האָט מיך געמאַכט דעם קאָמפּלימענט, אז איך קאָן רעדען רוסיש שלעכט נאָך בעסער איידער גוט — „ווי גאָוואָריטע כאָראָשאָ פּאָ רוסקי, נאָ פּלאָכאָ פּאָ רוסקי ווי גאָוואָריטיע יעשטשאָ לוטשע טשעם כאָראָשאָ“.

מיין ענגלישער רוסיש האָט ניט נאָר ניט ארויסגערופען קיין געלעכטער, נאָר ער האָט נאָך דערוועקט א געוויסען רעס־פּעקט. איך האָב זיך דערמאָהנט אז מיט עטליכע יאָהר פריהער, ווען איך בין אריבערגעפאָהרען דעמזעלבען גרענעץ מיט א אידישען פּאַספּאָרט און מיט א טלית־און־תפילין אין טשעמאָ־

דאַן אָנשטאָט ענגלישע צייטונגען, האָט מיין געבראָכענער אידישער רוסיש ארויסגערופען שפּאָט און פאַראַכטונג.

אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק איז געלעגען אַ גרויסער פּאַק ליטע־ראַטור וואָס איך האָב אריבערגעשיקט דורכ׳ן „דיעד". דער „דיעד" איז געווען אַן אַלטער רוטעניש‍ער פּויער מיט לאַנגע סיווע וואָנסעס, וואָס האָט מיר געהאָלפען מעהר צוליב זיין סימפּאַטיע מיט דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ווי צוליב דעם קליינעם שכר וואָס ער פּלעגט באַקומען. איך האָב באַשלאָסען צו פאָהרען אַהין און מיטנעהמען די פאַרבאָטענע ביכער און צייטונגען.

אַלץ איז געגאַנגען ווי געשמירט. די ליטעראַטור האָב איך געפונען אין דער באַשטימטער אכסניה און האָב עס צופיהרט איבער די שטעדט וואו מיר האָבען געהאַלטען אונזערע סקלאַדען.

פון די שמועסען, וואָס איך האָב געהאַט מיט אייניגע חברים, האָב איך מיך דערוואוסט, אַז די פּאָליציי זוכט איצט די באַבושקאַ זעהר ענערגיש. זיי זיינען געווען זיכער אַז, אויב זי וועט ניט אַפּפאָהרען פון רוסלאַנד וואָס גיכער, וועט מען איהר געוויס אַרעסטירען. מען האָט געגוג גע׳טענה׳ט מיט איהר זי זאָל פאַרלאָזען דאָס לאַנד, אָבער זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאָלגען. מען האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל פּרובען זי איבערצורעדען. איך האָב סיי ווי סיי זיך געדאַרפט זעהן מיט איהר און האָב גענומען אויף זיך די אויפגאַבע.

צוערשט האָט זי ניט געוואָלט הערען דערפון.

— וואָס רעדסטו? — האָט זי מיר געענטפערט. — ווי קאָן איך איצט פאַרלאָזען רוסלאַנד, ווען עס איז דאָ אַזוי פיל וויכטיגע ארבייט.

איך האָב גענומען איהר אויסרעכענען וואָס זי וואָלט געקאָנט טאָן פאַר אונז אין אויסלאַנד און ווי ניצליך איהר אַרבייט דאָרט וואָלט פאַר אונז געווען. אייניגע מאָנאַטען שפּעטער, האָב איך איהר געזאָגט, ווען מען וועט זי אויפהערען צו זוכען, וועט זי קאָנען בשתיקה קומען צוריק און ווידער אָנפירען איהר אַרבייט אין דער היים. אַזוי האָב איך גערעט צו דער באַבושקאַ. אין הארצען אָבער האָב איך געהאָפט, אַז ווען זי וועט שוין זיין אין

אויסלאַנד, וועט זיך איינגעבען זי דאָרט יצו פאַרהאַלטען און ניט דערלאָזען, אַז זי זאָל אויף איהרע עלטערע יאָהרען ווידער אַריינ־פאַלען אין די הענט פון דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע.

זי האָט ענדליך איינגעוויליגט. מיר האָבען באַשלאָסען צו פאָהרען צוזאַמען נאָך רומעניע ·דורך אָדעס.

די באַבושקאַ האָט געהאַט אַ „ווגוטרעננעם" פאַספאָרט פון אַ סטאַטסקאַיאַ סאָוויעטניצאַ, אַן אַלמנה פון אַ פּראָפעסאָר פון פעטערבורגער אוניווערסיטעט. איך האָב געוואוסט פון אַ אידען אין קאָוונע, אַ געוויסען לעווין, וועמעס געשעפט עס איז געווען צו מאַכען גובערנאַטאָרסקע פאַספּאָרטען. פאַר אַ קליינער „דאַנק־באַרקייט" פלעגט ער מעלדען דעם אינערליכען פאַס פון דער באַטרעפענדער פערזאָן (וואָס האָט זיך דערווייל גאַנץ רוהיג געוואוינט ערגעץ־וואו אין האַנדריקעווקע) אין איינעם פון די קאָוונער אוטשאַסטקעס, קריגען די נויטיגע פאַפירען פון פּריסטאַוו, און דערנאָך אַרויסנעמען דעם אויסלענדישען פאַספּאָרט פון דער ·גובערנאַטאָרסקער קאַנצעלאַריע, וואו ער איז געווען אַן אמת׳ער בן־בית.

ער פלעגט מאַכען גובערנאַטאָרסקע פאַספּאָרטען „אָפּטאָם", אָדער „האָלסייל", ווי מען זאָגט אין אַמעריקע. ער פלעגט פאַר זיך נעמען אַ גאַנץ קליינעם ריוח — אַ צוויי דריי רובעל — און דורך איהם האָט מען געקאָנט קריגען אַן אויסלענדישען פאַס אַ סך שנעלער און אפילו ביליגער איידער אויף דעם „זאַקאָננעם" אופן. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס פון פאַרשיידענע שטעט פלעגט מען צושיקען לעווין׳ען אינלענדישע פאַספּאָרטען, וועלכע ער פלעגט פאַרוואַנדלען אין אויסלענדישע. ער האָט אויף דעם אופן געהאַט שעהן פרנסה און די קאָוונער פּריסטאַווען און דער דיעלאָפּראָאיזוואָדיטיעל פון דער גובערנאַטאָרסקער קאַנצע־לאַריע האָבען געהאַט אַ שעהנעם צוגאָב יצו זייער קליינעם געהאַלט. די פּאָליציייסקע אַרכיוועו פון יענע יאָהרען פון לעווין׳ס טעטיגקייט מוזען ציינען, אַז פון קאָוונע זיינען אָפּגעפאָהרען נאָך אויסלאַנד צוויי מאָל אַזוי פיעל איינוואוינער ווי זי האָט באַזעסען אין דער ווירקליכקייט.

דורך דעם דאָזיגען לעווין׳ען האָב איך באַשלאָסען צו קריגען דעם אויסלענדישען פאַס פאַר דער באַבושקאַ. איך האָב נאָך

געדאַרפט באַזאָרגען פאַרשיידענע אַנדערע זאַכען אין רוסלאַנד און, הגם דער באַבושקאַ׳ס פּאַספּאָרט איז פאַרטיג געוואָרען אין צוויי טעג, האָבען מיר געקאָנט אָפּפאָהרען ערשט אין דריי וואָכען אַרום.

לויט דעם אָפּרעד האָבען מיר זיך צונויפגעטראָפען אין וואָראָניעזש, וואו מיר האָבען געהאַט אַ קליינעם צוזאַמענפאָהר פון צענטראַלען קאָמיטעט מיט אַ פּאָאָר פאָרשטעהער פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ״, און פון דאָרט זיינען מיר אָפּגע־פאָהרען צוזאַמען נאָך אָדעס. פון אָדעס האָבען מיר באַשלאָסען צו פאָהרען מיט דער שיף נאָך קאָנסטאַנצאַ, רומעניע.

## דריטער קאַפּיטעל

אין אדעס. — אַ אונערוואַרטעטע בעגעגעניש מיט אַזעוו'ען. — אויפ'ן שיף קיין קאָנסטאַנצאַ. — די זשאַנדאַרען פאַרהאַלטען אַ אמת'ען פראַנצויז און לאָזען דורך אַ פאַלשען ענגלענדער.

קיין אָדעס זיינען מיר געקומען אַ טאָג איידער די שיף האָט געדאַרפט פאַרלאָזען דעם פּאָרט. מיר האָבען זיך אָפּגע־שטעלט אין צוויי פאַרשיידענע פּלעצער, ביי נישט „קאָמפּראָ־מיטירטע" סימפּאַטייזערס. אויף מאָרגען אין דער פריה בין איך אַוועק אין קאַנצעלאַריע פון גראַדאָנאַטשאַלניק און האָב אָהן שוועריגקייטען באַקומען אויף מיין פּאַס די צייגנים אַז צו מיין — ריכטיגער, צו מיסטער האָבסאָן'ס — אָפּפאָהר פון רוסלאַנד זיינען קיין הינדערניסע ניטאָ — אַ צייגנים וואָס יעדער אויסלענדער האָט געמוזט האָבען אויף זיין פּאַס איידער ער האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד.

פון דער קאַנצעלאַריע בין איך געקומען צו דער באַבושקאַ און האָב דאָרט, צו מיין פאַרוואונדערען, געטראָפען דעם „דיקען", ווי מיר האָבען גערופען אַזעוו'ן. ער איז שוין דעמאָלט געווען איינער פון די וויכטיגסטע מיטגלידער אין צענטראַלען קאָמיטעט און אויף איהם איז נאָך ניט געווען קיין שפּרינקעל פון אַ חשד. איך האָב איהם קיינמאָל ניט האָלד געהאַט, און איך געדענק, אַז מיר איז די באַגעגענונג געווען ניט אַנגענעם. איך האָב איהם געקאָנט, ווען ער איז נאָך געווען אַ סטודענט אין דאַרמשטאַטער פּאָליטעכניקום, און אַזוי ווי מיר האָבען זיך ניט געזעהן אַ לאַנגע צייט האָבען מיר זיך צוקושט. איך האָב נאָך איצט אַן אונ־אַנגענעם געפיהל אויף מיין רעכטער באַק פון דעם קוש פון זיינע פייכטע גראָבע ליפּען...

מיר האָבען גערעדט אַ צייט וועגען פאַרשיידענע פּאַרטיי־ענינים. ווען די באַבושקאַ איז אויף אַ ווײַלע אַרויס פון צימער, האָט אַזעוו אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַז איהר ווילט אַריבער־נעמען די באַבושקאַ אין אויסלאַנד. איך מוז אייך זאָגען, אַז איהר שטעלט צופיעל אויף זיך. אַ י ך וואָלט מורא געהאַט צו נעהמען אויף זיך אַזאַ גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט. שטעלט אייך פאָר, מען זאָל אייך פאַרהאַלטען אויף דעם גרענעץ. איהר וואָלט דאָך זיך קיינמאָל ניט געקאָנט מוחל זיין וואָס די באַבושקאַ איז אַריינגעפאַלען איבער אייך — עפּעס אַ קלייניגקייט די באַבושקאַ!

איך האָב געענטפערט, אַז אַלץ איז אָרגאַנזשירט זעהר גוט; אַז איך האָב עפּעס אַ געפיהל פון זיכערקייט, אַז עס וועט אַראָפּ־געהן גלאַט. און אַזוי ווי אין רוסלאַנד איז זי דאָך, ווי מען האָט מיר געזאָגט, אין אַ גרויסער געפאַהר, רעכען איך, אַז מען מוז פּרובירען זי אַרויסכאַפּען פון דאָרטען.

דאָס איז אַפילו אמת, האָט ער צוגעגעבען — נאָר איך וואָלט אַזאַ ריזיקע אויף זיך ניט גענומען.

אָפּגעזעגענט זיך מיט אַזעוו'ן, בין איך אַוועק זעהן זיך מיט אַ פריינד, פריילין בעקער, די טאָכטער פון אַ רייכען אידי־שען סוחר, מיט וועלכער איך האָב צוזאַמען שטודירט אין בערן. זי איז געווען איינע פון אונזערע סימפּאַטיזירערינס. די שיף האָט געדאַרפט אָפּגעהן ערשט זעקס אַ זייגער פאַרנאַכט און אַזוי ווי איך האָב געהאַט פריי דעם גאַנצען נאָכמיטאָג, האָב איך איהם פאַרבראַכט ביי די בעקערס, אין זייער זומער־וואוינונג אויפ'ן שוואַרצען ים. זיי האָבען מיר פאַר'ן אַוועקפאָהר געגעבען אַ פּרעזענט — אַ גרויסען בוקעט פון וואונדערשעהנע איריסען, וועלכע איך האָב מיטגענומען מיט פאַרגניגען, ערשטענס ווייל איך האָב ליב בלומען און צווייטענס ווייל איך האָב בלומען אַלע־מאָל באַטראַכט ווי אַ גוט מיטעל אָפּצואַווענדען דעם פאַרדאַכט מצד דעם רוסישען זשאַנדאַר. איך האָב געדונגען אַ פאַרמאַכטע קאַרעט און מיט דעם פּרעכטיגען בוקעט איריסען אין האַנד בין איך צוגעפאָהרען נאָך דער באַבושקאַ. זי האָט זיך דאָס מאָל

אויסגעפּוצט יום־טוב׳דיג און האָט אפילו איינגעוויליגט צו קויפען זיך א נייעם הוט.

מיר זיינען צוגעפאָרען צום פּאָרט און ארויף אויף דער קליינער שיף. נאָך דעם ווי איך האָב געקויפט צוויי בילעטען ערשטע קלאַס נאָך קאָנסטאַנצא, האָב איך געהייסען דעם קעלנער ברענגען אין דעם אלגעמיינעם זאַל א קרוג מיט וואסער פאַר די בלומען, וועלכע איך האָב אוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש. אויף דעם זעלביגען טיש האָב איך פאַנאַנדערגעלייגט א פּאַק ענגלישע צייטונגען וועלכע איך האָב געקראָגען אין א רעסטאָראַן אין אָדעס. איך האָב מיך איבערהויפּט געהאַלטען אַזוי ווי די גאַנצע שיף וואָלט געהערט צו מיר — ווי עס פּאַסט פאַר אן ענגלענדער.

די באַבושקאַ האָט די לעצטע צייט געהאַט געוואוינט אין דעם הויז פון א רייכען חבר אין סאַראַטאָוו אלס א כלומרש׳דיגע קעכין און האָט אויסגעצייכענט געשפּילט די ראָליע פון א דאָר־פישער באַבאַ. איצט האָט זי מיט דערזעלביגער נאַטירליכקייט זיך געהאַלטען אלס א „גראַנד דאַם” און גערעדט צו מיר די גאַנצע צייט אין א ריינעם פראַנצויז.

באַלד איז צו אונז צוגעקומען א זשאַנדאַרמסקער אונטער־אָפיציער, א פעטער גוטמוטיגער כאַכאָל, און געבעטען אונזערע פּאַספּאָרטען. די באַבושקאַ האָט ניט אונטערבראָכען דעם לעב־האַפטען פראַנצויזישען געשפּרעך, אַרויסגענומען איהר פּאַס פון איהר האַנד־טאַש און איהם דערלאַנגט. איך האָב אַרויסגענומען מיסטער האָבסאָן׳ס פּאַס פון מיין בוזים־קעשענע. דער זשאַנדאַרם איז אוועק מיט די פּאַספּאָרטען.

אין א פערטעל שטונדע אַרום, וואָס איז, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, באַשטאַנען ניט פון פופצעהן מינוט, נאָר פון א פופ־צעהן שטונדען, איז ער געקומען צוריק און האָט אונז אָפּגעגעבען די פּעסער מט א העפליכען „פּאָזשאַלויסטע!” עס איז געוואָרען גרינגער אויפ׳ן האַרצען. נאָר די שיף איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין אָדעסער פּאָרט און איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט, אז זי זאָל אַרויסשווימען אויף די פרייע וואַלען פון דעם שוואַרצען ים.

מיין זייגער האָט שוין געצייגט זעקס און די שיף האָט זיך ניט גערירט. איך בין געוואָרען אומרוהיג.

מיטאמאָל געהט אריין דער דיקער זשאַנדאַרמסקער אונטער־אָפיצער, הינטער איהם — אַ מאַן פון אַ יאָהר פערציג מיט אַ שפּיציג בערדיל. זיי געהן גלייך צו צו מיר און דער זשאַנדאַר זאָגט:

— ווייזט מיר אָקאָרשט אייער פּאַספּאָרט!

עס איז מיר איינגעפאַלען דאָס הארץ. די באַבושקאַ איז געזעסען אַנטקעגען מיר און האָט אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג. זי איז געבליבען אויסערליך גאַנץ רוהיג. איך האָב ארויסגענומען דעם פּאַס און האָב איהם דערלאַנגט דעם אונטער־אָפיצער, אָנשטרענגענדיג מיין גאַנצע ווילענס־קראַפט ניט ארויסווייזען קיין צייכען פון אומרוה. ביי מיר איז געווען זיכער, אַז דער מאַן מיט דעם שפּיציגען בערדיל איז אַן אַגענט פון דער געהיים־פּאָליציי און אַז אַלץ איז פאַרלאָרען. דער זשאַנדאַר האָט פאַנאַנדערגעעפענט מיין פּאַס און, אָנווייזענדיג מיט אַ פינגער אויף דער „וויזע" פון אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק, געזאָגט צו דעם ציווילען:

— אָט דאָס איז וואָס איהר מוזט האָבען אויף אייער פּאַס. אָהן דעם קאָנט איהר ניט פאַרלאָזען רוסלאַנד.

— וואָס טוט מען! וואָס טוט מען! — האָט דער מאַן געשריען אין פראַנצויז.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז פאַר מיר שטעהט אַ פראַנצויז, וואָס האָט פאַרגעסען צו וויזירען זיין פּאַס, און ניט קיין אַגענט פון דער געהיים־פּאָליציי. איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט. די באַבושקאַ האָט איהם געפרעגט אין פראַנצויז וואָס מיט איהר איז דער מעהר; האָט ער זיך זעהר דערפרעהט, ווען ער האָט דערהערט די קלאַנגען פון זיין מוטער שפּראַך. ער איז, ווי עס האָט אויסגעוויזען, טאַקע געווען אַן אמת'ער פראַנצויז און ניט אַזאַ פראַנצויז ווי איך אַן ענגלענדער.

ער האָט ערקלערט, אַז ער מ ו ז זיין מאָרגען אין קאָנסטאַנצאַ און אַז מען לאָזט איהם ניט אָפּפאָהרען אָהן דער „וויזע" פון דער פּאָליציי. די באַבושקאַ האָט געבעטען דעם זשאַנדאַר

ער זאָל פּרואווען אָפּטעלעפאָנירען צום גראַדאָנאַטשאַלניק. ער איז אוועק און דער פראַנצויז האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען אונז ווארטען. ער האָט אַלץ געקוקט אויפ'ן זייגער און פון צייט צו צייט צוטראָגען אויסגערופען:

— אַך, גאָט מיינער! וואָס מאַכט מען! וואָס טוט מען!

אין אַ ווײַלע אַרום איז געקומען דער זשאַנדאַר און געזאָגט אין אַ פּויערשען רוסיש:

„מי ניטשעוואָ ניע מאָגים דיעלאַט! מי מאָגים טאָלקאָ ניע פּושטשאַט". („מיר קאָנען גאָרניט מאַכען. מיר קאָנען נאָר ניט לאָזען".)

ער האָט געהייסען דעם פראַנצויז פאַרלאָזען די שיף. די באַבושקאַ און איך זיינען געבליבען אליין ביים טיש. זי האָט זיך צוגעבויגען צו מיר און שטילערהייד געזאָגט אין רוסיש:

— „אַ קאָוואָ ניע פּושטשאַט, ניע זנאיוט". (און וועמען ניט צו לאָזען, ווייסען זיי ניט.)

באַלד האָבען מיר דערהערט אַ פייף, און די שיף האָט זיך גענומען ריהרען. אַ האַלבע שטונדע שפּעטער זיינען מיר שוין געווען ווייט פון אָדעס, אויף די אָפענע וואַסערען פון שווארצען ים.

# פערטער קאַפּיטעל

אויפ׳ן שווארצען ים. — אַז ערינערונג פון מיינע קינדערשע יאָהרען. — אין קאָנסטאַנצאַ. — די נייעס וועגען באַנדאַנאַוויטש׳עס היגריכטונג. — ביי די איוואַנאָווס. — אין בוקאַרעסט. — אַרבאַרע־ראָלי. — פאָהר צוריק אין אַדעס מיט ליטעראַטור. — אַרעסטירט. — אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

מיר זיינען אַרויס אויפ׳ן דעק. עס איז געווען אַ וואונדער־שעהנע, ווארימע לבנה־נאַכט. די באַבושקאַ איז געזעסען אַ פאַרטראַכטע און געקוקט אין דער ווייט, אויף צוריק, אין דער ריכטונג, וואו עס האָט געמוזט ליגען דער רוסישער ברעג. איהר געזיכט אַז געווען אומעטיגליך. עס האָט אויסגעוויזען, אַז איהר איז געווען שווער זיך צו שיידען מיט דעם לאַנד, וואו זי האָט פאַרבראַכט אַזוי פיעל יאָהרען אין תפיסה און אויף קאַטאָרגע; וואו זי איז אייביג געווען אין דער געפאַהר ווידער אַרעסטירט צו ווערען און צו געהן נאָכאַמאָל מיט׳ן עטאַפּ דעם לאַנגען וועג אין די קאַלטע וויסטענישען פון סיביר.

איך האָב מיך געזעצט נישט ווייט פון איהר און אויפגעהויבען די אויגען צום בלויען דרום־הימעל. די לבנה האָט רוהיג געגאָסען איהר קאַלט ליכט און די שטילע שטערען האָבען גלייכגילטיג געפינקעלט. און זיי האָט גאָרנישט געאַרט: צי איך בין טאַקע האַבסאָן צי נישט; צי מיר האָט זיך איינגעגעבען אַריבערנעהמען די באַבושקאַ נאָך אויסלאַנד, צי נישט; צי די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען וועלען זיגען, צי זיי וועלען צודריקט ווערען פון די ראָמאַנאָווס און זייערע משרתים.

איך בין געווען זעהר מיעד, אָבער שלאָפען האָט זיך מיר ניט געוואָלט. מיינע געדאַנקען האָבען זיך אַ לענגערע צייט געטראָגען אין אומאָרדנונג איבער פאַרשיידענע עפּיזאָדען פון מיין לעבען און מיר איז מיט אַמאָל געוואָרען זעהר אומעטיג

אויפ'ן הארצען. די לאַנגע יאָהרען פון וואָגלען, שטרעבען און קאַמף, האָבען אויסגעוויזען זינלאָז און צוועקלאָז. עס האָט זיך געגומען בענקען נאָך דער מאַמען, נאָך דער היים . . .

איך האָב צוגעמאַכט די אויגען און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין צוריק אַ קליין חדר־אינגעל אין פלעשצעניץ, אַז איך שפּיל מיך ווידער מיט מיינע חברים אין אונזער נייעם הויז, וואָס מען האָט נאָך ניט געענדיגט בויען. עס איז אַ שעהנער פּסח־פאַרנאַכט. עס ווערט מיר מיאוס צו שפּילען אין קאַמער־קאַמער־הויז, און איך שלאָג פאָר חיים יודע יאָשע מיכעל'ס און מענדיל חיים ניסן דעם איינבינדער'ס, וועמען איך האָב ערב פּסח דורכגעלייענט די מעשה פון ר' יוסף דילי ריינא, מיר זאָלען תפילה טאָן צו גאָט און אראָפּברענגען משיח'ן.

מיר שטעלען זיך אַלע אוועק אין מזרח־וואַנט און הויבען אָן צו טענה'ן צו גאָט און זאָגען איהם, אַז מיר וועלען ניט אָפּ־טרעטען פון איהם ביז משיח וועט ניט קומען. מיינע העלפערס ווערט איינגיבען גמאס דאָס תפילה־טאָן. זיי לויפען אוועק שפּילען אין סאָלדאַטען. איך בלייב אויף מיין פּאָסט אביסעל לענגער. נאָר באַלד ווער איך מיעד און זעץ זיך אוועק אויף דער נייער פּאָדלאָגע. מיינע אויגען הויבען זיך אָן צו קלעפּען און מיין תפילה ווערט שטילער און שטילער . . . אין די רויטע שטראַ־לען פון דער אונטערגעהענדער זון באַווייזט זיך אַ הויכער מאַן מיט לאַנגע גאָלדענע האָאָר, וואָס פאַלען אראָפּ אויף זיינע שול־טערען, און מיט אַ לאַנגער געקרייזעלטער באָרד ווי ביי ר' יוסף דעם חזן. רייטענדיג אויף אַ ווייסען אייזעל פאָהרט ער צו צו מיר און זאָגט: „קום!" מיט גרויס שמחה געה איך נאָך איהם. די מינסקער גאַס איז געפּאַקט מיט אידען. זיי האַלטען לאַנגע שטעקענס אין זייערע הענט און טראָגען פּעקלאַך אויף זייערע אַקסלען. אַ יובעלענדער געשריי פילט אָן די גאַס:

— משיח איז געקומען! משיח איז געקומען!

— מענדיל אברהם חיים'ס האָט אראָפּגעבראַכט משיח'ן...

— „מענדיל, פּאָרא ווסטאַוואַט!" — וועקט מיך די מאַמע. — „מי אוזשע וו'קאָנסטאַנציע!" (מענדיל, שוין צייט אויפשטעהן! מיר זיינען שוין אין קאָנסטאַנצאַ!).

איך קאָן ניט פאַרשטעהן, פאַר וואָס די מאַמע רעדט צו מיר אין רוסיש און ווי אַזוי איך קום אין קאָנסטאַנצאַ, אַז מיר געהען גאָר אין ירושלים. איך עפען די אויגען און אנשטאָט דער מאַמען זעה איך די באַבושקאַ.

— דו האָסט געשמאַק אַ שלאָף געטאָן, — זאָגט זי צו מיר. — קום, מיר פאָהרען שוין־צו צו קאָנסטאַנצאַ.

די פינקעלנדע שטערען זיינען שוין אַלע פאַרשוואונדען פון בלויען הימעל, נאָר דער מאָרגענשטערען לייכט נאָך רוהיג נעבען דער בלאַסער לבנה. אַ רויטער פייער־קנויל שווימט אַרויס פון הינטער די דונקעלע רוהיגע וואַסערען. די שיף גיט זיך אַ שאָקעל פון רעכטס צו לינקס און פון לינקס צו רעכטס און קלאַפּט זיך אָפּ אָן די ברעגען פון רומעניע.

מיר זיינען אוועק דורך די פאַרשלאָפענע גאַסען פון קאָנ־סטאַנצאַ אין ס ט ר אַ ד אַ ר אַ ה אָ ו ו י אַ, צו דעם געוועזענעם שטודיסט און איצטיגען הייסען סאָציאַליסט־רעוואָ־לוציאָנער איוואַנאָוו. אויפ'ן וועג האָב איך געקויפט אַ צייטונג אין וועלכער עס איז מיט גרויסע בוכשטאַבען געווען געדרוקט די טעלעגראַמע, אַז דער אופימסקער גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש, וועלכער האָט געהייסען שיסען אויף די זלאַטאָאוסטער סטריי־קערס, איז דערשאָסען געוואָרען פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלו־ציאָנערען. מיר האָבען געוואוסט, אַז דער אַטענטאַט דאַרף די טעג געמאַכט ווערען. די באַבושקאַ איז געווען זעהר צופרידען, וואָס די באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ, וועלכע האָט די לעצטע מאָנאַטען גאָרניט אויפגעטאָן, האָט ענדליך געלאָזט פון זיך הערען. נאָר מעהר פון אַלץ האָט זי זיך געפרעהט, וואָס מען האָט קיינעם ניט געכאַפּט.

איוואַנאָוו'ן האָבען מיר געפונען אויפ'ן הויף מיט פולע עמער מילך אין די הענט. ער האָט נאָר־וואָס געהאַט אויסגעמאָל־קען זיינע בהמות. ווען איך האָב איהם פאָרגעשטעלט די באַ־בושקאַ, האָט זיך זיין געזיכט באַגאָסען מיט פרייד און ער האָט שיער ניט ארויסגעלאָזט פון די הענט די עמערס.

— קום אַקאָרשט אַהער, נאַסטאַסיאַ: זעה ס'אַראַ טייערען גאַסט מען האָט אונז געבראַכט! — האָט ער גערופען זיין ווייב.

נאַסטאַסיא, אַ טיפּישע הויכע וועליקאָרוסין, איז געקומען צו לויפן פון הויז. ווען זי האָט דערהערט דעם נאָמען באַבושקאַ, האָבן זיך איהר געשטעלט טרערען אין די אויגען. זי האָט זיך מיט איהר צוקושט אזוי ווי מיט אַ היים־געליבטער מוטער.

— קומט אין הויז אריין, — האָט זי אונז איינגעלאַדען. און האָט זיך גלייך געשטעלט ביים גרויסען רוסישען אויווען, פאַרקאַשערט די אַרבעל און גענומען באַקען לאַטקעס.

די איוואַנאָווס האָבן זעהר געבעטען, די באַבושקאַ זאָל פאַרבלייבען ביי זיי כאָטש איין טאָג. רומעניען איז אָבער ניט געווען קיין גאַנץ זיכערער פּלאַץ פאַר איהר, און מיר האָבען באַשלאָסען, אַז וואָס גיכער זי וועט זיין אין דער שווייץ, אַלץ בעסער. דעמזעלביגען טאָג איז די באַבושקאַ אָפּגעפאָהרען צו די זשיטלאָווסקי׳ס אין בערן. איך בין נאָך פאַרבליבען אַ מאָנאַט אָנדערהאַלב אין רומעניע, וואו איך האָב געדאַרפט אָרגאַניזירען אַ נייעם טראַנספּאָרט־וועג אויף אַריבערפיהרען אומלעגאַלע ליטעראַטור.

אָנהויב יולי בין איך געפאָהרען צוריק אין אָדעס, ווי געוועהנליך, מיט די „בן־עשה־הלל“־דיגע טשעמאָדאַנעס און מיט אַ „סענדוויטש“־העמד אויף זיך. דאָס „סענדוויטש־העמד“ האָט דר. יעקאַטערינאַ אַרבאָרע־ראַללי, די טאָכטער פון דעם אַלטען בעסאַראַבער עמיגראַנט אין בוקאַרעסט, פאַר מיר אויפגענעהט. זי האָט אָהן רחמנות אָנגעפּאַקט אַהין די „רעוואָלוציאָננאַיא ראָסיא“ אַ פינגער די גרעב. דאָס העמד איז געווען ווארים גענוג פאַר דעם נאָרדפּאָל. פאַר רומעניע אין יולי איז עס געווען שוין אַ ביסעל צו היים. איך האָב געשוויצט אומדערבאַרעמליך.

דאָס מאָל האָט מיר מיסטער האָבסאָן׳ס פּאַספּאָרט שוין ניט געהאָלפען. ווען די שיף איז אריין אין אָדעסער פּאָרט, איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ זשאַנדאַרמסקער אָפיצער און האָט מיך העפליך איינגעלאַדען צו פאָהרען מיט איהם אין אַ פאַרמאַכטער קאַרעטע, וואָס איז שוין געשטאַנען און געוואַרט אויף מיר. אומזיסט האָב איך גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט געמוזט מאַכען אַ טעות, און געפאָדערט, אַז ער זאָל מיט מיר צופאָהרען צום

ענגלישען קאָנסול. ער האָט מיך אַזוי שטאַרק געבעטען, אַז איך זאָל מיט איהם פאָהרען אין זשאַנדאַרמעריע, אַז איך האָב ניט געקאָנט זיין קיין גראָבער יונג און האָב געמוזט אָננעמען די ליבענסווירדיגע איינלאַדונג.

ווען מען האָט מיך אין אדעסער זשאַנדאַרמסקער פּראַווליע־ניע באַפרייט . . . פון מיין דיקער העמד, וועלכע איז געווען דורך און דורך אויסגעווייקט אין שוויים, איז מיר געוואָרען אַ ביסעל קיהלער. קיין אַנגענעהמע ערלייכטערונג האָב איך אָבער ניט דערשפּירט.

צוויי טעג האָט מען מיך געהאַלטען אין אָדעסער טיורמע, וואו איך האָב נאָך אַלץ באַיקאַטירט די רוסישע שפּראַך און גערעדט "גאָלע„ פראַנצויז. ערשט ווען מען האָט מיך אריינגע־זעצט אין וואַגאָן אין דער באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרען (איינער פון זיי איז געווען מיין אַלטער באַקאַנטער, דער גראָבער כאָכאָל) און מיך געשיקט קיין פּעטערבורג, — ערשט דאַמאָלט האָב איך מיטאַמאָל אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן און צו רעדען רוסיש.

אין פּעטערבורגער זשאַנדאַרמעריע האָט מיך באַגעגענט מיין אַלטער באַקאַנטער, טאָוואַרישטש פּראָקוראָר טרוסעוויטש. מיט אַ גיפטיג שמייכעלע אויף זיין פוקסען־פּנים, האָט ער, בליאַס־קענדיג מיט זיינע ווייסע חזיר'שע ציין, אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— „אַפּיאַט' ק'נאַם פּאָזשאַלאָוואַלי? טשטאָ זווי נאַם טיעפּער סקאַזשעטיע?" (ווידער ביי אונז צו גאַסט? וואָס וועט איר איצטער זאָגען גוטס?)

איך האָב זיי גאָרניט געוואָלט זאָגען. טרוסעוויטש האָט אַ דריק געטאָן אַן עלעקטרישען גלעקעל און מיט רוגזה אַ געשריי געטאָן צו דעם אָפיצער, וואָס איז אריין אויפ'ן קלונג:

— פיהרט אָפּ דעם ארעסטאַנט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקע קריעפּאָסט!

# ערשטער קאַפּיטעל

גערשוני'ס וואונדערבאַרער לעבען. — די טראַגעדיע פון זיין פריהצייטיגען טויט.

„סלאַווא פּאַגיבשים, זשיוואושטשים סוואָבאָדאַ" — (רוהם די געפאַלענע, די לעבעדיגע — פרייהייט) — אזוי ענדיגט גרי־גאָרי גערשוני זיין פּאָעמא „ראַזרושעננִי מאָל". אָבער די גרויסע פאַרעהרונג, וואָס מיר פיהלען צו די געפאַלענע אין קאַמף פאַר אונזער אַלעמענס פרייהייט און גליק, איז זעהר אַ שוואַכע טרייסט. ווען מען דערמאָהנט זיך אַז גערשוני, וועלכער האָט אוועקגעגעבען די גאַנצע אומגעהויערע קראַפט פון זיין נשמה פאַר דער באַפרייאונג פון אונזער פאָלק און פון אַלע איבעריגע פעל־קער פון רוסלאַנד, האָט ניט זוכה געווען צו זעהן דעם גרויסען טריאומף פון זיינע אידעאַלען, ווערט זעהר טרויעריג אויפ'ן האַרצען. דער גרויסער זיעג גופא הויבט אָן צו קלינגען ווי אַ טייוועלשע איראָניע פון יענער בלינדער אַכזריות'דיגער קראַפט, וואָס שניידט אָן קאָסעט רעכטס און לינקס, די שטאַרקסטע אזוי גוט ווי די שוואַכע. און אַ ביטערער האַס צו אָט דער קראַפט פילט אָן דאָס האַרץ און עס ווילט זיך שרייען און שילטען אונזער פאַלשטענדיגע אָהנמעכטיגקייט אַנטקעגען איהר.

אויב ווער פון אונז האָט כשר פאַרדיענט צו דערלעבען דעם איצטיגען גרויסען היסטאָרישען מאָמענט און צו פיהרען די פעל־קער פון רוסלאַנד צום רוהמפולען זיעג פון פרייהייט און ברידער־ליכקייט, איז דאָס געווען גריגאָרי גערשוני. אָבער גערשוני איז טויט. אַנשטאָט דעם לעבעדיגען העלד האָבען מיר אַ שעהנע מצבה אויפ'ן בית עלמין „מאָונט פּאַרנאַס" אין פּאַריז . . . און די אַלע הספד'ישע טרייסטונגען, אַז זיין גייסט לעבט צווישען אונז, און אַז זיין אָנדענק וועט לעבען אייביג אין די הערצער

פון די קומענדיגע דורות, קלינגען ווי פוסטע, כמעט לעכערליכע פראַזען.

פיעלע פון מיינע חברים רעוואָלוציאָנערען האָבען ניט גע־האַט דאָס גליק צו זעהן די וואונדערבארע רעזולטאַטען פון זייער קאַמף. שרעקליך טראַגיש איז דער טויט פון פיאָטער קאַרפאָ־וויטש, וועלכער האָט דער ערשטער אָנגעפאַנגען דעם טעראָ־ריסטישען קאַמף פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. זיינע בעסטע יונגע יאָהרען האָט ער אָפּגעשמאַכט אין געפענגנים און אויף קאַטאָרגע, דערנאָך אין גלות, ווייט פון זיין היימאַט און דעם פאָלק וואָס ער האָט אַזוי היים געליעבט. ווי נאָר די ערשטע בשורה פון דער זיעגרייכער רעוואָליוציע איז אָנגעקומען אין לאָנ־דאָן, האָט ער זיך געלאָזען צוריק אין רוסלאַנד. אָבער איהם איז ניט באַשערט געווען צו זעהן דאָס „פארשפּראָכענע לאַנד" פון זיינע טרוימען און ער האָט געפונען זיין טויט אין די קאַלטע וואסערען פון ים, ווען אַ דייטשע סובמארין האָט געזונקען די שיף וואָס האָט איהם אַהין געפיהרט. עטליכע פון מיינע פאַר־שטאָרבענע חברים זיינען מיר פערזענליך געווען נעהנטער איידער גערשוני. און דאָך איז מיר קיינעמס טויט ניט אַזוי פאַרדראָסיג ווי דער טויט פון גריגאָרי גערשוני.

ווי אַ לעבעדיגער שטעהט ער מיר פאַר די אויגען מיט זיין זעלטען־קלוגען פנים, פול מיט איבערלייגטער ענטשלאָסענהייט און כמעט איבערמענשליכער איינגעהאַלטענער קראַפט. וואָס פאַר אַ וויכטיגע ראָלע וואָלט ער געשפּילט אַלס מיטגליד פון דער רוסישער פּראָוויזאָרישער רעגירונג! אָבער ניט פאַר דעם גרויסען פארלוסט, וואָס גערשוני'ס טויט באַדייט פאַר רוסלאַנד, טוט אַזוי וועה דאָס הארץ. די פעלקער פון רוסלאַנד וועלען אויסאַרביי־טען זייער פולע גאולה אביסעל פריהער אָדער אביסעל שפּעטער, מיט אביסעל מעהר אָדער אביסעל ווייניגער אינערליכע רייבונגען. עס זיינען שוין אויסגעוואַקסען און עס וועלען געוויס נאָך אויס־וואַקסען מעהר פּערזאָנען מיט קלאָרע קעפּ און גרויסע הערצער, וואָס וועלען ברייינגען אָרדנונג אין דעם גרויסען און רייכען לאַנד, און וואָס וועלען פיהרען די פעלקער פון רוסלאַנד אויפ'ן וועג פון רוהיגער און שנעלער אנטוויקלונג. אָבער גערשו־

נ י ' ס קלאָרער קאָפּ איז אויף אייביג פאַרלאָרען און דאָס גרויסע האַרץ זיינס וועט שוין קיינמאָל מעהר ניט קלאַפּען. און אונזער „ברוך דיין אמת" קלינגט ווי שפּאָט און גאָטלעסטערונג, ווען מען דערמאָנט זיך אָן דער דאָזיגער שרעקליכער אומגערעכ־טיגקייט.

צווישען אַלע מיינע פריינד געדענק איך ניט קיין איינעם, וואָס זיין גאַנץ אינערליך לעבען זאָל זיין אזוי דורכגעדרונגען מיט דעם קאַמף אַנטקעגען דעם דעספּאָטיזם פון דער רוסישער רעגירונג, ווי ביי גערשוני'ן. ער האָט געהאַט אַ ברייטע און טיפע נשמה און איז געווען פול מיט לעבענסלוסט און לעבענס־קראַפט. ער האָט געוואוסט ווי צו שעצען אַלע זייטען פון פּערזענליכען גליק, אין אַלע זיינע העכסטע און שעהנסטע פאָרמען. אָבער וואָס מעהר ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף, אַלץ מעהר האָט זיך זיין ריין־פּערזענליך לעבען און ריין־פּערזענליך גליק אָפּגערוקט אין הינטערגרונד. די גרעסטע האָפנונג פון זיין וועזען איז געווען צו דערלעבען זעהן אַ פריי רוסלאַנד.

ווען מען האָט איבער איהם אַרויסגעזאָגט דעם טויט־אורטייל אין פעברואר, 1904, איז זיין ערשטער געדאַנק געווען: „איז עס מעגליך אז קיינמאָל־קיינמאָל וועל איך ניט וויסען וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט; וואָס איז געוואָרען דער סוף פון אונזער קאַמף?" — איבער דריי וואָכען צייט איז דער טויט אורטייל געהאַנגען איבער גערשוני'ס קאָפּ, און יעדען אָבענד, ווען ער פלעגט זיך לייגען אויף זיין אייזערנעם בעט אין דער איינזאַמער צעל פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, האָט ער ערוואַרטעט, אז אין דער נאַכט וועט מען איהם פיהרען צום עשאַ־פאָט. זיין אייזערנער מוט האָט איהם אָבער ניט פאַרלאָזען.

ווען דער וויצע־דירעקטאָר מאַקאַראָוו איז געקומען אין דער פעסטונג און זיך געבעטען ביי איהם ער זאָל אונטערשרייבען אַ ביטע צו ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו, ער זאָל איהם שענקען דאָס לעבען, האָט גערשוני זיך מיט שטאָלץ אָפּגעזאָגט דערפון. די אכזריות'־דיגע רוסישע רעגירונג האָט ניט געהאַט דעם מוט צו הענגען גערשוני'ן. דעם 17־טען מערץ איז באַראָן אָסטען־סאַקען, דער

פּאַרזיצענדער פון געריכט, געקומען צו גערשוני'ן און איהם גע־בראַכט די בשורה, אַז זיין טויט־אורטייל איז פאַרביטען געוואָרען אויף אייביגע קאַטאָרגע. גערשוני האָט זיך שוין אַזוי געהאַט צוגעוואוינט צום געדאַנק פון טויט, אַז פון אָנהויב האָט ער זיך כמעט געפיהלט ענטוישט. ווען ער איז געקומען צו־זיך פון דער אומערוואַרטעטער בשורה, האָט זיך זיין געדאַנק אָפּגעשטעלט אויף דער אַלגעמיינער לאַגע אין רוסלאַנד נאָך די קלעפּ, וואָס זי האָט געקראָגען פון די יאַפּאַנעזער, און ער האָט געטראַכט: „דאָס לעבען איז געקומען צו מיר צוריק אין אַ מאָמענט ווען דאָס הארץ פיהלט אַ זיכערקייט, אַז די שעה פון רוסלאַנד'ס באַ־פרייאונג איז נאָהנט, און אַז איך וועל זוכה זיין צו זעהן די באַפרייאונג מיט מיינע אייגענע אויגען“.

גערשוני האָט ניט געמאַכט קיין טעות. די נידערלאַגע פון רוסלאַנד אין איהר קריג מיט יאַפּאַן און דאָס ערמאָרדען פון פּלעווע'ן, האָבען אַ שטאַרקען טרייסעל געטאָן די גראַניטענע זיילען פון דער זעלבסטהערשונג און, ווען ער איז שוין געווען אין שליסעלבורגער פעסטונג צוזאַמען מיט סאַזאָנאָוו'ען, קאַרפּאָ־וויטש'ען און מיט די אַלטע קעמפּערס פון דער נ א ר א ד־נ א י א ו א ל י א, האָט ער אין 1905 דורכגעלעבט דעם האָניג מאָנאַט פון דעם פריהלינג פון דער רוסישער פרייהייט. אָבער דער פריהלינג איז באַלד אַריבער. דער קאַלטער, בייסענדער ווינט פון רעאַקציע האָט ווידער אַ בלאָז געטאָן איבער דעם אומגליקליכען לאַנד און די יונגע פרייהייט־בליטען זיינען גיך פאַרוועלקט געוואָרען. די רעגירונג איז געוואָרען ווילד פון שרעק און האָט אַרויסגעשיקט אַלע פינסטערע כחות צו דערטריג־קען די רעוואָלוציע אין טייכען פון בלוט.

דער רעאַקציאָנערער שטורמווינט האָט זיך דורכגעריסען דורך די ווענט פון געפענגנגים און האָט אויסגעלאָשען די דאָזיגע האָפ־נונג. די אַנטוישונג איז געווען זעהר ביטער. נאָר גערשוני'ס מוטה האָט זיך ניט געבויגען, און ווען מען האָט איהם אין יאַנואַר, 1906, געבראַכט אין מאָסקווע אין פּוגאַטשאָוו'ס טורעם פון דער בוטירקע־געפענגנים, און אַ חבר, וואָס איז געזעסען אין דער צעל וואָס איבער זיינער, האָט איהם „געקלאַפּט“ די „טעלעגראַמע“

אז „אַ שוואַרצער שטורעם קומט אָן!", האָט גערשוני געענט־פערט:

„און מיר וועלען זיך נאָך ראַנגלען און באַקעמפען דעם שוואַרצען שטורעם!"

דער אומדערמידליכער קעמפער האָט זיך געראַנגעלט און אויף אַ וואונדערבאַרען אופן זיך אַרויסגעראַנגעלט פון אַקאַטויער קאַטאָרגע און זיך גלייך ווידער אַריינגעוואָרפען אין הייסען קאַמף. אָבער אומדערוואַרט האָט זיך אונטערגע'גנב'עט דער באַרמלאָזער טויט און איבערגעשניטען זיין יונג, העלדיש לעבען. און יעצט, ווען דער אמת'ער פריהלינג איז געקומען און די זריעה, וואָס ער האָט פאַרזייט, איז אויפגעגאַנגען און, ווי דורך עפּעס אַ כּישוף, אויסגעוואַקסען אין אַ וואונדערשעהנעם בוים פון אַ פרייער רוסישער רעפּובליק, איז שוין גערשוני מעהר ניטאָ צווישען אונז!

אַך, וואו נעהמט מען צוריק דעם אַלטען, פעסטען גלויבען אין דעם, אַז מיט'ן טויט פון אונזער קערפּער ענדיגט זיך ניט דאָס אינדיווידועלע לעבען פון אונזער נשמה, אַז אונזער באַ־וואוסטזיין פאַרשווינדט ניט, ווען אונזערע אויגען שליסען זיך צו אויף אייביג, נאָר לעבט און אַנטוויקעלט זיך אומענדליך אין אַלץ נייע און העכערע עולמות! וואָס פאַר אַ טרייסט וואָלט עס געווען צו גלויבען מיט'ן גאַנצען האַרצען, אַז גערשוני ווייס וואָס עס האָט יעצט פּאַסירט אין רוסלאַנד, און אַז זיין גרויסער גייסט שוועבט איצט איבער דעם לאַנד ניט נאָר אַלס ירושה וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין די מחות און הערצער פון זיינע צאָהל־רייכע תלמידים, נאָר אויך אַלס אַן אינדיווידועלע נשמה!

## צווייטער קאפיטעל

מיין ערשטע בעגעגעניש מיט גערשוני'ן. — ביי זיין ברודער אין מינסק. — „די ארבייטער פארטיי פאר דער פאליטישער באפרייאונג פון רוסלאנד". — גערשוני דערצעהלט וועגען זובאטאוו'ען. — אין בלאני ביי באנטש־אסמאלאווסקי'ן.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך מיט גערשוני'ן באגעגענט אין מינסק, דאכט זיך, אין סוף 1897. דאָס האָט געמוזט זיין אומגעפעהר א יאָהר נאָך דעם, ווי ברעשקאָווסקאיא האָט זיך אָנגע־שלאָסען אָן דער אָרגאַניזאציע פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען און איז געוואָרען אונזער פארטרעטער אין רוסלאנד. אונזערע וויכטיגסטע פיהרענדע קרעפטען זיינען דאמאָלט געווען אין דער שווייץ. די גאַנצע אָרגאַניזאציע איז נאָך געווען זעהר קליין און האָט געטראָגען דעם נאָמען „דער פארבאנד פון די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען". דער אויסלענדישער קאָמיטעט איז אין גאַנצען באַשטאַנען פון זיבען פערזאָנען: דר. חיים זשיטלאָווסקי און זיין פרוי, דר. חנן ראפאָפּאָרט און זיין פרוי (געבאָרענע פאניע ראטנער), יעלענא פאָלובאָיארינאָווא, לע־ווענטים און איך. א חוץ דעם קאָמיטעט האָבען מיר געהאט עטליכע אָנהענגער צווישען די רוסישע סטודענטען אין בערן און אין ציוריך, וועלכע האָבען געהאָלפען הויפּטזעכליך פינאנציעל. די דאָזיגע „רוסישע" סטודענטען, זיינען, ווי געוויינליך, געווען כמעט אַלע אידען. מיר האָבען אויך געהאט א פּאָר סימפּאטיזי־רענדע גרופּען צווישען די רוסלענדישע סטודענטען אין דייטש־לאַנד. איינע פון זיי, אין דארמשטאַט, אָרגאַניזירט פון אזעוו'ן. אין רוסלאנד האָבען מיר געהאט עטליכע גרופּעס אין פארשידענע שטעדט.

דער באַבושקאַ'ס אויפגאבע איז געווען הויפּטזאכליך צו זוכען מענשען, וואָס טיילען מעהר אָדער וויניגער אונזערע אנ־

שוויאונגען, און צוציהען זיי צו אַקטיווער אַרבייט. זי האָט מיר איבערגעגעבען, אַז זי האָט באַזוכט פילע פון די גרעסערע שטעט אין רוסלאַנד און האָט געפונען צווישען דער ראַדיקאַלער אינטע־ליגענץ אַ פערהעלטניסמעסיג גרויסע צאָל טוערס, פאַר וועלכע דאָס פּראָגראַם פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, דאַמאָלט די הערשענדע פּאַרטיי אין רוסלאַנד, איז געווען צו ענג און צו איינזייטיג, און וואָס זיינען געווען איינשטימיג מיט די גרונד־פּרינציפּען פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

קיין געדרוקטען פּראָגראַם האָבען מיר נאָך דעמאָלט ניט געהאַט און אונזערע אנשויאונגען האָבען מיר געדאַרפט איבער־געבען בעל־פּה. גריגאָראָוויטש׳עס (אַ פּסעוודאָנים פון דר. חיים זשיטלאָווסקי) בראָשורע „סאָציאַליזם און דער קאַמף פאַר פּאָלי־טישע פרייהייט“, וועלכע האָט אַנטהאַלטען אונזער פּראָגראַם, איז ערשט אריינגעגעבען געוואָרען אין דרוק און איך האָב דאַמאָלט געבראַכט אין רוסלאַנד נאָר דעם ערשטען געדרוקטען בויגען.

איך האָב געפרעגט ביי דער באַבושקאַ, צי זי האָט אין דער ליטא געפונען עפּעס טיכטיגע פּערזאָנען, וואָס זיינען גענייגט צוצושטיין צו אונז.

„זעהר ווייניג, האָט זי געענטפערט. אין די אידישע שטעט איז די ראַדיקאַלע יוגענד כמעט דורכאויס מאַרקסיסטיש געשטימט און געהערט אָדער צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אָדער צום „בונד“. דערהוייל ווייס איך נאָר פון צוויי ערנסטע מענשען, וועלכע עס וועט זיך אפשר איינגעבען צוצוציהען צו אונזער אָרגאַניזאַציע. איינער פון זיי איז באָגטש־אַסמאָלאָווסקי, אַ גוטסבאַזיצער אין דאָרף ב ל אָ נ י , ניט ווייט פון מינסק. ער פיהרט אָן צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי זין אַן ערפאָלגרייכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די אַרומיגע פּויערים.

דער צווייטער איז אַ בעמיקער, אין מינסק, אַ געוויסער גריגאָרי גערשוני. ער באַטראַכט זיך אפילו פאַר אַ מאַרקסיסט, נאָר ער איז פיעל מעהר סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, ווי סאָציאַל־דעמאָקראַט. איבערהויפּט פאַרשטעהט ער די וויכטיגקייט פון טעראָריסטישען קאַמף מיט דער רוסישער דעספּאָטישער רעגירונג.

איך רעכען, עס איז כדאי איהר זאָלט אריבערפאָהרען אין מינסק און זיך זעהען מיט די צוויי פערזאָנען. איבערהויפּט וואָלט זיך מיר געוועלט, אז גערשוני זאָל זיך אָנשליסען אָן אונזער אָרגאַני־זאַציע. דאָס איז אַ זעלטען שטאַרקע פּער־זאָן. אויב איך וועט זיך איינגעבען איהם אריינצוברענגען אין אונזער אָרגאַניזאַציע, וועט דאָס זיין פאַר אונז אַ גרויסער געווינס".

איך האָב באַשלאָסען צו פאָהרען זיך זעהן מיט איהם און האָב געבעטען די באַבושקאַ, זי זאָל מיר געבען דעם פּאַראָל מיט גערשוני'ן. אונטער די דאַמאָלטיגע אומשטענדען אין רוסלאַנד, האָט מען, פאַרשטעהט זיך, ניט געקאָנט געטרויען אָן אונבאַקאַנ־טען מענשען, וואָס איז געקומען רעדען וועגען רעוואָלוציאָנערע אנגעלעגענהייטען, סיידען ער האָט געבראַכט אַ צייכען, אז ער איז אָן „אייגענער". דעריבער האָבען מיר געהאַט מיט יעדער גרופּע און מיט יעדער וויכטיגער איינצעלנער פּערזאָן, וועלכע איז געשטאַנען מיט אונז אין פאַרבינדונג, אַ באַשטימט וואָרט אָדער אַ באַשטימטע פראַזע, וואָס האָט געדינט אַלס פּאַראָל.

דאַ האָט זיך די באַבושקאַ דערמאָנט אז זי האָט פאַרגעסען צו באַשטימען אַ פּאַראָל מיט גערשוני'ן.

„אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד". זי האָט זיך פערטראַכט. „מיר וועלען טאָן אָט וואָס, האָט זי געזאָגט, געהן דירעקט צו ג. גער־שוני'ן וואָלט איבערהויפּט ניט געווען ראַטזאַם, ווייל מיט אַ קורצער צייט צוריק איז ער געווען אַרעסטירט. אַזוי ווי עס זיינען ניט געווען קיין באַווייזע וועגען זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט, האָט מען איהם געמוזט אַרויסלאָזען. אָבער ער איז אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. גערשוני האָט אין מינסק אַ ברודער, אַ דאָקטאָר, וועלכער נעהמט ניט קיין אַקטיווען אַנטייל אין דער באַוועגונג. איך האָב זיך מיט איהם ניט לאַנג צוריק געזעהן און איך געדענק אונזער לעצטען גע־שפּרעך. איהר וועט איהם איבערגעבען דעם געשפּרעך אַלס אַ סימן, אַז איך האָב אייך געשיקט, און ער וועט אייך שוין צוזאַמענפיהרען מיט גריגאָרי'ן".

און זי האָט מיר דערצעהלט, אַז מיט אַ פּאָר חדשים צוריק

האָט זיך דער דאָקטאָר פאַר איהר באַקלאָגט, אַז זיין דינער האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבען „צו טרינקען", און אַז ווען ער שכור'ט זיך אָן שלאָגט ער אָפט זיין ווייבעל, מיט וועלכער ער וואוינט אין דאָקטאָר'ס הויז.

איך בין געקומען אין מינסק אַ זייגער זיבען אין־דער־פריה, איבערגעלאָזט מיינע זאַכען אויפ'ן וואָקזאַל און אַוועק אויפזוכען דר. גערשוני'ס הויז.

ווען איך בין צוגעקומען צום דאָקטאָר'ס הויז, איז נאָך געווען צו פריה פאַר זיינע אויפנאַהם־שטונדען, און, הגם איך האָב ניט באַמערקט קיין פאַרדעכטיגע באַגלייטונג הינטער זיך און ארום דעם הויז איז געווען „ריין", האָב איך דאָך גערעכענט פאַר גלייכער אָפּשטאַטען מיין וויזיט אין די באַשטימטע אויפנאַם־שטונדען. איך האָב אביסעל ארומגעשפּאַצירט איבער'ן שטאָט און ווען איך בין געקומען צוריק, האָב איך שוין ביים דאָקטאָר אין וואַרטצימער געפונען דריי פּאַציענטען. ווען עס איז גע־קומען מיין רייה, בין איך אריין צום דאָקטאָר אין קאַבינעט, ער האָט מיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטול און געפרעגט וואָס מיר פעהלט.

— אייער דינער שלאָגט נאָך אַלץ זיין פרוי? — האָב איך איהם אַ פרעג געטאָן.

ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

איך האָב איהם דערמאָהנט וועגען זיין געשפּרעך מיט דער באַבושקאַ און ערקלעהרט, אַז איך דאַרף זיך זעהן מיט זיין ברודער. ער האָט מיר געגעבען גריגאָרי'ס אדרעס און געראַטען ניט אריינצוגעהן צו איהם, אויב איך וועל ניט זעהן אַ טאָפּ מיט בלומען אין דעם מיטעלסטען פענסטער פון זיין קוואַרטיר. דאָס איז געווען גערשוני'ס צייכען, אַז קיין „אומגעבעטענע געסט" זיינען ביי איהם אין הויז ניטאָ און אַז מען מעג אריינ־געהן.

איך האָב זיך אָפּגעזעגענט און שוין געוואָלט ארויסגעהן, ווען דער דאָקטאָר האָט אַ זאָג געטאָן צו מיר:

„כדי צו זיין גאָר זיכער, וואָלט ניט שאַדען מיטצוגעבען אַ קליין פלעשעל פאַר אַ כעמישען אנאַליז".

יעצט האָב איך דעם דאָקטאָר אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— פאַרשטעהט איהר מיך, האָט דער דאָקטאָר ערקלערט, איך שיק אָפּט מיינע פּאַציענטען מיט אַזעלכע פּלעשלעך צו גריגאָרי'ן פאַר אַ כעמישען אַנאַליז וועגען זייער נירען־צושטאַנד. טאָמער, חלילה, מאַכט זיך, אַז צו מיין ברודער קומען גראָד אָן די „בלויע מונדירען" און ווערען שטאַרק נייגעריג צו וויסען, וואָס אַזוינס איהר טוט ביי איהם, קאָנט איהר זיי ווייזען דאָס פּלעשעל.

איך האָב געטאָן ווי דער דאָקטאָר האָט געהייסען.

ער האָט אָנגעקלעפּט אויפ'ן פּלעשעל אַ צעטעלע מיט דער אויפשריפט „חייקין" (דאָס איז דעמאָלט געווען דער נאָמען פון מיין פּאַס) און מיט דעם פּלעשעלע אין האַנט בין איך אַוועק צו גריגאָרי גערשוני'ן.

דער טאָפּ מיט די בלומען איז געשטאַנען אויף זיין „פּאָסט". געוואָרפען אַ בליק הינטער זיך, צו זעהן אויב איך האָב ניט מיט־געשלעפּט עפּעס אַן „עק", האָב איך אָנגעקלונגען.

אַ יונגער מאַן פון מיטלען וואוקס, מיט אַ הויכען שטערען, פון אונטער וועלכען עס האָבען געקוקט אויף מיר אַ פּאָר קלוגע דורכדרינגענדע אויגען פול מיט שטאָלענער ענערגיע, האָט געעפענט די טיר. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער מאַן, וועלכען די באַבושקאַ האָט מיר באַשריבען.

„אייערע בלומען אין פענסטער וואַקסען זעהר שעהן", האָב איך באַמערקט.

גערשוני האָט מיט אַ שמייכעל געענטפערט:

„איך האָף, אַז זיי איז באַשערט צו בליהען אַ לאַנגע צייט!"

מיר זיינען אריין אין לאַבאָראַטאָריע, וואו עס האָט גע־הערשט אַ זעלטענע ריינקייט און אָרדנונג. מיר האָבען זיך געזעצט און איך האָב איהם איבערגעגעבען מיין געשפּרעך מיט דער באַבושקאַ און דעם ציל פון מיין באַזוך. ער האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם ערקלערען די איינצעלהייטען פון אונזער פּראָגראַם. ער האָט זעהר אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט און פון צייט צו צייט געמאַכט קורצע באַמערקונגען. ער איז ניט געווען

איינפערשטאַנען מיט אונזערע טעאָרעטישע אַנזיכטען וועגען געשיכט־פילאָסאָפישע פראַגען. הגם ער איז ניט געווען קיין ענגער מאַרקסיסט און האָט צוגעגעבען אַז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז ניט דער איינציגער וואָס ווירקט אויף דעם אַנטוויקלונג־גאַנג פון דער געשיכטע, האָט ער דאָך געדענקט, אַז מיר איבערשאַצען די ווירקונג פון די אַזוי גערופענע *אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען*. ער האָט אויך גערעכענט אַז מיר לייגען צופיעל געוויכט, צופיעל האָפנונגען אויף די פויערים און דער אינטעליגענץ. ער איז אָבער געווען אינגאַנצען איינפאַרשטאַנען מיט אונז אין דער פראַגע פון טעראָר, האַלטענדיג אַז אָהן אַקטיווען קאַמף מיט דער רוסישער רעגירונג קאָן מען ניט האָפען צו עראָבערען פּאָליטישע פרייהייט אין רוסלאַנד, און אַז אָהן פּאָליטישער פרייהייט איז ניט מעגליך צו פיהרען אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדא צווישען די מאַסען אין אַ גרעסערען מאַסשטאַב. אונטער דעם וואָרט „מאַסען“ האָט ער פאַרשטאַנען הויפּטזעכליך דעם שטאָטישען פּראָלעטאַריאַט.

ווען איך האָב געענדיגט די ערקלערונג פון אונזער פּראָגראַם, איז גערשוני צוגעגאַנגען צו אַ קליין אויוועלע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ רויט ביכעל און דערלאַנגט מיר איך זאָל דאָס דורכלעזען. ער האָט געהאַלטען די אומלעגאַלע ליטעראַטור און עטליכע פּאַפּירען אין אויוועלע כדי צו קאָנען עס אונטערצינדען ווי נאָר די פּאָליציי וועט קומען מאַכען ביי איהם אַן „אָביסק“. די בראָשורע, וואָס ער האָט מיר געוויזען איז געווען אַן ערקלערונג וועגען דער גרינדונג פון דער „אַרבייטער פּאַרטיי פאַר דער פּאָליטישער באַפרייאונג פון רוסלאַנד“. ווי איך האָב פאַרשטאַנען, איז די בראָשורע געווען געשריבען פון גערשוני׳ן אַליין.* איהר הויפּטצוועק איז געווען צו באַווייזען, אַז צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדא צווישען די אַרבייטער מוז ווערען געפיהרט אַ טעראָריסטישער קאַמף מיט דער רעגירונג. כדי צו

---

*) ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבען, איז דאָס ביכעל אונטער דעם נאָמען „סוואָבאָדאַ“ פון איינער אַ קליאַטשקאָ־ראַדיאָנאָוואַ. איך דענק אָבער, אַז גערשוני האָט עס רעדאַגירט.

שאַפען די פּאָליטישע פרייהייט, וואָס זאָל געבען אַ מעגליכקייט פאַר אַן אָפענער אַגיטאַציע צווישען די מאַסען.

„מיר שטרעקען אויס אונזער לינקע האַנט צו די סאָציאָל־דעמאָקראַטען, ווייל אונזער רעכטע האַנט איז פאַרנומען מיט'ן שווערט", איז דאָרט געווען געשריבען.

איך האָב זיך באַמיהט צו דערווייזען גערשוני'ן, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטען וועלען קיינמאָל ניט איינווילינגען אריינ־צונעמען אין זייער פּאַרטיי אַ גרופּע וואָס וויל געהן אויפ'ן וועג פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ אין פּאָליטישען קאַמף מיט דער רע־גירונג, און אַז זיין אויסגעשטרעקטע לינקע האַנט וועט בלייבען הענגען אין דער לופטען.

מיר, סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, דענקען, האָב איך איהם געזאָגט, אַז די צוברעקלונג פון די רעוואָלוציאָנערע קרעפ־טען איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער באַוועגונג און דאריבער פאָדערען מיר ניט פון די, וואָס ווילען אריינטרעטען אין אונזער אָרגאַניזאַציע, אַז זיי זאָלען זיין איינפאַרשטאַנען מיט אונזערע אַנשויאונגען אין אַלע פּרטים. איך בין זיכער, אַז מיר וואָלטען קאָנען זעהר גוט אַרבייטען צוזאַמען, ניט קוקענדיג אויף עטליכע טעאָרעטישע מיינונגס־פאַרשיידענהייטען. איך בין זיכער, אַז אונזער פאַרבאַנד וואָלט זיין העכסט־צופרידען אריינצונעמען איהם און זיינע חברים אין אונזער אָרגאַניזאַציע „מיט ביידע הענט", מיט דער רעכטער אַזוי גוט ווי מיט דער לינקער... עס איז אמת, האָב איך געזאָגט, אַז מיר לייגען אַ גרויס געוויכט אויף די דאָרפישע מאַסען און דער אינטעליגענץ, אָבער מיר אונטערשעצען ניט דעם ווערט פון דעם שטאָטישען פּראָלעטאַריאַט.

גערשוני האָט מיך פאַנאַנדערגעפרעגט וועגען אונזערע קרעפ־טען אין אויסלאַנד און אין רוסלאַנד. איך האָב ניט געלייקענט, אַז אין צאָל זיינען מיר נאָך דערווייל ניט שטאַרק. איך האָב איהם אָבער אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איבעראַל זיינען דאָ אַ סך עלעמענטען וואָס סימפּאַטיזירען מיט אונזערע אַנשויאונגען, און וואָס וועלען פריהער אָדער שפּעטער צושטעהן צו אונזער אָרגאַ־ניזאַציע. גערשוני האָט באַמערקט אַז ער האַלט פאַר אַ פעהלער פון אונזער זייט, וואָס מיר נעמען ניט אָן דעם נאָמען „פּאַרטיי"

אַנשטאָט דעם צו־באַשיידענעם נאָמען „פאַרבאַנד". איך האָב איהם געזאָגט, אַז מיר רעכענען אָנצונעמען דעם נאָמען „פּאַרטיי" ווען די צאָל פון אונזערע מיטגלידער אין רוסלאַנד וועט זיך פאַרגרעסערען.

נאָך אַ קורצער איבערלעגונג האָט געֶרשוני ערקלערט, אַז דערווייל קאָן ער ניט אַריינטרעטען אין אונזער אָרגאַניזאַציע. ער וועט איבעררעדען, האָט ער געזאָגט, מיט זיינע חברים פון דער „אַרבייטער פּאַרטיי פאַר דער פּאָליטישער באַפרייאונג פון רוסלאַנד" און ער רעכענט, אַז פריהער אָדער שפּעטער וועלען מיר זיך פאַראייניגען. ער האָט דאָך צוגעזאָגט צו פאַרשפּרייטען אונזער ליטעראַטור און צו העלפען אונז מיט וואָס ער וועט קאָנען. מיר האָבען באַשטימט אַ שיפר (פאַר אַ שליסעל צו אונזער שיפר האָבען מיר אָנגענומען דעם זאַץ „דער דינער שלאָגט זיין פרוי"). איך האָב איהם געגעבען איינעם פון אונזערע זיכערסטע אַדרעסען אין בערן, (פון דעם בערנער פּראָקוראָר צ׳גראַגען), און גענומען ביי איהם אַן אַדרעס אין מינסק. מיר האָבען אָפּגערעדט, אַז די בריף זאָלען געשיקט ווערען אין דעם איינבונד פון אַ בוך, אַריינגעקלעפּט אין אַ דאָפּעלטען טאָוועל.

פאַר׳ן געזעגנען זיך האָט מיר געֶרשוני דערצעהלט וועגען זיין אַרעסט און וועגען די דריי וואָכען, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין מאָסקאָווער טורמע. די מגפה פון ז ו ב א ט אָ ו ו ־ ש ט ש י נ ע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבען צו פאַרשפּרייטען אין די ליטווישע שטעט, איבערהויפּט אין מינסק. פיעל פון די גאַנץ אָנגעזעהענע טוערס זיינען אַריינגעפאַלען אין די פיין־געוועבטע נעצען פון דעם כיטרען פּראָוואָקאַטאָר זובאַטאָוו, וועלכער האָט זיי איינגערעדט, אַז אויב זיי וועלען געהען האַנט־אין האַנט מיט דער רעגירונג, וועט ער זיי העלפען איינפיהרען אין רוסלאַנד אַ כמעט־סאָציאַליסטישע אָרדנונג.

ווי עס ווייזט אויס, האָט זובאַטאָוו גלייך אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון געֶרשוני׳ס זעלטענער פּערזענליכקייט און האָט אָנגעווענדעט אַלע קרעפטען איהם אַריינצונאַרען אין זיין פּאַסטקע. ער האָט געהייסען, אַז מען זאָל געֶרשוני׳ן געבען אין געפעננגניס אַלע פּריוויליגיעס. ער האָט איהם אפילו ערלויבט צו געהן אָנקוקען

מאָסקווא אין דער באַגלייטונג פון א זשאַנדאַר. ער האָט אַליין געבראַכט גערשוני'ן די נייעסטע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. זיבען גאַנצע נעכט האָט זובאַטאָוו געקנעלט מיט גערשוני'ן און פאַר איהם געשילדערט די גרויסע ראָליע, וואָס ער וועט שפּילען, און דעם גרויסען נוצען וואָס ער וועט ברייגגען דעם סאָציאַליזם, אויב ער וועט נאָר איינווילינען יצו אָרגאַניזירען די ארבייטער מאַסען אונטער זיין (זובאַטאָוו'ס) שיצענדען פליגעל.

גערשוני האָט מיר דערצעהלט, אַז זובאַטאָוו איז געווען א גלענצענדער רעדנער און א זעלטענער פּסיכאָלאָג. עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען אונטער זובאַטאָוו'ס כמעט היפּנאָטישען איינפלוס, האָט ער גענומען טראַכטען, אַז עס וואָלט אפשר געווען ראַטזאַם אָנצונעהמען דעם פּאָרשלאָג. אָבער גערשוני, דער קלאָרער קאָפּ, האָט באַלד פאַנאַנדערגעטריבען דעם כשוף־נעפעל, אין וועלכען זובאַטאָוו האָט זיך באַמיהט איהם איינצוואַוויקלען, און זיין געזונטער פאַרשטאַנד האָט באַלד באַנומען, אַז פון דעם דאָזיגען זשאַנדאַרמסקען סאָציאַליזם קאָן ארויסוואַקסען נאָר שמאַך און שאַנד. זובאַטאָוו'ס ארבייט איז דאָס מאָל געווען ארויסגעוואָרפען. ער האָט געמוזט באַפרייען גערשוני'ן, מאַכענדיג — ווי די פראַנצויזען זאָגען — א פרעהליכע מינע צום אומגעלונגענעם שפּיעל, און ערקלערען גערשוני'ן אַז ער האָפט, אַז ער, גערשוני, וועט זיך די זאַך נאָך איבערלעגען און איינזעהן, אַז אין רוסלאַנד קאָן דער סאָציאַליזם פאַרווירקליכט ווערן נאָר מיט דער הילף פון דער רעגירונג.

איך האָב זיך אָפּגעזעגענט מיט גערשוני'ן און בין אַוועק אין דאָרף בלאַני צו זעהען זיך מיט באָנטש־אָסמאָלאָווסקי'ן. איך האָב פאַרבראַכט יצוויי זעהר אינטערעסאַנטע טעג אין זיין אימעניע, וועלכע איז זעהר מאַלעריש אויסגעלעגט אויף ביידע זייטען פון א שטיל, אידיליש טייכעל וואָס פליסט צווישען צוויי רייהען פון שטיל־דרעמלענדע ווערבעס. אויף דעם דאָזיגען טייכעל בין איך צוזאַמען מיט אָסמאָלאָווסקי'ס הויזגעזינד און מיט עטליכע פון זיינע אינטעליגענטסטע פּויערים ארומגעפאָהרען אויף שיפלאַך אין א שעהנער לבנה־נאַכט און געפיהרט הייסע

ויכוחים וועגען סאָציאַליזם בכלל און וועגען די פאַרשיידענע קאַמפּס־מיטלען אין רוסלאַנד בפרט. איך בין געווען איבעראַשט פון דער זעלבסטשטענדיגקייט און דעם קריטישען פאַרשטאַנד פון די פּראָסטע דאָרפישע פּויערים.

אָסמאָלאָווסקי האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן אונזער אָרגאַני־זאַציע און מיט איהם אויך זיינע מוזשיקעס־תלמידים. דאָס איז געווען אונזער ערשטע פּויערים־גרופּע.

איננגיכען האָב איך זיך אומגעקעהרט אין בערן און דאָרט האָב איך שוין געפונען עפּעס אַן אומבאַדייטענד רוסיש ביכעל אין אַ נייעם איינבונד, וועלכען איך האָב אָהן רחמנות צושניטען און פון צווישען די דאָפּעלטע טאָוולען ארויסגענומען גערשוני'ס שיפרירטען בריף. ער האָט אונז מיטגעטיילט עטליכע נייסען פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג.

## דריטער קאַפּיטעל

גערשוני פעראייניגט די עס־ער'ען אין איין פּארטיי. — קומט אין אויסלאַנד אין 1901. — באַזוכט מיך אין לעמבערג אין 1902. — אַרגאַניזירט דעם אַטענטאַט אויף אָבאָלענסקי'ן. — פאַמאַ קאַטשורא.

שפּעטער האָבען מיר פון גערשוני'ן דערהאַלטען נאָך אַ פּאָר שיפּרירטע בריף און אויך עטליכע רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבען, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין געהיימע דרוקערייען אין רוסלאַנד. ער איז נאָך ניט געווען באַרייט צוצושטעהן אינגאַנצען צו אונזער אָרגאַניזאַציע.

ווען איך בין, אין פריהלינג 1900 נאָך אַ מאָל געווען אין מינסק, איז גערשוני דאָרט גראָד ניט געווען, אָבער אָסמאָלאָווסקי האָט מיר איבערגעגעבען, אַז גערשוני איז אין זיינע אַנזיכטען שוין געווען כמעט אינגאַנצען איינפּאַרשטאַנען מיט די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און וואַרשיינליך וועט ער אין גיכען אַריין אין אונזער אָרגאַניזאַציע.

אין סוף 1901, ווען איך בין געווען אין גאַליציע וועגען טראַנספּאָרטירען אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, האָב איך דערהאַלטען אַ טעלעגראַמע, אַז איך זאָל גלייך קומען אין בערן. דאָרט האָב איך געפונען גערשוני'ן. ער איז געקומען אַהין אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, אָבער ניט כדי אַריינצוטרעטען אין אונזער פאַרבאַנד, נאָר כדי אונז אַריינצונעהמען אין דער פּ א ר ט י י סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וועלכע ער האָט, אומערוואַרטעט פאַר אונז אַלעמען, געגרינדעט פון אונזערע גרופּעס אין רוסלאַנד.

עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען עטליכע זיצונגען, אויף וועלכע עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אונזער ווייטערע טאַקטיק און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו גרינדען די באַריהמטע ב אָ י ע װ א י אַ אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע, וועלכע האָט

שפּעטער, אונטער גערשוני׳ס פּיהרערשאַפט, אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַר דער צושמעטערונג פון דעם צאַרישען אַבסאָלוטיזם.

גערשוני איז פאַרבליבען אין אויסלאַנד אַ קורצע צייט און האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעצייגט זיין זעלטענעם אָרגאַניזאַטאָרישען טאַלאַנט. ער האָט צוגעצויגען צו דער פּאַרטיי פיעלע וויכטיגע פּערזאָנען ווי מיכאַאיל גאָץ, רובאַנאָוויטש, רוסאַנאָוו, בוכאַנאָסקי און אַנדערע, וועלכע האָבען פריהער מייסטענס געהערט צו דער גרופּע פון די אַלטע ג אַ ר אָ ד אָ וו אָ ל צ ע ס.

די קרעפטען פון דער פּאַרטיי האָבען גענומען וואַקסען פון טאָג צו טאָג.

זייענדיג הויפּטזעכליך פאַרנומען מיט דער זעהר שווערער און פאַראַנטוואָרטליכער אַרבייט פון אָרגאַניזירען די טעראָריסטישע אַטענטאַטען, האָט גערשוני נאָך געפונען צייט צו העלפען אין אַלע אַנדערע טעטיגקייטען פון דער פּאַרטיי, ווי איינאָרדנען געהיימע דרוקערייען, געפינען מענשען, וועלכע זאָלען אָפּנעהמען די ליטעראַטור, וואָס איך פלעג אַריבערשמוגלען איבער׳ן גרענעץ, און אַזוי ווייטער.

אין 1902, האָט ער מיך באַזוכט אין לעמבערג, גאַליציע. ער האָט געגלויבט, אַז נאָך עטליכע געלונגענע אַטענטאַטען אויף די רעאַקציאָנערסטע און ברוטאַלסטע פאַרטיידיגער פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג וועלען צווינגען די רעגירונג צו ענדערען איהר טאַקטיק און צו געבען ווייניגסטענס אַ מעסיג-ליבעראַלע קאָנסטיטוציע.

מיר האָבען גערעט אַ לענגערע צייט וועגען די שוועריג-קייטען פון טראַנספּאָרטירען אונזער ליטעראַטור אין גרויסע קוואַנטיטעטען, אין וועלכע די שנעל וואַקסענדע באַוועגונג האָט זיך גענויטיגט.

— עס מוז זיין שרעקליך לאַנגווייליג צו וואוינען דאָ אויפ׳ן גרענעץ, ווייט פון אַלע חברים און פריינד, — האָט גערשוני געזאָגט צו מיר. — וואַרט, מענדיל, עס גלויבט זיך מיר, אַז די צייט איז נאָהענט ווען מיר וועלען אָפען דרוקען אונזער צייטונג און בראָשורען אין פעטערבורג. דעמאָלט וועט זיך ערשט אָנפאַנגען די אמת׳דיג ברייטע און גרויסע אַרבייט...

גערשוני איז ניט געווען קיין ענגער קאָנספּיראַטאָר. זיין פלאַם־פייערדיגע נאַטור איז געווען מעהר געשאַפען פאר א גרויסער אָפענער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. נאָר די פאר־פלוכטע דריקענדע אומשטענדען פון דעם אַלטען פּאָליטישען רעזשים האָבען איהם געטריבען אויפ׳ן ענגען און דאָרענדיגען וועג פון טעראָריסטישען קאַמף.

ווען די נייס וועגען דער פרייהייט אין רוסלאַנד איז אריינ־געדרונגען אין שליסעלבורגער פעסטונג אין 1905, האָט גערשוני— ווי ער דערצעהלט אונז אין זיינע וואונדערבארע מעמוארען — ביי זיך געטראַכט:

„איז עס ווירקליך אמת אז מען וועט שוין קאָנען לעבען און פריי אטעמען אין רוסלאַנד? אז מען וועט שוין ניט דארפען מאָרדען און שטארבען פאַר דעם אויפ׳ן עשאַפאָט? איז עס מעגליך אז דער געבענשטער מאָמענט איז ענדליך געקומען? איז ווירקליך געקומען א סוף צו דעם פארפלוכטען בלוטיגען קאמף וואָס דער פארפלוכטער בלוטיגער רעזשים האָט ארויפגע־לעגט אויף אונזערע פּלייצעס?... אז הינטער דעם שוועל פון דעם נייעם לעבען קאָנען מיר פארלאָזען דעם רעוואָלווער און די באָמבע, דאָס דאָזיגע טרויעריגע פארטיידיגונגס־געווער אנט־קעגען דער ווילדער זעלבסטהערשונג?... אז אונזער אויסגעמאַ־טערט פאָטערלאַנד פאָדערט ניט מעהר קיין מענשען־קרבנות?... אז די ליבענדע און גוטהארציגע וועלען שוין ניט זיין געצוואונגען צו נעהמען אין זייערע הענט די בלוטיגע שווערד?... אז די קעמפערס פאר׳ן גליק און פרייהייט פון די ארבייטענדע מאסען וועלען קאָנען געברויכען דאָס וואָרט פון אמת און גערעכטיגקייט אָנשטאָט דעם רעוואָלווער און די באָמבע?...“

ניט מיט קיין לייכט הארץ האָט גריגאָרי גערשוני אָנגעפיהרט דעם טעראָריסטישען קאַמף. ער פלעגט אַלע מאָל אויסמיידען צו רעדען וועגען זיינע חברים וואָס האָבען מקריב געווען זייער לעבען אין דעם דאָזיגען קאַמף. די עראינערונג וועגען זייער טויט האָט איהם געמוזט זיין צו שמערצליך.

ווען איך האָב איהם געבעטען מיר צו דערצעהלען וועגען באַלמאַשאָוו׳ן, האָט זיך גערשוני׳ס געזיכט באַדעקט מיט א

וואָלקען פון אומעט און א טיפער ווייטאָג האָט פאַרדונקעלט זיינע אויגען.

— וואָס איז דאָ צו רעדען? — האָט ער ארויסגעזאָגט מיעד. — ער איז געווען איינער פון די ליכטיגסטע פּערזאָנען וואָס איך האָב זוען באגעגענט. ער האָט געהאַט א האַרץ פון שטאָל און גאָלד. פאַרפלוכט זאָל זיין דער רעזשים וואָס טרייבט די איידעלסטע קינדער פון רוסלאַנד אויפ׳ן וועג פון מאָרד צום עשאַפאָט!

גערשוני איז פון לעמבערג באַלד אָפּגעפאָהרען צוריק אין רוסלאַנד. אינגיכען איז אָנגעקומען די נייעס וועגען דער הינ־ריכטונג פון כאַרקאָווער גענעראַל גובערנאַטאָר אָבאָלענסקי, וועל־כע איז אַזוי גלענצענד דורכגעפיהרט געוואָרען פון דעם ארבייטער פּאָמאַ קאַטשורא. דעם פּלאַן פון דעם אטענטאַט האָט אויס־געאַרבייט גערשוני און ער איז דורכגעפיהרט געוואָרען אונטער זיין אויפזיכט. אָבאָלענסקי איז פאַראורטיילט געוואָרען צום טויט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען פאַר זיין ברוטאַלער באַנעהמונג צו די פּויערים וואָס האָבען זיך געבונטע־וועט. ער איז ארומגעפאָהרען איבער זיין גובערניע מיט אַן עס־קאַדראָן קאָזאַקען און געשמיסען גאַנצע דערפער פּויערים.

ווי גערשוני דערצעהלט אונז אין זיינע מעמוארען, האָט קאַטשורא, וועלכער איז געווען צווישען אונזערע ארבייטער איינער פון די אינטעליגענטסטע און אַן איבערצייגטער טעראָריסט, אַ לאַנגע צייט זיך געבעטען מען זאָל איהם אריינגעהמען אין דער באָיעוואָיאַ אָרגאַניזאַציאַ. גערשוני האָט איהם איינמאָל געזאָגט:

— געדענקט, פּאָמאַ, פון אייך וועט זיך אפשר פאָדערען נאָך מעהר ווי צו שטאַרבען אויפ׳ן עשאַפאָט. עס איז מעגליך אַז די רוסישע רעגירונג וועט אָנווענדען אַלע שרעקליכע מיטלען פון דער אינקוויזיציע כדי ארויסצוקריגען פון אייך די נעמען פון די וואָס האָבען אייך געהאָלפען. זייט איהר זיכער אַז איהר וועט האָבען גענוג כח עס אויסצוהאַלטען?

דאַרויף האָט קאַטשורא געענטפערט:

— איך בין זיכער. זיי קאָנען מיך שניידען אויף שטיקער. זיי וועלען פון מיר גאָרניט ארויסקריגען!

אין געריכט האָט זיך קאַטשורא געהאַלטען מיט זעלטענעם מוט. דעם ערשטען יאָהר אין שליסעלבורגער פעסטונג האָט ער ארויסגעוויזען אזוי פיעל שטאָלץ און פעסטקייט, אז די זשאַנדאַרען האָבען זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערען. דורך פאַרשיידענע ליגענס און כיטראָסטען האָט זיך דעם פּראָקוראָר טרוסעוויטש איינגעגעבען ארויסצוקריגען פון קאַטשורא'ן באַווייזע אנקעגען גערשוני'ן. שרעקליך זיינען געוועזען די גייסטיגע יסורים וואָס גערשוני האָט דורכגעלעבט, ווען קאַטשורא, איינגאַנצען א צובראָכענער און א האַלב-געריירטער, האָט עדות געזאָגט אנקעגען איהם פאַר'ן געריכט.

נאָך דעם אטענטאַט אויף אָבאָלענסקי'ן האָט די באָיעוואיא אָרגאַניזאַציא א לענגערע צייט פון זיך ניט געלאָזט הערען. ווען עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען די אומרוהען צווישען די ארבייטער אויף די זאַוואָד'ען אין זלאַטאָאוסט און דער אופימסקער גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש האָט געהייסען אויף זיי שיסען, האָט די פּאַרטיי סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען פאַראורטיילט באָגדאַנאָוויטש'ן צום טויט. אָבער מאָנאַטען זיינען אוועק און דער אורטייל איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרען. אין צענטראַלען קאָמיטעט איז מען געוועזען אומצופרידען מיט דער באָיעוואיא אָרגאַניזאַציא און פיעלע האָבען געדענקט, אז גערשוני האָט צופיעל קאָנצענטרירט די טעראָריסטישע ארבייט אין זיינע הענט.

אויף'ן יצוזאַמענפאָר אין וואָראָנעזש, פון וועלכען איך האָב דערמאָנט אין מיינע עראינערונגען וועגען דער באַבושקאַ, איז אָנגענומען געוואָרען דער באַשלוס צו גרינדען ראַיאָנע אָרגאַניזאַציעס וועלכע זאָלען אָנפיהרען זעלבסטשטענדיג דעם טעראָריסטישען קאַמף אין דער פּראָווינץ, איבערלאָזענדיג צו דער באָיעוואיא אָרגאַניזאַציא דאָס אָפּראַמען פון די העכער-שטעהענדע פערזאָנען פון דער דעספּאָטישער רעגירונג. עטליכע טאָג נאָך דעם צוזאַמענפאָהר, ווען איך בין געקומען מיט דער באַבושקא אין קאָנסטאַנצא

(רומעניען), האָבען מיר זיך דערוואוסט, אז גערשוני האָט ענדליך דורכגעפיהרט דעם אטעטאט אויף באָגדאנאָוויטש'ן, און איהם דורכגעפיהרט אזוי קונציג, אז אַלע וואָס האָבען זיך באטייליגט אין איהם זיינען אין מיטען העלען טאָג פארשוואונדען דער פּאָליציי פון אונטער די הענט. דאָס איז געווען דעם 6טען מאי, 1903.

# פערטער קאַפּיטעל

מיט גערשוני׳ן אין בוקאַרעסט. — זיין אַרעסט אין קיעוו. — מיין אַרעסט. —ביידע אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

אַ חדשים צוויי פאַר דער הינריכטונג פון באָגדאַנאָוויטש׳ן איז גערשוני געקומען אויף אַ קורצע צייט קיין אויסלאַנד אום צו זעהען זיך מיט מיטגלידער פון צענטראַלען קאָמיטעט אין פּאַריז און אין דער שווייץ. אויפ׳ן וועג צוריק אין רוסלאַנד איז ער פאַרפאָהרען צו מיר אין בוקאַרעסט. מיר האָבען זיך באַגעגענט אין הויז פון דעם אַלטען פּאָליטישען עמיגראַנט אַרבאָרע־ראַלי, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער הויפּט סטאַטיסטיקער פון קעניגליכען סטאַטיסטישען ביוראָ אין בוקאַרעסט און אויך דער רוסישער לערער פון דעם דאַמאָלדיגען רומענישען קרוינפּרינץ פערדינאַנד.

אַרבאָרע־ראַלי האָט אונז אַריינגעפיהרט אין זיין קאַבינעט. מיט שטאָלץ האָט ער באַוויזען גרעשוני׳ן דורכ׳ן פענסטער זיין פּרובטגאָרטען, וועלכען ער האָט אַליין פאַרפלאַנצט נעבען זיין הויז אין סטראַדאַ דראַגאָש־וואָדאַ, און געזאָגט צו אונז:

— פאַרמאַכט זיך אייך די טיר און שמועסט זיך וועגען אייערע קאָנספּיראַציעס וויפיעל אייער האַרץ געלוסט. נאָך מיר וועט באַלד קומען די קאַרעטע פון הויף און איך וועל דאַרפען פאָהרען „פּ ר אָ פּ אַ ג אַ נ ד י ר ע ן" דעם יורש עצר רוסישע גראַמאַטיקע... איהר שפּיעלט זיך עפּעס מיט אונז, אַלטע עמיגראַנטען!

מיר האָבען פאַרבראַכט דעם אָוועגט מיט אַרבאָרע־ראַלי׳ן. ער האָט אונז דערצעהלט פאַרשיידענע עפּיזאָדען פון די זעבציגער יאָהרען, ווען ער איז געווען אַ סטודענט אין אימפּעראַטאָרסקען ל י צ ע י אין פּעטערבורג. אַרבאָרע איז געווען אַ גלענצענדער

און וויציגער דערצעהלער. גערשוני איז פון אָנהויב געזעסען אביסעל פארזאָרגט, נאָר באַלד איז ער געוואָרען פרעהליכער און געלאכט ווי א קינד.

אזייגער צעהן איז גערשוני אוועק צו זיך אין האָטעל. מיך האָט דער אַלטער פארהאַלטען צו שפּיעלען מיט איהם א שאך. ארבאָרע האָט ניט געוואוסט ווער זיין גאסט איז געווען. איך האָב גערשוני'ן פאָרגעשטעלט אַלס „איינעם פון אונזערע חברים". ווען גערשוני איז ארויס, האָט ארבאָרע־ראַלי א שאָקעל געטאָן מיט זיין גראָהען קאָפּ האָר און, מיט א וואונק צו דער טיר, א זאָג געטאָן:

— „אריאַל!" (אן אָדלער!)

אזוי האָט ער אין איין וואָרט אויסגעדריקט זיין מיינונג וועגען גערשוני'ן.

אויף מאָרגען בין איך געקומען צו גערשוני'ן אין האָטעל און מיר זיינען ארויס אויף א שפּאציר איבער'ן שטאָט. גערשוני איז געווען פארטראכט און אומעטיגלאך. מיר האָבען כמעט די גאנצע צייט גערעדט וועגען נייע פּלענער ווי אזוי אריינצושמוגלען ליטעראטור אין רוסלאנד אויף א גרעסערען מאסשטאב. נאָר איך האָב געפיהלט אז זיין געדאנק האָט געשוועבט ערגעץ אנדערשוואו.

האָט ער געטראכט וועגען די טעראָריסטישע אטענטאטען וואָס ער האָט דורכגעפיהרט?

האָבען זיך פּילייכט געטראָגען פאר זיינע אויגען די בילדער פון זיינע חברים וואָס האָבען פארלאָרען זייערע לעבענס אין דעם קאמף?

עס קאָן זיין, אז ער האָט געמאכט דעם פּלאַן פאר דעם אטענטאט אויף באָגדאנאָוויטש'ן.

ווער ווייס?...

שפּאצירענדיג מיט גערשוני'ן איבער בוקארעסט, זיינען מיר אריין אין איינער פון די פּאראדנע גאסען. א שעהנער פאר־מיטאָג געווען, און די גאס האָט געווימעלט מיט עקיפּאזשען און אויטאָמאָבילען. פּלוצלונג האָט א קליין הינטעל, וועלכען אן אויטאָמאָביל האָט נאָר־וואָס איבערגעפאָהרען, זיך א שליידער

געטאָן מיט א קוויטש אויפ'ן טראָטואר, עטליכע מאָל זיך א דרעה געטאָן ארום און ארום, און איז געפאלען טויט נעבען גערשוני'ס פיס. גערשוני האָט זיך איינגעבויגען, א ווײַלע געקוקט מיט יצער און רחמנות אויף דעם טויטען הינטעל און, מיט א קול, אין וועלכען עס האָבען געקלונגען פארשטיקטע טרערען, שטיל געזאָגט:

— און אָט אזוי שטארבט עס דער מענש אויך...

דער טאָן, אין וועלכען ער האָט דאָס ארויסגעזאָגט האָט געקלונגען האלב ווי א פראגע און האלב ווי אַן אויסגעשריי.

מיר האָבען פארבראכט דעם טאָג צוזאמען. אין אָבענד האָט גערשוני געדארפט נעהמען דעם צוג נאָך יאסי און פון דאָרט פאָהרען צוריק אין רוסלאנד. ווען ער האָט זיך גענומען זעגענען מיט מיר, איז מיר געוואָרען שווערלאך אויפ'ן הארצען. איך ווייס ניט צי די אורזאך איז געווען דער עפיזאָד מיט דעם הינטעל, אָדער די טרויערדיגקייט וואָס איז געווען אין גערשוני'ס שמייכעל, אָבער מיר האָט געשראָקען דאָס הארץ, אז מען וועט איהם אויפ'ן גרעניץ ארעסטירען. איך האָב איהם געזאָגט וועגען מיין געפיהל און געבעטען ער זאָל פארבלייבען אין בוקאַ־רעסט ביז מאָרגען פריה. ער האָט אפילו געמאכט שפּאַס פון מיין גלויבען אין פאָרגעפיהל, אָבער ער האָט דאָך איינגעוויליגט צו פארבלייבען אויף איבער נאכט.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז גערשוני אוועקגעפאָהרען מיט'ן ערשטען צוג. צוויי טאָג האָב איך מיט אומגעדולד געוואַרט אויף א ידיעה פון איהם. ענדליך האָב איך דערהאַלטען א קיעווער צייטונג. דאָס איז געווען א צייכען, אז ער איז בשלום אריבער דעם גרעניץ.

א מאָנאט שפּעטער בין איך געקומען אין רוסלאנד, אָבער גערשוני'ן האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען צו זעהן. איך בין געווען פארנומען אין צענטראַל און דרום רוסלאנד, און גערשוני איז געווען אין א ו פ א, וואו ער האָט צוגעגרייט דעם אטענטאט אויף באָגדאנאָוויטש'ען.

א וואָך נאָך באָגדאנאָוויטש'עס הינריכטונג, ווען איך בין

שוין געווען אין בוקארעסט, האָט אַ רומענישע צייטונג געבראַכט די טרויעריגע נייס, אַז דעם 13טען מאַי איז גערשוני אַרעסטירט געוואָרען אין קיעוו און, אַ געשמידעטער אין קייטען, אַפּגעשיקט געוואָרען נאָך פּעטערבורג. איך בין געווען כמעט זיכער אַז גערשוני׳ן ערוואַרטעט דער עשאַפאָט. ערשט דעמאָלט האָב איך געקאָנט באַגרייפען די יסורים, וואָס די עראַינערונג וועגען באַלמאַשאָוו׳ס הינריכטונג האָבען פאַרשאַפט גערשוני׳ן. ווען אַ פריינד איז פאַראורטיילט צו געפענגנים אָדער אפילו צו לעבענסלענגליכע קאַטאָרגע, בלייבט דאָך איבער אַ האָפנונג: אפשר וועט זיך איהם איינגעבען צו אַנטלויפען, אפשר וועט אַ בלאָז טאָן אַ ליבעראַלער ווינט אין די רעגירונגס־ספערען און מען וועט איהם אַרויסלאָזען פריי; אָדער פיליייכט וועט זיך אַ שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע צוגיסען איבער׳ן לאַנד און די געפאַנגענע וועלען אַרויסגעפיהרט ווערען פון תפיסה מיט טריאומף. ווען אָבער אַ חבר דאַרף געפיהרט ווערען צום טויט און אַלע האָפענונגען ווערען מיט אַמאָל אָפּגעשניטען, בלייבט מעהר ניט איבער קיין שום טרייסט און דאָס אייגענע לעבען קומט זיך אַליין דעמאָלט פאָר כמעט ווי אַ פאָרוואורף.

אַ וואָכען זעקס נאָך גערשוני׳ס אַרעסט בין איך ווידער געפאָרען אין רוסלאַנד. מען האָט מיך אַרעסטירט אין אָדעס און אָפּגעשיקט אין פּעטערבורג אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעס־טונג. איך האָב געוואוסט, אַז גערשוני מוז זיך געפינען אין דערזעלבער פעסטונג, ווייל דאָס איז געווען דער איינציגער פלאַץ וואו די רעגירונג האָט געהאַלטען וויכטיגע פּאָליטישע פאַרברע־כערס אײדער זייער אורטייל איז אַרויסגעגעבען געוואָרען.

ווען איך בין געזעסען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג מיט פינף יאָהר פריהער, איז דער רעזשים דאָרט געווען גענוג שטרענג. אָבער אין 1903 איז געוואָרען נאָך שטרענגער. איך האָב געמאַכט אַ פאַרזוך זיך דורכצורייידען מיט מיין שכן אויף אונזער „קלאַפּ־לשון“ אין דער האָפנונג, אַז מיין „טעלע־גראַמע“ וועט ווי־עס־איז דערגרייכען צו גערשוני׳ן. ווי נאָר איך האָב אויסגעקלאַפּט מיין נאָמען, האָט זיך געעפענט די טיר פון מיין קאַמער און די זשאַנדאַרען האָבען מיר געהייסען אויפ־

הערען „מאַכען זיך נאַריש“. באַלד איז צו מיר אריין פּאָלקאָוו־ניק ווערישאָווקין, דער פּאַרוואַלטער פון געפענגניס, און האָט מיר שטאַרק אויסגערעדט פאַר מיין אויפפיהרונג:

— איהר זייט דאָך שוין, דאַכט זיך, ביי אונז ניט קיין „גרינער“ און אייך איז שוין צייט צו וויסען, אז „דורכקלאַפּען זיך“ איז ביי אונז שטרענג פאַרבאָטען. דאָס ערשטע מאָל וועל איך מיט אייך ניט זיין שטרענג און וועל אייך געבען די קלענ־סטע שטראָף: א וואָך אָהן ביכער. אָבער אויב איהר וועט קלאַפּען א צווייטען מאָל, וועט איהר מוזען געהן אין קאַרצער.

דער זשאַנדאַרמסקי אונטער־אָפיצער איז גלייך אריין און צוגענומען ביי מיר די פינף ביכער וועלכע יעדען געפאַנגענעם איז געווען ערלויבט צו נעמען פון דער געפענגניס־ביבליאָטעק.

אויף מאָרגען, ווען מען האָט אויסגעטיילט די פּאָרציע שוואַרץ ברויט און דאָס זודיגע וואַסער, האָב איך באַמערקט, אז די פענסטערלאַך אין די טירען פון ביידע זייטען פון מיין קאַמער זיינען ניט געעפענט געוואָרען: מען האָט אריבערגעפיהרט מיינע שכנים פון ביידע זייטען אין אַנדערע קאַמערען.

א טויטע שטילקייט האָט געהערשט ארום. די וואָך אָהן ביכער האָט זיך געצויגען ווי א יאָהר. גאַנצע טעג האָב איך געשפּרייזט אהין און צוריק אויף דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע וואָס האָט זיך געצויגען באַלכסון פון איין ווינקעל צום צווייטען אויף דעם געל־געפאַרבטען אספאַלט פון דער פּאָדלאָגע. דער געדאַנק, אז פּיליכט עטליכע שריט פון מיר זיצט גערשוני ערוואַרטענדיג זיין טויט אורטייל, און אז איך קאָן איהם אפילו קיין וואָרט ניט זאָגען, האָט מיך ניט געלאָזט רוהען.

ענדליך איז די וואָך אריבער און איך האָב באַקומען צוריק די פינף ביכער. איך האָב גענומען בייטען די ביכער אָפט און בלעטערען זיי, האָפענדיג צו געפינען אין זיי עפּעס א ידיעה וועגען גערשוני'ן. ווען איך בין געזעסען אין פעסטונג דאָס ערשטע מאָל, האָב איך אין די ביכער אָפט געפונען אונטער די אותיות קוים באַמערקבאַרע צייכענס, וועלכע האָבען מאַנכעס־מאָל איבערגעגעבען וויכטיגע נייס. מיר האָט זיך אָפטמאָל

איינגעגעבען אויף אַזאַ אופן דורכצוליינען גאַנצע בריף, אפילו ווען זיי זיינען געווען געשריבען מיט אַ שיפר. נאָך די דינים פון פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג האָבען די וועכטערס געמוזט דורכקוקען יעדען בוך איידער זיי האָבען איהם ארויסגעגעבען צו די ארעסטאַנטען, און אויסמעקען אַלע צייכענס. נאָר די וועכטערס זיינען דאָך געווען ניט מעהר ווי מענשען: אַמאָל פלעגען זיי פערזעהן די קליינע פּינטעלאך אונטער די בוכשטאַבען און אַמאָל פלעגען זיי אויסרייבען די דאָזיגע פּינטעלאך אויף אַזאַ נארישען אופן, אַז מען האָט געקאָנט זעהן, וועלכע אותיות זיינען געווען אָנגעצייכענט נאָך בעסער איידער פריער.

אָבער אין 1903 איז הפנים געוואָרען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג פיעל שטרייגער. אומזיסט האָב איך געבלעטערט איין בוך נאָכ'ן אַנדערען: זיי זיינען אַלע געווען ריין און מען האָט גאָרניט געקאָנט לייענען צווישען די שורות. ערשט מיט זעקס וואָכען שפּעטער האָב איך געפונען אין אַ באַנד פון סאָלאָוויאָוו'ס „געשיכטע פון רוסלאַנד“ דעם נאָמען גריגאָרי גערשוני. די בוכשטאַבען זיינען געווען אָנגעצייכענט ניט מיט אַ בלייַשטיפט, ווי געוויינליך, נאָר דורכגעשטאָכען מיט עפּעס אַ שאַרפען שפּיץ — וואַרשיינליך מיט אַ פען.

אַ מאָנאַט שפּעטער האָט זיך מיר דורך אַ צופאַל איינגע־געבען אויסצוגעפינען וואו גערשוני איז געזעסען. איינמאָל, ווען מען האָט מיך ארויסגעפיהרט אויף מיין פערטעל־שטונדיגען שפּאַציר, ווי תמיד מיט אַ זשאַנדאַרמסקען אונטער־אָפיצער פון פאָרענט און אַ סאָלדאַט פון הינטען, האָב איך, געהענדיג דורכ'ן קאָרידאָר פון אויבערשטען עטאַזש אין וועלכען מיין קאַמער האָט זיך געפונען, דערהערט טריט און אַ קלונג פון שפּאָרען, וואָס זיינען געקומען צו מיר אַלץ נעהנטער און נעהנטער. דאָס האָט מען הפנים געבראַכט אַ נייעם ארעסטאַנט. ווי נאָר דער אונטער־אָפיצער, וואָס האָט געפיהרט דעם נייעם גאַסט, האָט זיך פארקירעוועט אין דעם קאָרידאָר וואו איך בין געגאַנגען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. זיין געזיכט איז געווען בלייך און דערשראָקען, אַזוי ווי עס וואָלט חלילה געהאַלטען ביי אַ צוזאַ־

מענשטוים פון צוויי פּאַיעזדען. ער האָט אַ געשריי געטאָן צו מיינע אונטערפירערס:

— פאַרקירעוועט צוריק!

אַ פּאָאָר ניט זעהר צאַרטע הענט האָבען מיך שנעל אַרומגעדרייט מיט'ן געזיכט צום אַנדער ענד קאָרידאָר און מיר צוגעפיהרט צו די טרעפּ וואָס האָבען געפירט אַרונטער צום אונטערשטען עטאַזש. מיט שנעלע טריט זיינען מיר אַראָפּ פון די שטיגען און מען האָט מיך גענומען פירען צו דער טיר וואָס צום קליינעם הויף, וואו מען האָט די אַרעסטאַנטען געגעבען זייער קורצען און איינזאַמען שפּאַציר.

עס איז עפּעס באַשערט געווען, אַז יענעם טאָג זאָל די אייזערנע דיסציפּלין פון פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג פאַרלעצט ווערען און אַז אונזערע שומרים זאָלען האָבען עגמת נפש. ווען איך בין צוגעגאַנגען צו דער ספּעציאַל אָפּגעזונדערטער קאַמער נומער 46, האָב איך באַמערקט ,אַז די דאָפּעלטע טירען זיינען געווען אַביסעל אָפען. אַ וועכטער איז געשטאַנען צוגעבויגען צו דער שפּאַרע אין טיר און האָט עפּעס אַריינגערעט צום אַרעסטאַנט. מיט אַמאָל האָב איך דערהערט אַ הילכיגע, באַקאַנטע שטים פון וועלכער מיין האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן. דאָס איז געווען געדשוני'ס שטים. איך בין געוואָרען אַזוי אויפגערעגט, אַז איך האָב ניט פאַרשטאַנען די ווערטער וואָס ער האָט אַרויסגערעט.

איך האָב זיך געווענדעט צו מיינע וועכטער און הויך אויפ'ן קול, כדי געדשוני זאָל הערען, געזאָגט:

— וואָס פיהרט איהר מיך עפּעס היינט אַרום איבער אַלע קאָרידאָרען? מיינע 15 מינוט זיינען שוין באַלד אַריבער און איך וועל האָבען בלויז אַ פּאָר מינוט פאַר מיין שפּאַציר!

ווי נאָר דער אונטער־אָפיצער וואָס איז געשטאַנען ביי געדשוני'ס קאַמער האָט דערהערט מיין שטים, האָט ער אַ ציטער געטאָן און מיט אימפּעט פאַרהאַקט די טיר.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט מען מיך אַריבערגעפיהרט אין אַ

קאַמער אויפ׳ן אונטערשטען עטאַזש. אין קאָרידאָר בין איך פאַרבייגעגאַנגען די קאַמער נומער 46. די טירען זיינען געווען אָפען. די קאַמער איז געשטאַנען פוסט.

א שוידער איז מיר דורך איבער׳ן לייב.

וואו איז גערשוני?

האָט דאָס שרעקליכע שוין פּאַסירט?

## פינפטער קאַפּיטעל

מיין בעפרייאונג אין 1905. — גערשוני אַנטלויפט פון קאַטאָרגע. — מיר בעגעגענען זיך אין ניו יאָרק. — זיין טעטיגקייט דאָ. — ביי זיין ברודער אין נאַראָוויטש. — גערשוני'ס טויט.

דערגאַנגען אַז גערשוני לעבט האָב איך ערשט אין אַ יאָהר צוויי אַרום, ווען מען האָט מיך אַרויסגעלאָזען פריי פון דער באַלניצאַ ניקאָלאַיאַ טשודאָטוואָרצאַ. נאָר אַזוי ווי איך בין נאָך ניט געווען ביים פולען זינען, האָב איך דאָס ניט געגלויבט. אין מיינע משוגע'נע חלומות האָב איך אָפט געזעהן גערשוני'ן צווישען די מתים וואָס פלעגען ערשיינען פאַר מיר ווען איך בין געלעגען אין שפּיטאָל. און ווען איינער אַ חבר, דאַכט זיך, ישראל פּעסקין, וועלכען איך האָב באַגעגענט אין פּעטערבורג, האָט מיר דערציילט, אַז גערשוני'ס טויט־אורטייל איז אומגעביטען געוואָרען אויף לעבענס־לאַנגליכע געפענגנים און אַז ער געפינט זיך אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָב איך געדענקט, אַז דאָס נאַרט ער מיך צוליב עפּעס אַ געהיימען צוועק.

אַרויסגעלאָזען פריי האָט מען מיך דעם 29טען אָקטאָבער, 1905, אַ וואָכען צוויי נאָך דעם ווי די רעגירונג, דערשרעקענדיג זיך פאַר דער שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע וואָס האָט זיך צוגאָסען איבער רוסלאַנד, האָט געגעבען אַן אַמנעסטיע פאַר פּיעלע פּאָליטישע פאַרברעכער. (הגם איך בין אויך געווען צווישען די אַמנעסטירטע, האָט דאָך די פּאָליציי צוערשט ניט ערלויבט אַז מען זאָל מיך אַרויסלאָזען, אויף דעם סמך אַז איך בין משוגע און עס איז דאַריבער געפעהרליך מיך צו לאָזען פריי.)

צום גליק האָט איינער פון די באַפרייטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוערס, וועלכער איז אין אויגוסט אַריבערגעפיהרט געוואָרען פון „קרעסטי" (איינע פון די פּעטערבורגער פּאָליטישע געפענג־

ניסען) אין „באָלניצא ניקאָלאַיא טשודאָטוואָרצאַ", וואו ער איז געזעסען מיט מיר צוזאַמען אין איין קאַמער, גע'פּועל'ט אַז מען זאָל מיך אַרויסלאָזען אויף זיינע אחריות.*)

די פּעטערבורגער „אָכראַננאָיע אָטדיעלעניע" האָט מיר אַרויסגעגעבען אַ „פּראָפּוסק", ערלויבענדיג מיר צו פאָהרען אין י אַ ל ט ע אָדער אַהיים, אין פּלעשניץ. איך האָב אויסגעקליבען פּ ל ע ש נ י ץ, וואו איך בין אין עטליכע חדשים אַרום גע־קומען אַביסעל צו זיך. איך בין דאַן אַוועק אין אויסלאַנד. אין דער שווייץ האָב איך געפונען מיין ברודער, וועלכער איז געקומען פון ניו יאָרק מיך באַגעגענען. מיר זיינען פאַרבליבען אַ שטיקעל צייט אין איטאַליע, וואו מיין געזונט איז נאָך אַלץ געווען שוואַך, און אין אַפּריל, 1906, בין איך שוין געווען אין אַמעריקא.

אין ניו יאָרק האָב איך זיך דערוואוסט די נייס אַז די, מיט לעגענדען אַרומגערינגעלטע שליסעלבורגער פעסטונג, וואו פילע פון די אַלטע העלדען פון דער רעוואָלוציע האָבען אָפּגעשמאַכט צעהנדליגע יאָהרען, איז אָפּגעשאַפט געוואָרען אַלס אַ געפענגניס פאַר „פּאָליטישע" און אַז גערשוני'ן האָט מען אַריבערגעפיהרט פון דאָרטען אין אַ ק אַ ט ו י, אויף קאַטאָרגע.

דער געדאַנק, אַז גערשוני לעבט, האָט געגעבען די האָפנונג צו זעהן זיך מיט איהם ווען עס איז אין דער צוקונפט. דאָך, ווען

---

*) דער חבר וואָס האָט מיך אַרויסגענומען פון „באַלניצא ניקאָליא טשוראַטוואָרצאַ איז מענדעל ראַכלין־דראַקאָלין פון וויטעבסק. ווי ער האָט מיר דאַ ניט לאַנג צוריק דערצעהלט, האָט ער מיך דערנאָך אַרומגעזוכט אין רוסלאַנד און ניט געקאָנט געפינען. ער האָט דאַריבער געדענקט אַז איך מוז זיין טויט. מיט אַ יאָר ניין צוריק איז ער געקומען אין אַמעריקא, אָבער אים איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען מיך דאַ צו באַגעגנען. ערשט ווען ער האָט אין „טאָג" דורכגעלעזען מיינע ערשטע אַרטיקלען, האָט ער אין רעדאַקציע פון „טאָג" באַקומען מיין אַדרעס און מיך גלייך אויפגעזוכט. ערשט איצט האָב איך געקראָגען די געלעגענהייט צו באַדאַנקען חבר ראַקאָלין און זיין פרוי פאַר דער טובה וואָס זיי האָבען מיר געטאָן מיט 13 יאָהר צוריק אין פּעטערסבורג. איך האָב דאַ אויך באַגעגענט פרוי ראַקאָלין, וועלכע האָט מיך אָפּגעפירט פון פּעטערסבורג אין מינסק.

אין ווינטער 1907 איז אָנגעקומען די נאכריכט, אז גערשוני איז אנטלאָפען פון אקאטויער תפיסה און פאָהרט איבער יאפאן קיין אמעריקא, האָט זיך דאָס מיר קוים געגלויבט. עפּעס ווי א פאנטאסטישע געשיכטע וועגען א גאסט פון יענער וועלט, אזוי האָט מיר די בשורה געקלונגען.

באלד האָבען מיר דערהאלטען פון גערשוני'ן א טעלעגראמע פון סאן פראַנציסקאָ. ער האָט געלאָזט וויסען, אז ער קומט אין ניו יאָרק און געבעטען מען זאָל דינגען א גרויסען זאָל פאַר א מאסענפארזאמלונג. פּעטראָפּאוולאָווסקע פעסטונג, טויט־אורטייל, שליסעלבורג, אקאטויער קאטארגע, האָבען אויף א האָאָר ניט אָפּגעשוואכט גערשוני'ס פלאמענדיגע ענערגיע. ער האָט, ווי אמאָל, ניט געוואָלט וויסען פון קיין אָפּרוה.

אין פינף טאָג ארום איז גערשוני, א לעבעדיגער, געשטאַנען פאַר מיינע אויגען. ארויפשפּרינגענדיג אויף א באנק פון דער „פערי“, וואָס האָט איהם געבראכט צום ניו יאָרקער ברעג, האָט ער מיט אַן אויפגערעגטער אָבער פעסטער שטים גערעט צו דעם גרויסען עולם וואָס איז ארויסגעקומען איהם באגריסען. ניט וועגען דער פארגאנגענהייט האָט גערשוני גערעט, ניט וועגען זיך און זיינע וואונדערבארע ערפארונגען וואָס האָבען איהם, אין דעם סענסאציאָנעלען צייטונגס־זשארגאָן, געמאכט פאַר דעם „העלד פון פעסעל קרויט“; ער האָט גערעדט וועגען דער וויכטיגער ארבייט וואָס שטעהט פאָר אין רוסלאנד און וועגען די גרויסע קרבנות וואָס די רעוואָלוציאָנערע קעמפער ברייגגען.

„זיי גיבען אוועק זייערע לעבענס, גיט איהר כאָטש געלד!“ האָט גערשוני געפאָדערט. יעדער איינער האָט געפיהלט, אז גערשוני איז פון די, וואָס זיינען בערייט צו יעדער מינוט אוועקצוגעבען זייער לעבען אין קאמף פאַר זייערע אידעאלען. און אז ער האָט געפאָדערט, האָט דער עולם געגעבען. אין די קנאָפּע צוויי מאָנאטען, וואָס גערשוני איז פארבליבען אין אמעריקא, האָט ער צונויפגעזאמעלט פאַר דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג מעהר געלט איידער עס איז דאָ געזאמעלט געוואָרען פריהער, אין פארלויף פון יאָהרען, פון אלע רעוואָלוציאָנערען צוזאמען.

בכלל איז גערשוני ניט געווען קיין גרויסער רעדנער. אין אידיש האָט ער קיינמאָל פריהער ניט געהאט די געלעגענהייט צו ריידען אויף עפענטליכע פאַרזאַמלונגען. און דאָך האָבען די רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטען אין פאַרשיידענע שטעט פון אַמעריקא, אימער באַגייסטערט און היגעריסען דעם עולם. זיין פייערדיגע איבערגעבענהייט צו דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף פלעגט דערוואַרימען די הערצער פון זיינע צוהערער און אויף אַ ווײַלע כאָטש זיי אַרויסרייסען פון די וואָכענדיגע קליינליכקייטען פון אַלטעגליכען לעבען. מענשען, איבערהויפּט מיר אידען, האָבען פיינט וואָכעדיגקייט, דאָס האַרץ זייערס בייינקט נאָך אַביסעל יום־טוב'דיגער שטימונג, און אַלע, וואָס פלעגען קומען הערען גערשוני'ן, זיינען איהם געווען דאַנקבאַר דערפאַר וואָס ער האָט זיי כאָטש אויף אַ ווײַלע אַרויסגעריסען פון דער גרויער אַל־טעגליכקייט, כאָטש אויף אַ ווײַלע אויפגעהויבען זייערע נשמות אין העכערע און שעהנערע ספערען.

אין ניו יאָרק האָב איך זיך מיט גערשוני'ן געזעהן אָפט, אָבער קיין לייגגערע באַדייטענדע געשפּרעכען האָב איך מיט איהם ניט געהאט. ער איז געווען זעהר פאַרנומען מיט זיין אַרבייט דאָ און מיט זיינע פּלענער פאַר דער צוקונפטיגער אַרבייט אין רוסלאַנד. איך אַליין בין נאָך דאַמאָלט ניט געווען אינגאַנצען געזונט און אַביסעל פּעסימיסטיש געשטימט בנוגע דעם רעוואָלו־ציאָנערען קאַמף אין רוסלאַנד. פאַר פּריוואַטע ידידי־אהובי־געשפּרעכען האָט גערשוני ניט געהאט קיין צייט און, ווי דאָס רוב שטאַרקע מענשען פאַר וועלכע „אַ ם אָ נ פּ אַ נ ג ש ט י י ט ד י ט אַ ט", האָט ער זעלטען־ווען זיך אַריינ־געלאָזט אין אינטימע שמועסען. בלויז איינמאָל האָבען מיר פאַרבראַכט עטליכע שטונדען. דאָס איז געווען אויפ'ן וועג פון ניו יאָרק נאָך נאָרוויטש, קאָננ., וואוהין ער איז געפאָהרען זיך זעהן מיט זיינעם אַ ברודער. גערשוני האָט מיך געבעטען מיט־פאָהרען מיט איהם און איך האָב מיט פאַרגעניגען אָנגענומען זיין איינלאַדונג.

איך האָב פריהער קיינמאָל פון איהם ניט געהערט אַז ער האָט דאָ אַ ברודער אין נאָרוויטש. פאָהרענדיג, האָט מיר גערשוני

דערציילט, אז דער ברודער זיינער איז נאָך אין אָנהויב פון די ניינציגער יאָרען אוועקגעפאָרען פון דער היים קיין אַמעריקא, אנקעגען דעם ווילען פון זיינע עלטערן, און אז דאָס האָט זיי אַלעמען פערשאַפט פיעל עגמת־נפש.

די באַגעגעניש מיט זיין ברודער איז פאַר גערשוני׳ן געווען זעהר א טרויעריגע. גערשוני האָט געפונען זיין ברודער א קראַנקען און צובראָכענעם. ער האָט געאַרבייט אין אן אייזען־פאַבריק. מיט עטליכע חדשים איידער גערשוני איז געקומען, האָט זיין ברודער, דורך עפּעס א סבה, צוקוועטשט א פוס און געקראָגען בלוט פערגיפטונג. מיט זיין פרוי און פינף־יאָהריגער מיידעלע האָט ער דאַמאָלט געוואוינט ביי זיין שוואָגער. ער האָט געוואוסט אז ער וועט שוין לאַנג ניט ציהען. זיין געזיכט האָט געהאַט א גרוי־געלבליכען קאָליר — דעם קאָליר פון האַלב־ליימיגע און האַלב־טונקעל־זאַמדיגע ערד... אין זיינע אויגען איז געלעגען א טיפער טרויער. ווען גרשוני איז צו איהם צוגעגאַנגען, האָט זיך אויף א ווייַלע א שוואַכער צופרידענער שמייכעל צוגאָסען איבער זיין בלאַס פּנים און איז באַלד פאַר־לאָשען געוואָרען.

גערשוני איז געווען זעהר צערטליך צו איהם און זיך באַמיט איהם צו טרייסטען און איהם איינריידען אז ער וועט נאָך געזונט ווערען און דערלעבען זעהן נחת פון זיין קינד. דער קראַנקער האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און געזאָגט:

— צו וואָס די רייד, גרישא? איך האָב מיין וועלטעל שוין אראָפּגעשטופּט"...

עס איז געווען זעהר פּיינליך צו זעהן די צוויי ברידער צוזאַמען: איינער פול מיט לעבען און האָפנונג, גרייט ווידער אריינצוואַרפען זיך אין קאַמף פאַר זיינע אידעאַלען; דער אנדערער — יצודריקט אין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, אויפ׳ן שוועל פון טויט.

גערשוני האָט פאַרבראַכט דעם אָבענד זיצענדיג נעבען זיין ברודער׳ס בעט. ער האָט געהאַלטען אויפ׳ן שויס דעם ברודער׳ס מיידעלע און געגלעט איהרע ווייכע, בלאָנדע האָר . . .

גערשוני איז אינגיכען אָפּגעפאָהרען קיין פינלאַנד. איך

האָב ערהוואַרט צו הערען באַלד וועגען נייע העלדענטאַטען פון דער „באָיעוואַיאַ אָרגאַניזאַציאַ“. אין עטליכע חדשים אַרום האָב איך זיך דערוואוסט אַז גערשוני איז געשטאָרבען אין צוריך.

מיר האָט זיך דאָס ניט געוואָלט גלויבען. פונקט ווי איך האָב אַמאָל, אין פעטערבורג, ניט געקאָנט גלויבען אַז גערשוני לעבט, אַזוי האָב איך איצט ניט געקאָנט זיך צוגעוויינען צו דעם געדאַנק, אַז ער איז טויט. אַ צייט לאַנג נאָך זיין טויט האָב איך געטראָגען אין הארצען די פאַנטאַסטישע האָפנונג אַז ער לעבט, אַז זיין טויט איז געווען ניט מער ווי אַן אָנשטעל און די גרויסע לויה אין פאַריז — אַ מיטעל אָראָפּצופיהרען די רוסי־שע פּאָליציי פון זיינע סליאַדעס.

די פאַנטאַסטישע האָפנונג איז אָבער געווען ניט מעהר ווי אַ פּוסטער חלום. גערשוני איז געווען טויט.

# זעקסטער קאפיטעל

ווי וואלט זיך גערשוני געשטעלט צו די ברענענדיגע פראגען פון דער איצטי־
גער עפאכע? — וואס פאר אן איינפלוס וואלט ער געקאנט האבען אויף דעם
גאנג פון דער געשיכטע?

אפט שטעל איך זיך די פראגען: וואס פאר א שטעלונג וואלט גערשוני פארנומען אין דער איצטיגער רעוואלוציאנערער רוסלאנד, ווען דער אכזר'ישער טויט וואלט איהם ניט געהאט ארויסגעריסען פון אונזערע רייהען? וואס פאר אן איינפלוס וואלט זיין אקטיוויטעט געהאט אויף דעם גאנג פון די פאסי־רונגען אין רוסלאנד פאר די לעצטע יאהרען? מאנכעסמאל גיב איך זיך אויך א פרעג: ווי וואלט זיך גערשוני איצטער באצוי־גען צו אונזערע אידיש־נאציאנאלע פראבלעמען?

און אפט דאכט זיך מיר, אז מיט זיין אויסערגעוויינליכען ארגאניזאטארישען טאלאנט, מיט זיין טאקט און זעלטענעם פראקטישען שכל וואלט זיך איהם נאך דער גרויסער רעוואלוציע פון 1917 איינגעגעבען צו האלטען צוזאמען אלע כחות פון די די סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען, וואס זיינען אהן קיין שום ספק דעמאלט געווען די שטארקסטע פארטיי אין רוסלאנד, און, אריינווארפענדיג אלע קרעפטען אין דער אויפקלערענדער און אין דער אויפבויענדער ארבייט, וואלטען זיי אויפגעהויבען די אינטעליגענץ און די מאסען פון פאלק — די דארפישע אזוי גוט ווי די שטאטישע — אויף יענער נויטיגער הויך, וואס עס האט זיך געפאדערט אין דעמדאזיגען הערואישען מאמענט פון דער רוסישער געשיכטע, כדי אויפצובויען דאס רואינירטע לאנד אויף נייע סאציאליסטישע יסודות.

עס איז ביי מיר ניט אפגעפרעגט, אז א שטארקע, פאר־אייניגטע סאציאל־רעוואלוציאנערע פארטיי וואלט געקאנט קומען

צו א פאַרשטענדיגונג מיט אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע עלע־מענטען, זאָגאַר מיט די אונטאָלעראַנטסטע אָנהענגער פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק. און אויב אַלע סאָציאַליסטען וואָל־טען געשטאַנען פאַראייניגט אין געשלאָסענע רייהען און געאַרבייט האַרמאָניש צוזאַמען, וואָלטען זיי אין גיכען געוואונען אויף זייער זייט ניט נאָר די ברייטע מאַסען פון דעם פּויערטום און פון דער שטאָטישער אַרבייטערשאַפט, נאָר אויך אַלע מעהר אָדער ווענינער ראַדיקאַלע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך אין רוסלאַנד אַלעמאָל פאַרהאַלטען סימפּאַטיש צו די אידעען פון סאָציאַליזם.

האָבענדיג אויף זייער זייט די גרויסע מאַיאָריטעט פון די אַקטיווע קרעפטען פון לאַנד, וואָלטען די פאַראייניגטע סאָ־ציאַליסטען געקאָנט דורכפיהרען אַלע נויטיגע געזעצען אויף א דעמאָקראַטישען אופן, און די צעהנדליגע טויזענדער בירגער, וועמען די דיקטאַטאָרישע מעטאָדען האָבען איצטער אָפּגעשטוי־סען פון סאָציאַליזם אָדער ווענינסטענס פון דער הערשענדער סאָציאַליסטישער רעגירונג און זיי געמאַכט נוצלאָז אָדער זאָגאַר שעדליך פאַר דאָס לאַנד, וואָלטען דאַן אויף אַלע געביטען געהאָלפען טאָן די גרויסע אויפבויענדע אַרבייט.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען וואָלטען די רעאַקציאָנערע כחות ניט געוואַגט אַרויסצוטרעטען אַנטקעגען דער רעגירונג. און ווען דער שרעק פאַר דער נייער אָרדנונג וואָלט אפילו יאָ אַרויסגערופען אַן אַקטיווען ווידערשטאַנד פון די פאַנאַטישע אָנהענגער פון דער אַלטער סאָציאַלער סיסטעם, וואָלטען אַזעלכע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אויסברוכען געקאָנט שנעל און גרינג אונטערדריקט ווערען. וואָרום קיין שטאַרק אָרגאַניזירטע פּאַרטיי פון פּרינציפּיעלע געגנער פון סאָציאַליזם האָט רוסלאַנד קיינמאָל ניט געהאַט.

און ווען איך הויב אָן צו פאַנטאַזירען וועגען דעם, וואָס וואָלט געקאָנט זיין — פאַנטאַזירען מעג מען דאָך — דאַכט זיך מיר, אַז א פרייע פאַראייניגטע רוסלאַנד אונטער אַן אמת דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישער רעגירונג וואָלט געוואונען די סימפּאַטיע פון די ראַדיקאַלען און פון די אַרבייטענדע שיכטען

אין אַלע ציוויליזירטע לענדער, און דאָס וואָלט אפשר געמאַט די בלאָקאדע אין גאַנצען אוממעגליך. אָבער ווען עס וואָלט זיך יאָ איינגעגעבען די קורצזיכטיגע רעאַקציאָנערע כחות פון די אַליאירטע דורכצופיהרען אַ בלאָקאדע, וואָלט אַ פאַראייניגטע רוסלאַנד, וועלכע באַזיצט אַזאַ פּרוכטבאַרען באָדען מיט אַזוי פיעל נאַטירליכע אוצרות, געקאָנט אין פאַרלויף פון עטליכע יאָהר ענטוויאַזטישער און האַרמאָנישער טעטיגקייט פון אַלע ארבייטס־פעהיגע עלעמענטען אויפטאָן וואונדער, און באַווייזען דער גאַנ־צער וועלט, וואָס ברידערליכע קאָ־אָפּעראַציע קאָן באַשאַפען אויף אַלע געביטען פון געזעלשאַפטליכען לעבען.

אַלעמאָל, ווען איך טראַכט וועגען די גרויסע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד פאַר די לעצטע יאָהרען, קום איך אימער צו דער איבערצייגונג, אַז אַ באַדייטענדער טייל פון די אומגעהויערע ליידען, וואָס זיינען אַלעמאָל פאַרבונדען מיט אַ גרויסער היסטאָ־רישער איבערקערעניש, וואָלט געקאָנט אויסגעמידען ווערען, אויב די סאָציאַליסטען וואָלטען געארבייט האַרמאָניש צוזאַמען. די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָט אָבער ליידער ניט געהאַט קיינע פיהרער, גרויס גענוג פאַר דער קאָלאָסאַלער אויפ־גאַבע. און מיר דאַכט זיך, אַז ווען גערשוני וואָלט געלעבט, וואָלט ער אפשר אין גרויסען מאָמענט זיך דערהויבען צו דער נויטיגער הויך.

הגם איך גלויב אין דער ווירקונג פון שאַפענדע פּערזאָנען אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטליכער אַנטוויקלונג, בין איך דאָך ניט אַזוי נאַאיוו צו דענקען, אַז איין מענש, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, קאָן אומבייטען דעם לויף פון דער געשיכטע. איך גלויב, אַז די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט פיהרט צום סאָציאַליזם, און אַז מיט מעהר אָדער ווייניגער קרבנות, מיט עטליכע יאָהר פריהער אָדער שפּעטער — פון אַן אָביעקטיוו געשיכטליכען שטאַנדפּונקט זיינען דאָך דאָס אומבאַדייטענדע קליינינקייטען — וועט די מענשהייט איהר ציעל דערגרייכען. פאַר אונז אָבער סוביעקטיווע שטערבליכע מענשען האָבען גע־שיכטליכע קליינינקייטען אָפט זעהר אַ גרויסע וויכטיגקייט.

אַזוי ווי אין אַן ענטשיידענער שלאַכט קאָן אמאָל אַ געניאַלער

סטראַטעגישער פּלאַן פון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פיהרען צו א זיג פון זיינע חילות, אזוי קאָן אין א קריטישען היסטאָרישען מאָמענט אמאָל איין שטארקע פערזאָן האָבען א גרויסען איינפלוס אויף די צייטווייליגע פּאסירונגען. און איך דענק, אז גערשוני האָט געהאט אין זיך גענוג קראפט צו קאָנען האָבען אזא איינפלוס אין דעם קריטישטען מאָמענט פון דער רוסישער געשיכטע נאָך דער איבערקעהרעניש פון 1917.

אויב די אַלע גינסטיגע מעגליכקייטען וואָלטען רעאַליזירט געוואָרען, וואָלט גערשוני געווים מיט לייב און לעבען געארבייט פאר דעם איבערבוי פון רוסלאַנד און וואָלט וואהרשיינליך זיך ניט געקאָנט אפּגעבען מיט די ספּעציעלע אידישע אינטערעסען. דאָס וואָלט אָבער ניט געווען דערפאר, וואָס ער איז געווען קאַלט צו די ליידען פון זיין פאָלק, נאָר פשוט ווייל ער וואָלט געווען צו פארנומען מיט דער קאָלאָסאַלער ארבייט אין רוסלאַנד, וואָס וואָלט אויך פאר די אידען געווען פון גרויסער וויכטיגקייט.

פון אַלע מיינע באַגעגענישען מיט גערשוני׳ן האָב איך ארויסגעטראָגען דעם איינדרוק, אז ער איז געווען א וואַרימער איד. אַלע אידישע פראַגען זיינען איהם געווען זעהר נאָהענט צום הארצען. דאריבער דאַכט זיך מיר, אז אויב איהם וואָלט זיך ניט איינגעגעבען צו פאראייניגען די סאָציאַליסטישע כחות אין רוסלאַנד און די פּאסירונגען וואָלטען דאָרטען אָנגעגאַנגען אזוי, ווי זיי געהען איצטער, וואָלט ער זיך אפשר אריינגעוואָרפען מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער אידישער באַוועגונג.

איך בין זיכער, אז גערשוני וואָלט ניט געווען איינפאר־שטאנדען מיט דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק. און ארבייטען ווי א בלינדע געצייג אונטער דער סאָוועטען רעגירונג, וואָלט ער אוודאי ניט געקאָנט. עס איז אָבער ביי מיר קיין ספק ניט, אז ער וואָלט באַטראַכט פאר א נאַרישען פארברעכען צו קעמפען אנקעגען דער סאָוועטען־רעגירונג צוזאַמען מיט די רעאַקציאָנערע עלעמענטען. ער וואָלט אויך איינגעזעהן, אז אונטער די איצטיגע אומשטענדען וואָלט געווען ניט ראַטזאַם אָנצופאַנגען א זעלבסט־שטענדיגען אַקטיווען קאַמף פאר א דעמאָקראַטישען סאָ־

ציאַליזם. אַזעלכע ענערגישע קאַמף־נאַטורען, ווי גערשוני׳ס, קאָנען אָבער ניט זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענט און וואַרטען ביז די אומשטענדען וועלען זיך ענדערען. עס לעגט זיך דאַריבער אויפ׳ן שכל, אַז אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווען פון איין זייט האָבען די ליידען פון דעם אידישען פאָלק אָנגענומען אונערהערטע פּראָפּאָרציאָנען, און ווען פון דער אַנדער זייט עפענען זיך מעגליכקייטען פאַר אַ גרויסער בויענדער אַרבייט אין ארץ־ישראל, וואָלט גערשוני זיין גאַנצע ברויזענדע ענערגיע אַריינגעוואָרפען אין דער רעטונגס־אַרבייט פון זיין פאָלק.

און ווען איך טראַכט וועגען אָט אַ דער מעגליכקייט ווערט דער ווייטאָג פון דעם פאַרלוסט, וואָס זיין טויט האָט פאַרשאַפען דאָפעלט שטאַרק.

נאָר לאָמיר איבערלאָזען ספּעקולאַציעס וועגען זאַכען, וואָס וואָלטען געקאָנט פאַרקומען און זיך אומקעהרען צו דעם, וואָס האָט ווירקליך פּאַסירט. איך וועל איצטער אָנגעהן מיט מיינע ערינערונגען, ווי ווייט מעגליך, אין כראָנאָלאָגישער אָרדנונג, אָנהויבענדיג מיט מיין קומען אין דעם שווייץ אין אָנפאַנג פון די 90ער יאָהרען.

# ערשטער קאַפּיטעל

ציוריך אין 1892. — מאַרקסיסטען און אַנטי־מאַרקסיסטען. — פּאַוועל אַקסעל־ראָד. קאַלמאַנסאָן. קריטשעווסקי. ליובאַ אַקסעלראָד. ח. זשיטלאָווסקי. חנן ראַ־פּאָפּאָרט. — די לעצטע נאַראָדאָוואָלצעס. — דעמבאָ.

מיין רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט האָט זיך אָנגעהויבען אין ווילנא אונגעפעהר אין 1887. די אַרבייט איז באַשטאַנען הויפּטזעכליך אין סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען דער שטודירענדער יוגענד און די אידישע אַרבייטער. אין אונזערע קרייזען האָט זיך דעמאָלט געגומען פאַרשפּרייטען דער געשיכטס־פילאָזאָפישער מאַרקסיזם. נאָר אַ קליינער מעוט, אויך איך בתוכם, האָט זיך קריטיש פאַרהאַלטען צו דער נייער טענדענץ.

אין 1892 האָב איך געמוזט פאַרלאָזען רוסלאַנד און ווען איך בין אין דעמזעלבען יאָהר געקומען אין ציוריך, איז שוין דאָרטען דער קאַמף געגען אָרטאָדאָקסישען מאַרסיזם געווען אין פולען גאַנג. די מאַרקסיסטען סאָציאַל־דעמאָקראַטען, צו וועלכע די מאַיאָריטעט פון דער רוסישער קאָלאָניע האָט דעמאָלט געהערט, האָבען זיך גרופּירט אַרום פּאַוועל אַקסעלראָד, זיין שוואָגער קאַלמאַנסאָן, קריטשעווסקי און ליובאַ אַקסעלראָד, וועלכע האָט שפּעטער אָנגעהויבען צו שרייבען אונטער דעם פּסעוודאָנים „אָרטאָדאָקס.“

פּ. אַקסעלראָד, דער עלטסטער פון זיי אַלעמען, איז געווען אַ פייערדיגער סאָציאַל־דעמאָקראַט. יעדעס וואָרט פון קאַרל מאַרקס און פריעדריך ענגעלס איז איהם געווען הייליג, ווי פאַר אַ פרומען אידען דער תנ״ך און די גמרא. יעדען איינעם, וואָס האָט געוואַגט צו קריטיקירען דעם מינדעסטען פונקט פון מאַרקס׳עס געשיכטס־פילאָזאָפישע אַנשויאונגען, האָט ער געהאַלטען פאַר אַ פיינד פון סאָציאַליזם און ער פלעגט

אויף איהם אָנפּאַלען ווי אַ טיעף־גלויביגער איד — אויף אַן אַפּיקורס, וואָס לייקענט אין גאָט און אין זיין תורה.

ער איז נישט געווען קיין גלענצענדער דעבאַטאַנט. אָבער זיין אויפריכטיגקייט און שטאַרקער גלויבען פלעגען אָפט הינ־רייסען זיינע צוהערערס. ווען ער האָט נישט געקענט אָב־שלאָגען די אַרגומענטען פון זיין אַנטי־מאַרקסיסטישען אָפּאָ־נענט, פלעגט ער איהם אנשטאַט וויסענשאַפטליכע בעווייזע געבען מוסר פאַר זיין חוצפּה צו קריטיקירען דעם גרויסען דייטשען געלעהרטען און גאון אין פּאָליטישע עקאָנאָמיע, דעם גרינדער פון וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, און פאָטער פון דער מעכטיגער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

קאַלמאַנסאָן איז געווען אַ סך אַ בעסערער רעדנער. ער האָט געהאַט אַ וואוילען קאָפּ און אַ גרויסע ערודיציע. ער פלעגט אָפט קומען אַקסעלראָד'ן צו הילף און מיט בייסענדען סאַרקאַזם פלעגט ער, דורך קאַלטע פאַקטען און לאָגישע בע־ווייזע, זיך בעמיהען צו צושטערען די אַרגומענטען געגען דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם.

צו יענער צייט איז חיים זשיטלאָווסקי, וועלכער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אָנגעפאַנגען אין דער שווייץ אַ סיס־טעמאַטישע פּאָלעמיק געגען דעם מאַרקסיזם, שוין געווען אוועק־געפאָהרען פון ציוריך אין בערן. זיין פּאָלעמיק האָט אויפגע־דודערט אין ציוריך די גאַנצע רוסישע קאָלאָניע און, ווי מען האָט מיר דערצעהלט, איז אין ציוריך, אין פערלויף פון די פינף־זעקס מאָנאַטען אָנגעגאַנגען אַ שטורמישע דעבאַטע וואָס האָט זיך פערצויגען אויף צוויי־און־זיעבציג נעכט! איך זאָג נ ע כ ט און נישט אבענדען, ווייל די דיסקוסיע פלעגט זיך דאָס רוב ציהען ביז דריי־פיער אַ זייגער אין דער פריה.

זשיטלאָווסקי האָט זיך בעמיהט צו בעווייזען, אַז דער אזוי־גערופענער וויסענשאַפטליכער מאַרקסיזם איז נישט קיין וויסענשאַפטליכע סיסטעם, נאָר אַ מעטאַפיזישע סברה, אַז דער סאָציאַליזם נייטיגט זיך גאָר נישט אין דער טעאָריע פון עקאָ־נאָמישען מאַטעריאַליזם און אַז, דעריבער, קען מען זיין אַ גוטער סאָציאַליסט נישט זייענדיג קיין מאַרקסיסט.

אין זיינע איבערצייגונגען איז זשיטלאָווסקי געווען נאָהענט צו די נאַראָדאָוואָלצעס, נאָר ער האָט שוין דעמאָלט אויך פער־שטאַנען די גרויסע וויכטיגקייט פון אַ סאָציאַליסטישער פּראָ־פּאַגאַנדע צווישען דעם שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט. און ווען ער איז געקומען פון בערלין אין ציוריך — דאַכט זיך אין 1888 — האָט ער פאָרגעשלאָגען די נאַראָדאָוואָלצעס, אַז זיי זאָלען מיט איהם צוזאַמען אַרויסגעבען אַ סעריע בראָשיורען פאַר אַרבייטער.

אָן דער שפּיצע פון דער ציוריכער גרופּע נאַראָדאָוואָלצעס איז דאַמאָלט געשטאַנען דער בעוואוסטער טעראָריסט דעמבאָ *). וועלכער האָט געלעבט אין ציוריך אונטער'ן נאָמען בראָנשטיין. דעמבאָ האָט דאַמאַלט געאַרבייט אויף אַ נייעם אויפרייס־מאַ־

*) איך האָב געקאַנט דעמבאָ'ן אין ווילנא, אין 1886—1888. ער איז געווען איינער פון יענע זעלטענע נאַטורען, וואָס גיבען זיך אַוועק צו אַן אידעע מיט לייב און לעבען און געהען גלייך צו זייער ציעל. ער האָט גע־גלויבט אין טעראָר, און יעדע טעטיגקייט, וואָס איז נישט געווען דירעקט פאַרבונדען מיט'ן טעראָריסטישען קאַמף, האָט ער בעטראַכט פאַר שעדליך, ווייל זי נעהמט אַוועק קראַפט און ענערגיע פאַר זייטיגע זאַכען. ווען זשיטלאָווסקי איז געקמען אין ציוריך און געלייענט זיין ערשטען רעפעראַט וועגען דער טענדענץ פון דער יונגער רוסישער פּאָעזיע, האָט דעמבאָ איהם מיט כעס געפרעגט: קיין וויכטיגערע טהעמא האָט איהר שוין נישט געקענט געפינען? וועגען וואָס וועט זיין אייער צווייטער רעפעראַט?" זשיט־לאָווסקי'ן האָט זיך געוואָלט אַ רייץ טהאָן מיט איהם אַביסעל און ער האָט איהם געזאָגט, אַז ער וועט לייענען וועגען די פּרויען פון האָמער. דער־הערענדיג וועגען אַזאַ דורכאויס „אונסאָציאַליסטישער" טהעמא, האָט דעמבא אַ קנייטש געטהאָן מיט די פּלייצעס און איז אַוועק. דעמבאָ, אַלס אַ גייסט־טיגער טיפּ, איז געווען ענהליך צו וולאַדימיר בורצעוו'ן. אין פּריוואַטען לעבען איז דעמבאָ געווען פול מיט צערטליכער פריינדשאַפט און איז גע־ווען אַן איבערגעבענסטער חבר. ווען איך בין געקומען אין ציוריך איז ער, ליידער, געווען טויט.

בורצעוו איז אויך געווען אַפּט נישט צופריעדען, וואָס זשיטלאָווסקי פאַרנעהמט זיך מיט זאַכען, וואָס האָבען נישט קיין אונמיטעלבאַרע שייכות

טעריאַל. ווי בעוואוסט, איז ער שפּעטער צוריסען געוואָרען אויפ׳ן ציוריך־בערג פון זיין אייגענער באָמבע, ווען ער האָט אויסגעפּרואווט זיין נייעם עקספּלאָזיוו. דעמבאָ, ווי דאָס רוב פון זיינע חברים, האָט נישט געגלויבט, אַז מען קאָן אונטער די דאַמאָלסדיגע אומשטענדען אויפטהון אין רוסלאַנד עפּעס וויכטיגעס דורך סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. „כל זמן דער דעספּאָטיזם הערשט אין לאַנד", האָבען זיי גע׳טענה׳ט, „איז טעראָר די איינציגע ניצליכע ארבייט."

די נאַראָדאָוואָלצעס האָבען זשיטלאָווסקי׳ס פּאָרשלאַג נישט אָנגענומען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וועלכע האָבען דעמאָלט אָרגאַניזירט אַ גרופּע מיט דעם צוועק צו שאַפען אַ סאָציאַליסטישע ארבייטער ליטעראַטור, האָבען פאָרגעשלאָגען זשיטלאָווסקי׳ן צו ארבייטען מיט זיי צוזאַמען, ספּעציעל פאַר ד ע ר אויפגאַבע. זשיטלאָווסקי האָט איינגעוויליגט, נאָר מיט דעם בעדינג, אַז אין די בראָשיורען זאָל געגעבען ווערען ריינע פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליזם, אָהן אַטאַקעס אויף די נאַראָדאָוואָלצעס. דאָס ערשטע ביכעל האָט געדאַרפט ענטהאַלטען די בעריהמטע רעדע, וואָס דער ארבייטער פּיאָטר אַלעקסיעיעוו האָט געהאַלטען פאַר׳ן געריכט. ווען דאָס ביכעל איז געווען פאַרטיג צום דרוק און זשיטלאָווסקי האָט דורכגעלייענט פּליעכאַנאָוו׳ס פאָררעדע, אין וועלכער ער פאַלט אָן אין אַ דעמאָגאָגישען טאָן אויף דער רוסישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, איז ער ארויס מיט אַ פּראָטעסט אַנטקעגען דער פאָררעדע און זיך ענטזאַגט צו העלפען דער גרופּע. איך האָב שפּעטער אריבערגעפיהרט אין רוסלאַנד פיעלע עקזעמפּלאַרען פון פּיאָטר אַלעקסיעיעוו׳ס רעדע, אָבער פּליעכאַנאָוו׳ס פאָררעדע פלעגען מיר אימער ארויסרייסען.

---

צו באָמבעס. איינמאָהל האָט ער מיך בעגעגענט אין פּאַריז און מיך געפרעגט וועגען זשיטלאָווסקי׳ן. ווען איך האָב איהם דערצעהלט, אַז ביי זשיטלאָווסקי׳ן איז געבוירען געוואָרען אַ מיידעלע, האָט ער האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט, אַ זאָג געטהאָן: „ער בעשעפטיגט זיך נאָך אַלץ מיט אַזעלכע נאַרישקייטען?"

## צווייטער קאַפּיטעל

חנן ראַפּאָפּאָרט אין ווילנא, אין פּאַריז, אין ציוריך. — דער הונגער אין רוסלאַנד. — די שטעלונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען.

ווען איך בין געקומען אין ציוריך, האָב איך דאָרט געפונען מיין אַלטען רבי'ן, חבר און פריינד חנן ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז שפּעטער געווען איינער פון די גרינדערס און בעדייטענדע טוערס פון דעם „פערבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען".

איך וויל דאָ, אין עטליכע שורות, איבערגעבען זיין ביאָגראַפיע, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פיעלע פון די אידישע סאָציאַליסטישע טוערס.

ראַפּאָפּאָרט איז געווען דער איינציגער זוהן פון אַ למדן אַ סוחר אין דעם קליינעם ליטווישען שטעדטעל דוקשט. אַלס אינגעל איז ער געווען אַ בעוואוסטער עילוי און זיין פאָטער האָט געהאָפט, אַז פון איהם וועט אויסוואַקסען אַ גדול בישראל. נאָר די העברעאישע השכלה־ליטעראַטור האָט חנן'ען „אַראָבגעפיהרט פון דרך הישר" און צו פערצעהן יאָהר איז ער אַנטלאָפען פון דער היים אין ווילנא. לעבענדיג אין הונגער און אין דחקות האָט ער זיך אין איין יאָהר פאַרבערייט צום עקזאַמען און איז אַנגעקומען אין פינפטען קלאַס גימנאַזיע.

ווען איך האָב זיך מיט איהם בעקענט, איז ער געווען איינער פון די בעסטע שילערס פון זיבעטען קלאַס. ער איז געווען שטאַרק בעלעזען אין דער רוסישער און דייטשער ליטעראַטור, געוואוסט אַ סך געשיכטע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און פילאָזאָפיע, און געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף זיינע חברים־גימנאַזיסטען. צוזאַמען מיט זיין פריינד, יאַקאָוו יודעליעווסקי, האָט ער געגרינדעט צווישען די גימנאַזיסטען און רעאַליסטען

געהיימע קרושקי סאַמאָראַזוויטיאַ (זעלבסט־ענטוויק־לונגס־פעראיינען), וואו מען האָט געלעזען און דיסקוטירט די ווערק פון די בעריהמטע רוסישע קריטיקער פיסאַרעוו, דאָבראָ־ליובאָוו און ביעלינסקי, ווי אויך ביכער ווי די „היסטאָרישע בריף“ פון מירטאָוו׳ן (אַ פסעוודאָנים פון פיאָטר לאַווראָוו), לואי בלאַן׳ס געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — ביכער, וואָס, הגם זיי זיינען געווען געדרוקט אין רוסלאַנד, זיינען זיי דאָך געווען פערבאָטען פאַר די שילערס פון די גימנאַזיעס.

ראַפּאָפּאָרט האָט אויך געגרינדעט אַ גרופּע וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שאַפען לעהרערס פאַר די פיעלע בחורים וואָס האָבען זיך געריסען פון דער פערשטיקטער קלויז־אַטמאָספערע צו ליכט און וויסענשאַפט. די דאָזיגע גרופּע האָט אויך געשטיצט מיט געלד די בחורים וואָס האָבען אָנגעוואורען זייערע „טעג“, ווייל מען האָט זיי געכאַפּט מיט טריף־פּסול׳ס. ראַפּאַפּאָרט, וועלכער האָט אין ווילנא געהאַט אַ שם פאַר אַ זעלטען־גוטען לעהרער און האָט פון אוראָקען פערדיענט גרויסע געלטען (אַמאָל זעכציג־זיבעציג רובעל אַ חודש!), האָט געלעבט זעהר אָרים און מען האָט איהם שיער ניט ארויסגע־טריבען פון גימנאַזיע פאַר זיינע צוריסענע שיך און טראַנטע־וואַטען מונדיר. ער פלעגט אַוועקגעבען זיינע פערדיענסטען צו די אָרימע יונגע לייט וואָס האָבען געדורשט נאָך בילדונג.

ראַפּאָפּאָרט איז אינגיכען בעקאַנט געוואָרען מיט דעמבאָ׳ן און אַנדערע נאַראָדאָוואָלצעס אין ווילנא און איז געוואָרען אַ הייסער סאָציאַליסט.

חנן ראַפּאַפּאָרט האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף מיין גייסטיגע ענטוויקלונג. ער האָט מיך בעקעהרט צום סאָציאַליזם און מיך אַריינגעפיהרט אין דער גרופּע פון די לעצטע נאַראָדאָ־וואָלצעס אין ווילנא. ווען ער האָט געענדיגט גימנאַזיע, איז ער אַוועק אין פּאַריז. אונזערע פריינדליכע באַציהונגען האָבען זיך אָבער נישט איבערגעריסען און מיר פלעגען שרייבען איינער דעם צווייטען לאַנגע און אָפטע בריעף. די דאָזיגע קאָרעספּאָנ־דענץ, וועלכע האָט אָנגעהאַלטען די גאַנצע צייט, האָט פיעל

פערשטארקט אונזער פריינדשאפט. אונזער בעגעגעניש אין ציוריך איז פאר אונזביידען געווען א גרויסע פרייד.

אין פאריז האָט ראפאָפּאָרט שטודירט די מארקסיסטישע ליטעראטור און איז געוואָרען א סאָציאַל־דעמאָקראט. אָבער מיט זיין קריטישען און אָריגינעלען קאָפּ האָט ער פערשטאנען דעם מארקסיזם א סך טיעפער ווי דאָס רוב פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראטען, און ער האָט נישט געזעהען קיין סתירה אין דעם עקאָנאָמישען מאטעריאַליזם צו דעם גלויבען אין דער גרויסער ראָלע וואָס די קריטיש־דענקענדע פערזענליכקייט שפּילט אין דער געשיכטע.

פאר די ציוריכער פרומע סאָציאַל־דעמאָקראטען איז ער געווען נישט גענוג אָרטאָדאָקסיש און פון אָנהייב אָן האָט מען שוין אויף איהם געקוקט מיט א חשד, ווי אויף איינעם וואָס איז א ביסעל „געכאפּט אין דער מעשה“. ער איז אָנגעקומען אין רעכטען מיטען פון די בעריהמטע „ציוריכער נעכט“, ווען די היציגע דיסקוסיעס צווישען די אָנהענגערס און געגנערס פון מארקסיזם האָבען נישט געלאָזט שלאָפען די רוסלענדישע סטודענטען און סטודענטקעס. ער האָט זיך גלייך אריינגעוואָרפען אין דער דעבאטע און מיט זיינע אָריגינעלע און וויציגע רעדעס צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון גאנצען עולם.

שטעהענדיג אין אַלגעמיין אויף דער זייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראטען, האָט ער דאָך, אין איינינגע פּונקטען, איינגע־שטימט מיט זשיטלאָווסקי׳ן. ראפּאפּאָרט און זשיטלאָווסקי האָבען זיך באלד נאָהענט באקענט און זיינען געוואָרען שטארק בעפריינדעט. די סאָציאַל־דעמאָקראטען האָבען ראפּאפּאָרט׳ן אָבגעשטויסען מיט זייער איינזייטיגקייט און אונטאָלעראנץ צו יעדער זעלבסטשטענדיגער קריטיק. ביסלאכווייז איז ער איבער־געגאנגען צו די אַנטי־מארקסיסטען.

צו יענער צייט האָט אין רוסלאנד געהערשט א שרעקליכער הונגער, איינער פון יענע כראָנישע הונגערען וועלכע זיינען גע־ווען א דירעקטער רעזולטאט פון דער עקאָנאָמישער לאגע פון די פּויערים און פון דעם פינסטערען פּאָליטישען רעזשים, וואָס

האָט געשונדען די הויט פון דער דאָרפישער בעפעלקערונג און זיך געסטאַרעט זי צו האַלטען אין אונוויסענהייט. די לאַגע אין רוסלאַנד איז געוועזן שרעקליך. דרייסיג מיליאָן פויערים זיינען פשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער. די אויסלענדישע סאָציאַליס־טען האָבען געגרינדעט אַ געזעלשאַפט צו באַקעמפען דעם הונ־גער. די סאָציאַל־דעמאָקראַטען זיינען אויך צוגעשטאַנען צו דער געזעלשאַפט, אָבער מיט אַ האַלבען הארצען. זייער שטע־לונג צו דער שרעקליכער עראייגניס איז געווען אַ צוויי־זייטיגע: פון איין זייט האָבען זיי געפיהלט, אַז אַ פּאַרטיי וואָס קעמפט פאַר די עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע קאָן נישט בלייבען שטעהן פון ווייטען ווען די מאַסען פון פאָלק זיינען אין אַזאַ אונגליק; פון דער צווייטער זייט אָבער האָבען זיי אימער בע־טראַכט דאָס פויערטום פאַר אַ רעאַקציאָנערע מאַסע פון קליין־בירגערס און צו יעדער געלעגענהייט איבערגע׳חזר׳ט די פראַזע פון פריעדריך ענגעלס, אַז די אידעע פון סאָציאַליזם קאָן נישט דורכדרינגען דאָס דיקע שעדעל פון דעם פויער.

זיי האָבען גע׳טענה׳ט, אַז כדי צו ווערען צוגענגליך פאַר׳ן סאָציאַליזם, מוז דאָס פויערטום צוערשט פּראָלעטאַריזירט ווערען. דער גאַנג פון דער אַלהערשענדער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פיהרט דערצו, און וואָס גיכער דער דאָרפסמאַן וועט אָבגעריסען ווערען פון זיין שטיקעל נחלה, אַלץ בעסער פאַר דעם אַלגעמיי־נעם פּראָגרעס. ווי שרעקליך דער הונגער זאָל נישט זיין, איז ער דאָך, אין תוך, אַן ערשיינונג, וואָס העלפט דעם פּראָגרעס, ווייל ער וועט טרייבען דעם מוזשיק פון דאָרף אין די רייהען פון דעם שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז דער איינצי־גער טרעגער פון בעוואוסטזיניגען קלאַסען־קאַמף און סאָציאַ־ליזם.

אין איינעם פון די רעפעראַטען וואָס פּליעכאַנאָוו האָט דע־מאָלט געלייענט אין ציוריך, האָט ער, רעדענדיג וועגען די אויפגאַבען אין רוסלאַנד, געזאָגט: „פון דער דאָרפישער בע־פעלקערונג איז אָבגערעדט. דער חוט השדרה פון רוסישען פויערטום איז איצט איבערגעבראָכען.‟ און מאַכענדיג, אויף אַזאַ אופן, אַ סוף צו די אַכציג מיליאָן קרעסטיאַנעס, איז ער

גלייך איבערגעגאַנגען צו דער סאָציאַליסטישער טהעטיגקייט צווי־שען די שטאָדטישע ארבייטער.

די דאָזיגע שטעלונג פון די מארקסיסטען צום פויער בכלל און צום הונגער בפרט, האָט ארויסגערופען א סך ביטערקייט אין די רייהען פון די אנטי־מארקסיסטען און האָט אָפּגעשטוי־סען חנן ראַפּאָפּאָרט׳ן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. ער האָט אָפט געזאָגט אין שפּאַס, אז ער איז אליין א פויער, ווייל נאָך זיין פּאַספּאָרט נאָך איז ער געוועזען איינער פון די ווינציגע רוסי־שע אידען וואָס זיינען געוועזען צוגעשריבען צו דער קרעסט־יאַנסקאָיע סאָסלאָוויע. ווען איך בין געקומען צו פאָהרען איז ער שוין געוועזען אַן אויסגעשפּראָכענער אנטי־מארק־סיסט, און פּ. אקסעלראָד פלעגט ווערען אַן אָנגעצונדענער ווי נאָר חנן פלעגט עפענען דאָס מויל.

דער קאַמף צווישען די צוויי לאַגערען איז געוואָרען אלץ מעהר און מעהר פערביטערט. וואו איך פלעג שטעהן און געהן פלעג איך אלץ הערען די זעלבע הייסע ויכוחים. אין די גאַסען, אין אוניווערסיטעט, צווישען די לעקציעס, ביים מיטאָג־עסען אין סטודענטישען קאָ־אָפּעראַטיווען רעסטאָראַן און אויף די סטודענטישע וועטשערינקעס, האָבען די ווערטער „עקאָנאָמישער פאַקטאָר“, „סוביעקטיוויזם“, „דיאַלעקטישע מעטאָדע“, „מעטאַ־פיזישע מעטאָדע“, „דער נאַטירליכער גאַנג פון דער געשיכטע“, אָנגעפילט די לופט. מיין קאָפּ איז געוואָרען ווי א קאָרב פון די טויזענד־מאָל איבערגע׳חזר׳טע פראַזען.

אין א שעהנעם זומער־אָבענד פלעג איך מאַכען א פערזוך זיך ארויסצוראַטעווען פון דעם געווירבעל און אוועקלויפען אויפ׳ן ציוריך־באַרג אָדער צו די מאַלערישע ברעגען פון ציוריך־זעע, די־זער וואונדער־שעהנער אָזיערע. אָבער אויך דאָרטען פלעג איך בעגעגענען גרופּען רוסישע סטודענטען און פערליעבטע פּאָאַר־לעך אמפּערענדיג זיך וועגען די זעלבע פראַגען. נישט איין שידוך איז זיך אין יענער שטורם־און־דראַנג פעריאָדע פאַנאַנדער־געגאַנגען צוליעב דעם וואָס דער חתן האָט זיך איינגעשפּאַרט אז דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר זאָל זיין דער פונדאַמענט און דער אינטעלעקטועלער, מאָראַלער און פּאָליטישער — נאָר אַן

איבערבוי, און די כלה האָט געוואָלט נישט אַנדערש ווי אַ „וועק־סעלווירקונג". .

איך בין ענדליך אַזוי מיעד געוואָרען פון די אַלע וכוחים, אַז איך האָב אינגאַנצען אויפגעהערט צו געהן אויף די דעבאַטען. נאָר ראַפּאַפּאָרט'ס רעפעראַטען פלעג איך שטענדיג הערען מיט פערגעניגען. זיין רוסישע אויסשפּראַך איז נישט געווען קיין ריינע (ער פלעגט זאָגען וועגען זיך, אַז ער רעדט צעהן שפּראַכען און אַלע אויף אידיש); זיינע פּראַזען זיינען געווען צו לאַנג און צו שווער געבויט; יעדער הויפּט־געדאַנק פלעגט זיך ביי איהם אַרויסרייסען אַן אַרומגערינגעלטער מיט אַ מחנה קלע־נערע נעבען געדאַנקעלעך, וועלכע האָבען זיך מאַנכעסמאָל גע־פּלאָנטערט דעם הויפּט־געדאַנק צווישען די פיס. עס האָט זיך דאַריבער געפאָדערט אַן אָנשטרענגונג נאָכצופאָלגען דעם גאַנג פון זיינע לאַנגע אַרגומענטען. אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געברויכט קיין אויסגעדראָשענע פראַזען און זיינע בעווייזע האָ־בען אימער געשמעקט מיט דעם רייצענדען ריח פון אָן אָריגינע־לען, פרישען, נאָר־וואָס געבוירענעם געדאַנק. אַחוץ דעם איז ער געווען איינער פון די וויציגסטע רעדנערס וואָס איך האָב ווען־עס־איז געהערט, און זיינע גלייכווערטלעך פלעגען אַרויסרופען געלעכטער אפילו צווישען זיינע געגנערס.

איך געדענק ווי ער האָט איינמאָל אָנגעהויבען אַ רעפעראַט מיט די ווערטער: „עס האָט געלעבט אַמאָל אַ גרויסער קאַרל, האָט ער אָנגעפלאָדיעט אַ גאַנצע מחנה קליינע קאַרליקלעך ...." דער גאַנצער זאַל האָט אויסגעשאָסען מיט געלעכטער. ער האָט קיינמאָל נישט געשאַנעוועט זיינע געגנער און ליעב גע־האַט זיי אָנצוטרעטען שטאַרק אויף די מאַזאָליעס. דערפאַר האָט ער איבעראַל געהאַט אַ סך שונאים.

צו יענער צייט האָב איך זיך אין ציוריך בעקענט און אין גיכען בעפריינדעט מיט פאַני ראַטנער, איינע פון די ליכ־טיגסטע פערזענליכקייטען פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, וועלכע איז שפּעטער אויך געוואָרען אַ מיטגליעד פון די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

# דריטער קאַפּיטעל

פאַני ראטנער. — איהר לעבען. — איהר פריהצייטיגער טויט.

פאַני סאָלאָמאָנאָוונאַ ראטנער איז געווען די טאָכטער פון אַ רייכען סוחר אין מאָהילעוו. נאָך אין אָנהויב פון די אַכציגער יאָהרען, ווען זי איז נאָך געווען כמעט אַ קינד, איז זי צוגעצויגען געוואָרען צו דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. זי איז געווען אין רוסלאַנד ארעסטירט און איז אַ קורצע צייט געזעסען אין געפענגניס. אזוי ווי קיין שטאַרקע בעווייזען זיינען קעגען איהר ניט געווען און איהר פאָטער איז געווען אַ גאַנצער מיוחס ביים איספּראַווניק, האָט זיך איהם איינגעגעבען ארויסצוראטעווען זי פון די גוי'שע הענט. די איינצעלהייטען וועגען איהר טעטיגקייט אין רוסלאַנד זיינען מיר ניט בעקאַנט, ווייל פאַני האָט קיינמאָל ניט געוואָלט רעדען וועגען זיך.

די שטרענגע אויפזיכט פון דער פאָליציי און די נאָך שטרענגערע אויפזיכט פון איהר פאָטער האָט אונמעגליך געמאַכט פאַר פאַני'ן אָנצוגעהן מיט איהר געהיימער ארבייט אין רוסלאַנד און זי האָט בעשלאָסען צו פאָהרען אין דער שווייץ שטודירען. איהר פאָטער האָט דערפון ניט געוואָלט הערען. ער איז געווען איינער פון יענע אייזערנע אידען, וועמענס וואָרט איז געווען אַ הייליג געזעץ פאַר אלע מיטגליעדער פון זיין צאָהלרייכער הויזגעזינד. אָבער די יונגע פאַני האָט, הפנים, גע'ירשנ'ט פון איהר טאַטען זיין שטאָלענעם כאַראַקטער און, אַז זי האָט עפּעס בעשלאָסען, האָט זי עס דורכגעפיהרט. זי האָט זיך כלומר'שט אונטערגעגעבען און ווען די פאַמיליע איז אויף זומער ארויסגעפאָהרען אין קארלסבאַד, איז זי פון דאָרט אנטלאָפען אין ציוריך און אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווען שלום ראטנער'ס אַ קינד האָט זיך דערוועגט צו געהן געגען זיין ווילען. ווי קאַרל

ראטנער, פאַני'ס ברודער, האָט מיר דערצעהלט, ווען ער איז איין מאָל געקומען אויף א בעזוך אין דער שווייץ, האָט איהר פאָטער א לאַנגע צייט ניט ערלויבט צו דערמאָנען פאַני'ס נאָמען אין זיין געגענוואַרט. ענדליך האָט זיך דער מוטער איהרער דאָך איינגעגעבען צו פּועל'ן ביים פאָטער ער זאָל פאַני'ן שיקען אויף צום לעבען. ווען איך בין געקומען אין ציוריך, איז פאַני געווען איינע פון די רייכסטע סטודענטקעס. זי פלעגט בעקומען 100 רובעל (250 פראַנק) א חודש. צווישען די רוסישע סטודענטען, וועלכע האָבען ס'רוב געלעבט אויף פופציג־זיבעציג פראַנק א חודש, איז דאָס געווען א קאָלאָסאַלע סומע. און דאָך האָט פאַני געלעבט קארגער איידער די אָרימסטע סטודענטען. ווי נאָר זי פלעגט דערהאַלטען איהרע הונדערט רובעל, פלעגט עס גלייך נישט ווערען: א טייל פלעגט זי אוועקגעבען דער בעוועגונג און דאָס איבעריגע — צו חברים און חבר'טעס וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין שטענדיגען איינקונפט.

דאָס לעבען אין האַלב־הונגער האָט אינגיכען אָבגעשוואַכט דאָס געזונט פון דער גביר'ישער טאָכטער, וועלכע איז געווען געוואוינט פון דערהיים צו אַלע וואוילטאָגען. דערצו פלעגט זיך פאַני שטארק נעהמען צום הארצען די צרות פון איהרע צאָהלרייכע פריינד, וואָס פלעגען קומען צו איהר מיט אַלע זייערע גרויסע און קליינע פעקלעך. די טראַגעדיע אויפ'ן ציור־ריך־בארג, ווען דעמבאָ, איינער פון איהרע נאָהענטסטע פריינד, איז צוריסען געוואָרען אויף טויט, האָט אויך שטארק אָנגעגריפען פאַני'ס געזונט. דערנאָך האָבען זיך אָנגעפאַנגען הויז־זוכונגען ביי די פערדעכטיגע סטודענטען און סטודענטקעס, און די שוויי־צארישע פּאָליציי, וועלכע האָט זיך שטארק דערשראָקען פאַר רוסלאַנד'ס נאָמע, האָט אָנגעפאַנגען ארויסצושיקען פון לאַנד די „געפעהרליכע ניהיליסטען". דאָס אַלעס האָט שטארק גע־ווירקט אויף פאַני'ן. זי האָט אָבער, ווי אימער, ניט געוואָלט שענקען די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט צו איהר געזונט.

ווען חנן ראַפּאָפּאָרט איז געוואָרען מיט איהר נאָהענט בעפריינדעט, איז ער בעשטאַנען דערויף, אַז זי זאָל זיך מישב זיין מיט א דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט געפונען, אַז זי ליידט פון

אַן אָרגאַנישער האַרץ־קראַנקהייט און האָט איהר געהייסען גלייך אָבפאָהרען אין דרום־איטאַליע. ראַפּאַפּאָרט האָט אָנגעשריבען צו איהר פאָטער, וועלכער האָט גלייך אַרויסגעשיקט אויף הוצאות, און זיי זיינען צוזאַמען אָבגעפאָהרען אין איטאַליע, וואו זיי האָבען פערבראַכט אַ דריי חדשים אין אָ ס פּ ע ד א ל י ע ט י, אויפ'ן מיטעללענדישען ים. ווען זי איז געוואָרען אַ ביסעל בע־סער, איז זי מיט ראַפּאַפּאָרט'ן אַוועק אין דייטשלאַנד און זיי האָבען חתונה געהאַט אין קעניגסבערג, וואוהין פאַני'ס עלטע־רען זיינען צוליעב דעם געקומען.

זיי האָבען זיך בעזעצט אין בערלין, וואו ראַפּאַפּאָרט איז אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט. פאַני'ס געזונט איז געוואָרען ערגער פון יאָהר צו יאָהר. האַרץ־קראַנקהייט איז אימער פער־בונדען מיט גרויסע יסורים — די האַרץ־קלאַפּונגען רופען אַרויס געוויסע נערוועזע טויט־שרעקענישען וואָס אפילו די שטאַרקסטע קאָנען ניט בעהאַלטען. אָבער אויף פאַני'ן האָט מען גאָר נישט געקאָנט בעמערקען. אַ ריהרענדער שמייכעל האָט אימער גע־שוועבט אויף איהר שעהן, קינדעריש פּנים, וועלכען איהרע לאַנגע, זייד־גאָלדענע האָר האָבען צוגעגעבען אַ בעזונדערען חן. נאָר זעלטען, ווען זי האָט געמיינט אַז קיינער קוקט ניט אויף איהר, האָט מען געקענט זעהן אַ טרויער אין איהרע טיעפע, וואַרימע אויגען. ווען איך האָב זיך געזעהן מיט איהר אין פּאַריז אַ פּאָר חדשים פאַר איהר טויט, האָב איך געקאָנט בעמערקען, אַז זי ליידט גרויסע יסורים. זי האָט שוין דעמאָלט ניט געקאָנט מעהר אַראָב פון בעט, און דאָך האָט זי נאָך אַלץ געשטיקט אין זיך איהרע שמערצען און קיינמאָל זיך ניט בעקלאָגט. זי האָט זיך נאָך אַלץ אינטערעסירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג און מיט די פּרזעגליכע פריידען און ליידען פון איהרע פריינד.

איך האָב בעדאַרפט אָבפאָהרען אויף אַ נסיעה אין רוסלאַנד. ווען איך האָב זיך מיט איהר געזעגנט, האָבען זיך מיר געשטעלט טרעהרען אין די אויגען. פאַני האָט זיך בעמיהט צו מאַכען אַ פרעהליכע מינע און געזאָגט צו מיר:

„דאגה ניט, מענדיל, פערבלייב ניט אין רוסלאַנד לענגער ווי דו מוזט. וועסט קומען צוריק, פערפאָהר אין פּאַריז. אפשר

וועלען מיר זיך נאָך זעהן... און פערגעם ניט צו שיקען אַ טעלעגראַמע גלייך אהער, ווען דו וועסט אריבער די גרענעץ צו־ריק נאָך אויסלאַנד . . ."

מיין טעלעגראַמע האָט נאָך געפונען פאַני׳ן ביים לעבען, אָבער מיר איז ניט בעשערט געווען מעהר צו זעהן זיך מיט איהר. אין לעמבערג האָב איך געפונען אַ דעפעשע מיט דער טרויעריגער בשורה, אַז פאַני האָלט ביים שטאַרבען און איך בין גלייך אָבגעפאָהרען אין פאַריז. נאָר עס איז געווען צו שפּעט . . .

איבער פאַני׳ס שרעקליך־פערענדערט פּנים האָט נאָך גע־שוועבט איהר גוטער שמייכעל, אָבער עס איז געווען פערגלי־ווערט און פול מיט אַ טיעף געהיימניס . . . דאָס איז אין קור־צען די באַשרייבונג פון פאַני ראַטנער׳ס לעבען.

נאָר דאָ בין איך פאַרלאָפען ווייט אַ פריהער. איך קעהר זיך אום צוריק צום יאָהר 1892.

# פערטער קאַפּיטעל

אין בערלין. — מען שיקט מיך אַרויס פון פּרייסען. — אין בערן. — זשיטלאָווסקי. — די גרינדונג פון „דעם פערבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען“. — „רוסקי ראַבאָטשי“. — אונזערע ערשטע פּראָקלאַמאַציעס.

אין ציוריך בין איך פערבליבען אין גאַנצען אַ דריי חדשים און בין אַוועק אין אַמסטערדאַם צו זעהן זיך מיט מיין פאָטער. פון דאָרט זענען מיר צוזאַמען געפאָהרען אין בערלין, וואו ער האָט זיך געקליבען אָנצופאַנגען עפּעס אַ געשעפט און איך האָב זיך געגרייט אָנצוקומען אין אוניווערזיטעט.

אין בערלין איז די פּאָליציי דעמאָלט געווען שטרענג מיט רוסישע אונטערטאַנען און אָהן אַ גובערנאַטאָרסקי'ן פּאַספּאָרט האָט מען נישט געלאָזט וואוינען.

ווען איך בין געפאָהרען פון רוסלאַנד אין ציוריך בין איך אַריבער דעם גרעניץ מיט דער הילף פון קאָנטראַבאַנדיסטען און האָב נישט געהאַט קיין אויסלענדישען פּאַרפּאָרט. מיין אינלענדישער פּאַס איז געבליבען ביי דער פּאָליציי אין אַמסטערדאַם, וועלכע האָט מיר אַרויסגעגעבען אַ האָלענדישען פּאַס — עפּעס עהנליכעס צו די היגע „ערשטע פּייפּערס“. מיין פאָטער האָט ערוואַרטעט צו בעקומען פאַר אונז ביידען טערקישע פּאַספּאָרטען דורך זיינעם אַ פריינד אין פּאַלעסטינאַ. אין בערלין בין איך אַוועק אין פּאָליציי־פּרעזידיום און ערקלערט אַז איך בין אַ איד, אַ טערקישער אונטערטאַן, געבאָרען אין רוסלאַנד און האָב אַ האָללענדישען פּאַס. אויף דעם סמך האָב איך פערלאַנגט אַז מען זאָל מיר ערלויבען צו וואוינען אין דייטשלאַנד. פאַר דעם אונקאָמפּאָליטישען קאָפּ פון אַ דייטשען פּאָליציי־לייטענאַנט איז די געשיכטע געווען אביסעל צו פערדרעהט. ווען איך האָב איהם ווי־עס־איז קלאָר געמאַכט די סיטואַציע, האָט ער אַ דרעה

געטהאָן זיין לאַנגען שנורבארט און געזאָגט, אז ער דענקט דאָס דריי פּאָטער־לענדער דארפען זיין געגנוג אפילו פאר א אידען . . . ער האָט מיך דעריבער געבעטען איבערלאָזען דייטשלאַנד פאר די גערמאַנען. ענדליך האָב איך דאָך ביי איהם גע'פועלט מען זאָל מיר ערלויבען צו פערבלייבען אין בערלין, מיט דעם בעדינג, אז אין צייט פון זעקס וואָכען זאָל איך ברענגען מיין טערקישען פּאספּאָרט.

איך האָב זיך בעזעצט אין שאַרלאָטענבורג ביי דער בע־ריהמטער פרוי רודאָלף. איך וויל דאָ מזכיר לטוב זיין די גוטהארציגע פרוי, ביי וועלכער מען האָט צו יעדער צייט, סיי ביי־טאָג און סיי ביינאַכט, געקענט קריגען אויף באָרג א מאָל־צייט. זי האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָבגעזאָגט, און נישט איין רוסישען סטודענט האָט די גוטע פרוי געראטעוועט פון דער אונ־אנגענעהמער פערספּעקטיווע צו לייגען זיך שלאָפען אויף א ליי־דיגען מאָגען. ביי פרוי רודאָלף האָבען דאמאָלסט געוואוינט חנן און פאַני ראַפּאָפּאָרט, דוד פינסקי, דר. סירקין און אנדערע אידישע אינטעליגענטען פון רוסלאַנד.

איך האָב גענומען בעזוכען די לעקציעס פון די בעריהמטע בערלינער פּראָפעסאָרען און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פער־זאמלונגען, אויף וועלכע איך האָב געהערט די גלענצענדע רעדעס פון ווילהעלם ליבקנעכט, פּאול זינגער און אוגוסט בעבעל. אמאָל פלעגט זיך איינגעבען צו קריגען א בילעט פאר דער גאַליאָרקע אין קעניגליכען אָפּערען־הויז, אמאָל אין „דייטשעס" אָדער „בערלינער" טהעאטער, וואו מען האָט אזוי קינסטלעריש גע־שפּיעלט האופּטמאַן'ס און זודערמאַנ'ס פּיעסען.

איך האָב אָנגעהויבען זיך צו פיהלען אין בערלין ווי אין דערהיים. אָבער די זעקס וואָכען זענען אריבער און די טער־קישע בעאַמטע, וועלכע האָבען מיט פערגעניגען צוגענומען מיין פאָטער'ס 200 מארק, האָבען זיך נישט געאיילט ארויסצוגעבען דעם פּאַס. איך בין אַוועק אין פּאָליציי פּרעזידיום און ווי־עס־איז גע'פועל'ט ביי דעם לאַנגוואָנציגען לייטענאַנט מען זאָל מיר געבען נאָך א מאָנאַט צייט. אָבער ווען דער מאָנאַט איז אריבער און איך האָב דעם טערקישען פּאַס נאָך אַלץ נישט געקענט

צושטעלען, איז א שוצמאַן געקומען צו מיר און מיך גאַנץ העפ־ליך אַוועקגעפיהרט אין פּאָליציי, וואו מען האָט מיר אָבגעגעבען צוריק מיין האָלענדישען פּאַס און געהייסען פערלאָזען דייטש־לאַנד אין 24 שטונדען.

איך בין אַוועק אין בערן.

איך בין געקומען אין בערן אין פריהלינג 1893 און בין גלייך אַוועק צו זשיטלאָווסקי'ן. איך האָב וועגען איהם פיעל געהערט אין ציוריך און אין בערלין, און האָב זעהר געוואָלט מיט איהם זיך בעקענען. די זשיטלאָווסקי'ס האָבען געהאַט א פרייען צימער און איך האָב מיך ביי זיי בעזעצט. אין גיכען האָב איך זיך נאָהענט בעפריינדעט מיט איהם און אויך מיט זיין פרוי, וויערא סעוועריאַנאָוונאַ, איינע פון די רייכסטע און טיעפסטע נאַטורען וואָס איך האָב ווען בעגעגענט צווישען רוסישע פרויען.

איך וועל זיך דאָ נישט אונטערנעהמען צו געבען א כאַראַק־טעריסטיק פון חיים זשיטלאָווסקי, דעם מענש און דעם דענקער. ער איז גענוג בעקאַנט דעם אַמעריקאַנער אידישען עולם. אָבער איך וויל דאָך זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען איהם, ווייל מיר דאַכט, אַז אין אייניגע הינזיכטען האָט מען איהם ביי אונז מיס־פערשטאַנען מעהר, ווי וועלכען עס איז אַנדערען געזעלשאַפטליכען טוער.

נישט נאָר זיינע געגנער, נאָר אפילו אייניגע פון זיינע אָנ־הענגער, האַלטען זשיטלאָווסקי'ן פאַר א קאַפּריזנעם דענקער, וואָס בייט זיינע איבערצייגונגען יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. איך גיב צו אַז ער איז א מענש פון שטימונג, און אַז אין זיין גייסטיגען שאַפען איז ער מעהר פּאָעט, איידער קאַלטער, אַנאַ־ליטישער דענקער. אין דעם אויסאַרבייטען פון זיינע פילאָזאָ־פישע איבערצייגונגען און פון זיין וועלט־אַנשויאונג, האָט דאָס שטרעבען צו אייננהייטליכקייט און שעהנקייט געשפּיעלט א גרע־סערע ראָליע איידער די טרוקענע וויסענשאַפטליכע אונטערזוכונג און אַנאַטאָמישע צוגלידערונג פון פאַקטען.

מיר שיינט, אַז דאָס שטרעבען פון מענשליכען געדאַנק צו סינטעטישער שעהנקייט און אָרגאַנישער גאַנצקייט האָט אונז געגעבען טיעפערע און ברייטערע אמת'ן איידער די קאַלטע בע־

אָבאַכטונג פון געגענשטאַנדען און ערשיינונגען. די וועגוס פון מילא ענטהאַלט אין זיך אַ טיעפערען און אייביגערען אמת איידער אַ וויסענשאַפטליך בוך פון אַנאַטאָמיע. אפילו אין אַזעלכע וויסענשאַפטען ווי פיזיק און כעמיע, האָט דער שוואונג פון אונזער פאַנטאַזיע אַרויסגעבראַכט ניט ווייניגער אמת'ן איידער בעאָבאַכטונג און עקספּערימענט. דאָס בענקען פון דער מענשליכער נשמה נאָך וויסען־אחדות, דאָס בענקען צו פערביג־דען די אינערליכע פיעלפאַכקייט פון דער פיזישער און גייסטי־גער וועלט אין איין גרויסען א ח ד איז מקדמונים געווען די אינערליכע, הגם אָפט אונבעוואוסטע, טרייבקראַפט ביי אַלע גרויסע פאָרשער אין נאַטור־וויסענשאַפט אזוי גוט ווי אין פילאָ־זאָפיע.

גראָד דאָס דאָזיגע שטרעבונג צום מאָניזם האָט אָבגעשטוי־סען דעם „עקלעקטיקער“ זשיטלאָווסקי פון דעם „מאָניסטישען קוק אויף דער געשיכטע“, ווייל ער האָט איינגעזעהן, אַז דער כלומר'שטדיגער מאָניזם נעהמט נישט אַרום די פיעלזייטיגקייט פון געזעלשאַפטליכען שאַפען אין איין גרויסען גאַנצען, נאָר לאָזט פיעלע פון די וויכטיגע פאַקטאָרען שטעהן דרויסען, אָדער הענגען אין דער לופטען. דער סאָציאַליסט זשיטלאָווסקי פער־לאַנגט ראַציאָנאַלע גלייכהייט און ברידערליכקייט פאַר געשיכט־ליכע פאַקטאָרען און נישט אַ ווילקירליכע זעלבסטהערשונג פון איין־איינציגען פאַקטאָר, וואָס גיט בלויז אַן אויסערליכע אייניג־קייט.

אין די אַכט־און־צוואַנציג יאָהר וואָס איך קען זשיטלאָוו־סקי'ן האָבען זיך זיינע פילאָסאָפישע אַנשויאונגען, ווי זיין פּראַק־טישעס פּראָגראַם, נישט געביטען אין זייערע גרונדשטריכען. פון די ערשטע טעג אָן, וואָס איך האָב איהם בעגעגענט אין בערן, איז ער אימער געווען און געבליבען דער זעלביגער סאָ־ציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, דער זעלביגער הייסער נאַציאָנאַליסט, דערזעלביגער עקסטרעמער (נאָך מיין מיינונג צו עקסטרעמער) אידישיסט. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזעהן די וויכטיגקייט פון אַ סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אין אידיש, נישט נאָר אַלס אַ מיטעל און ט ר ו י ע ר י ג ע נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג־

קיים, ווייל די אידישע מאסען פערשטעהען, ליידער, נישט קיין רוסיש, נאָר הויפּזעכליך אלס די נאַטירליכע פאָרם, אין וועלכער עס דאַרף זיך אויסגיסען די נאַציאָנאַלע ווידער־בעלעבונג פון אידישען פאָלק אויף סאָציאַליסטישע יסודות. עס פאַרשטעהט זיך אָבער, אז אזא יסוד אין זיין וועלטאַנשויאונג האָט ניט געקאָנט הארמאָנירען מיט דעם „וויסענשאַפטליכען" סאָציאַליזם פון יענער צייט.

אין בערן האָט זשיטלאָווסקי ווייטער אָנגעפיהרט דעם קאמף געגען אָרטאָדאָקסישען מארקסיזם און דער איינזייטיגקייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וועלכען ער האָט אָנגעהויבען אין ציוריך. אזוי ווי די בערן'ער מארקסיסטען זיינען געווען צו שוואך צו אונטערדריקען דאָס נייע אפּיקורסות, וואָס האָט זיך גענומען פערברייטען אין דער רוסישער קאָלאָניע, פלעגט פליע־כאַנאָוו אָפט אראָבקומען פון זשענעווא אויף א גייסטיגען טורניר מיט זשיטלאָווסקי'ן. עס איז געווען אן אמת'דיג פערגעניגען צו הערען די צוויי גלענצענדע פּאָלעמיסטען.

אין הערבסט 1893 זיינען חנן און פאני ראַפּאָפּאָרט געקו־מען פון בערלין אין בערן און מיר האָבען באלד געגרינדעט דעם „פערבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען". אין דעם פערבאַנד זיינען אריין, א חוץ די זשיטלאָווסקי'ס, די ראַפּאָפּאָרטס און איך, אויך לעווענטים, וועלכער האָט דעמאָלט שטודירט כעמיע אין ציוריכער פּאָליטעכניקום, און יעלענא פּאָ־לובאָיאַרינאָווא, א סטודענטקע פון מעדיצין אין בערן'ער אוני־ווערזיטעט. דער פערבאַנד האָט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו פערשפּרייטען דורך מינדליכע און שריפטליכע פּראָפּאַגאנדא די אידעע פון סאָציאַליזם אויף ברייטערע יסודות, צו מאכען קלאָהר פאַר דעם רוסישען ראַדיקאַלען עולם די נויטווענדיגקייט פון אן אקטיווען רעוואָלוציאָנערען קאמף געגען דעם צארישען אבסאָ־לוטיזם (טעראָר) און פון א ברייטער פּראָפּאַגאנדא צווישען די דאָרפישע מאסען. מיר האָבען אָנגעפאנגען ארויסצוגעבען א מאָנאַטליכע צייטונג „דער רוסישער ארבייטער". ווי אין דער דאָזיגער צייטונג איז ערקלעהרט געוואָרען, האָבען מיר געברויכט דעם נאָמען „ארבייטער" פאַר אלע, וואָס לעבען פון אייגענער

אַרבייט, איינשליסענדיג אין דעם באגריף דעם פויער, דעם קליי־
נעם בעל־מלאכה, דעם שטאָדטישען און דאָרפישען פּראָלעטאַר־
יאַט, ווי אויך די וואָס אַרבייטען אויף דעם גייסטיגען געביט.
מיר האָבען געהאַט איינינע אָנהענגער צווישען דער שטודירענ־
דער יוגענד אין בערן און אין אַנדערע שטעדט פון מערב־
איירָאָפּאַ, אָבער מיט רוסלאַנד האָבען מיר נאָך ניט געהאַט קיין
פערבינדונגען.

אין יאָהר 1894 האָט זיך פערשפּרייט די נייעס, אַז אַלעק־
סאַנדער דער דריטער איז געפעהרליך קראַנק, און אַז זיין טויט
איז בלויז אַ פראַגע פון חדשים. מיר האָבען בעשלאָסען אָב־
צודרוקען פּראָקלאַמאַציעס צו אַלע קלאַסען פון דער רוסישער
בעפעלקערונג און זיי צו פערשפּרייטען אין טויזענדער עקזעמ־
פּליאַרען, ווען ניקאָלאַי דער צווייטער וועט אַרויף אויפ׳ן טראָן.
מיר האָבען אָבגעדרוקט פיער פּראָקלאַמאַציעס: „צו דער אינ־
טעליגענץ“, „צו דער געזעלשאַפט“, „צו די אַרבייטער“ און „צום
פּאָלק“. אין אַלע פיער אויפרופען האָבען מיר געשילדערט די
שרעקליכע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע אין רוסלאַנד און
גערופען דעם עולם צו פאָדערן אַ „זעמסקי סאָבאָר“ און פריי־
הייט פון וואָרט. די פּראָקלאַמאַציע „צום פּאָלק“, וועלכע איך
האָב דעמאָלט אָנגעשריבען, איז געווען בעשטימט פאַר די פויע־
רים. איך האָב איצט געפונען צווישען מיינע פּאַפּירען אַן עק־
זעמפּליאַר פון דעם אויפרוף. עס איז אינטערעסאַנט, אַז מיר
האָבען נאָך דעמאָלט ניט דערוועגט זיך צו רעדען צום פויער
וועגען אָבשאַפען אינגאַנצען דעם צאַריזם, נאָר געראַטען צו פאָ־
דערען, אַז דער צאַר זאָל רעגיערען איבער דאָס לאַנד מיט דער
הילף פון אַ זעמסקי סאָבאָר.

ווען די פּראָקלאַמאַציעס זיינען אַרויס פון דרוק, (קיין איי־
גענע דרוקעריי האָבען מיר נאָך דעמאָלט געהאַט, און מיר האָ־
בען געדרוקט אונזער ליטעראַטור ביי בוכאַנאָווסקי׳ן אין דער
זשעניעווער נאַראָדאָוואָלטשעסקער דרוקעריי), איז געבליבען, אַז
איך זאָל פאָהרען אין רוסלאַנד. איך האָב געדאַרפט מיטנעהמען
אונזער צייטונג „רוסקי ראַבאָטשי“, די פּראָקלאַמאַציעס און
אַנדערע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, און זעהן צו געפינען

דאָרט טוערס, וואָס זיינען איינפערשטאַנען מיט אונזערע אַנ־
זיכטען און וואָס זאָלען זיך אונטערנעהמען צו פערשפּרייטען
אונזער ליטעראַטור און צו גרינדען גרופּעס פון סאָציאַליסטען־
רעוואָלוציאָנערען. מיט גרויסע שוועריגקייטען האָבען מיר ווי־
עס־איז צוזאַמענגעקליבען אַ צוויי־הונדערט פראַנק און איך האָב
זיך גענומען גרייטען צו דער נסיעה.

# ערשטער קאַפּיטעל

א נייע מעטאָדע אריבערצושמוגלען ליטעראטור. — אויפ'ן גרעניץ אין שירווינט.

ווי פיהרט מען אריבער די ליטעראטור קיין רוסלאַנד? דאָס איז געווען די פראגע. אויפ'ן גרענעץ האָבען מיר קיין פערבינדונגען נישט געהאט. דאָס פּראָבלעם פון קאָנטראבאנדע איז מיר געווען אינגאנצען פרעמד. דאָס איינציגע מאָל וואָס איך בין געקומען אין פערבינדונג מיט קאָנטראבאנדיסטען איז געווען ווען איך האָב גע'גנב'עט דעם גרענעץ נעבען סטאַווישין, אין פוילען, אויף מיין ערשטער נסיעה פון רוסלאַנד קיין ציוריך. אריבערשמוגלען די פערבאָטענע ליטעראטור דורך די פּראָפעסיאָנעלע קאָנטראבאנדיסטען, ווי דאָס פלעגען טהון די סאָציאַל־דעמאָקראטען, איז געווען זעהר שווער, ווייל זעהר ווייניג פון זיי האָבען זיך דערוועגט צו נעהמען אויף זיך אזא ריזיקע און, א חוץ דעם, האָט מען קיינמאָל נישט געקענט זיין זיכער אז זיי וועלען נישט פערראטען. דערצו איז דער „טאַריף" אויף אעלכע טריפה סחורה געווען זעהר א הויכער. ווי מיינע פריינד האָבען מיר דערצעהלט, פלעגען זיי צאָהלען 70-80 רובעל פאַר יעדען פוד. דאָס איז געווען נישט פאַר אונזר קעשענע.

עס איז ביי מיר געבליבען, אז איך זאָל אריבער דעם גרענעץ מיט דער הילף פון קאָנטראבאנדיסטען און פיהרען די ליטעראטור מיט זיך, אָבער אזוי, אז זיי זאָלען נישט וויסען אז איך פיהר געפעהרליכע קאָנטראבאנדע. איך האָב געוואוסט, אז די קאָנטראבאנדיסטען קוקען דורך דעם באגאזש פון זייערע פאסאזשירען און אז, אחוץ דעם, איז מעגליך, אז מען זאָל כאפּען אויפ'ן גרענעץ. דאריבער האָט עס געדארפט זיין גוט בעהאלטען.

צוערשט האָב איך גערעכענט צו בעהאלטען די ליטעראטור אין א דאָפּעלטען באָדען פון א קופערט, אָבער דאָס איז שוין גע־

ווען אַ צו־גוט בעוואוסטע מעטאָדע. איינמאָל בין איך אַריינ־
געגאַנגען אין אַ פאַבריק פון טשעמאָדאַנעס און האָב דאָרט גע־
זעהן ווי מען מאַכט זיי פון גראָבען טאָוועל איבערגעצויגען מיט
לייוועגט. עס איז מיר גלייך איינגעפאַלען, אַז מען וואָלט
געקענט מאַכען דעם גאַנצען טשעמאָדאַן פון ביכער און צייַ־
טונגען, איינגעפּרעסט צווישען צוויי שטיקער פון דינעם
טאָוועל. דער פּלאַן איז געווען אַ נייער און איז אַלעמען גע־
פעלען געוואָרען. היבשע עטליכע פודען ליטעראַטור זיינען אויף
אַזאַ אופן שפּעטער אַריבערגעשיקט געוואָרען נאָך רוסלאַנד. אַזוי
ווי מיר האָבען די ענטדעקונג נישט פּאַטענטירט, האָבען דער־
נאָך די בונדיסטען אויך אָפּט געברויכט די דאָזיגע מעטאָדע,
וועלכע ראַפּאָפּאָרט האָט אַ נאָמען געגעבען „ס פּ אָ ס אָ ב מ ע נ ־
ד ע ל י ע י ע וו אַ": פאַרבייטענדיג מיין כשר'ן אידישען נאָ־
מען מ ע נ ד ע ל אויף דעם נאָמען פון גרויסען רוסישען בעמיקער.

איך האָב גענומען זוכען אַ טשעמאָדאַנשטשיק וועמען מען
זאָל קענען פערטרויען דעם סוד און ענדליך, דורך אונזער חבר
לעווענטים, געפונען אין ציוריך אַ דייטשען גענאָסע וואָס האָט
געהאַט אַ קליינע טשעמאָדאַנען־פאַבריק. איך בין אַוועק אין
ציוריך, פיהרענדיג מיט זיך עטליכע פעקלעך פון אונזערע פּראָ־
קלאַמאַציעס, אַ פּאָאַר הונדערט עקזעמפּליאַרען פון „רוסקי
ראַבאָטשי" און אויך אַ ביסעל פון די ביכער און בראָשיורען
וואָס זיינען געווען אַרויסגעגעבען פון די נאַראָדאָוואָלצעס און
פון לאָנדאָנער „פאָנד וואָלנאָי רוסקאָי פּרעסי": דער „וויעסט־
ניק" און דער „קאַלענדאַר" פון די נאַראָדאָוואָלצעס, האַסין'ס
(זשיטלאָווסקי,ס) „אַ איד צו אידען", סטיעפּניאַק'ס „דאָס אונ־
טערערדישע רוסלאַנד" און אַנדערע. פון די סאָציאַל־דעמאָקראַ־
טישע אויסגאַבען האָב איך מיטגענומען נאָר מאַרקס'עס „דער
קאָמוניסטישער מאַניפעסט" און „לוין־אַרבייט און קאַפּיטאַל" און
פּיאָטר אַלעקסיעיעוו'ס רעדע פון וועלכער מיר האָבען, ווי איך
האָב שוין דערצעהלט, אַרויסגעריסען פּליעכאַנאָוו'ס פּאָררעדע.

אין אָבענד, ווען די אַרבייטער זיינען זיך צוגאַנגען, בין
איך געקומען מיט די פּעקלעך ליטעראַטור אין פאַבריק פון אונ־
זער דייטשען גענאָסע און מיר האָבען זיך ביידע גענומען צו

דער ארבייט. אויסצולעגען די ציימונגען און ביכער פון אלערליי פאָרמאטען און גרעב אזוי, אז זיי זאָלען אויסמאכען איין קאָמ־פאקטע מאסע אָהן חללים און עס זאָל זיין דורכאויס די זעלבע גרעב, איז געווען נישט קיין לייכטע אויפגאבע. פּאָארענדיג צוזאמען די דינערע ביכלעך און פאנאנדערפּענענדיג די גרע־בערע, האָט זיך מיר ענדליך איינגעגעבען צו קריגען דעם גע־ווינשטען רעזולטאט. א זייגער איינס פארטאָג האָבען מיר געהאט איין טשעמאָדאן פארטיג און דער גענאָסע־פאבריקאנט האָט מיר געזאָגט, אז איהם אליין וואָלט קיינמאָל נישט איינ־געפאלען, אז דאָס איז נישט קיין געוועהנליכער כשר'ער טשע־מאָדאן. דער טשעמאָדאן איז אפילו געווען א ביסעל שווערלעך מיר האָבען איז איהם ארייגעפּאקט א 18־17 פונט ליטעראטור, אָבער מיר האָבען גערעכענט, אז ווען ער וועט זיין אָנגעפילט מיט זאכען וועט עס נישט זיין אזוי בעמערקבאר.

ביי דער געלעגענהייט האָט מיר דער אלטער דייטשער סאָציאל־דעמאָקראט דערצעהלט ווי אין זיין יוגענד פלעגען די דייטשע גענאָסען אריבערשמוגלען אין דייטשלאנד סאָציאליסטי־שע ליטעראטור אין גרויסע שווייצער־קעזען און האָבען צוליעב דעם צוועק געהאט א ספּעציעלע קעז פאבריק אין באזעל. אין דער זעלבער צייט — דאָס איז געווען אין די זעכציגער יאָהרען, האָבען די פראנצויזישע גענאָסען געשיקט פון דער שווייץ זייער ליטעראטור אין מעטאלענע ביוסטען פון נאפּאָלעאָן דעם דריטען.

מיר האָבען געמאכט נאָך דריי „סענדוויטש־טשעמאָדאנעס“ פון פערשיעדענע גרויס און קאָליר און איך בין מיט זיי געקומען אין בערן.

אָבער מיט וואָס פילט מען זיי אָן? מיינע אייגענע זאכען האָבען זיך געקענט גרינג בעהאלטען אין איינעם פון זיי. זשיט־לאָווסקי און ראפּאָפּאָרט האָבען מנדב געווען צו עטליכע פּאָאר אלטע הויזען און א פּאלטאָ. דאָס איז נאָך אָבער נישט געווען גענוג. איך האָב גענומען קלייבען אלטע קליידער פון בעקאנטע סטודענטען. איך האָב זיי, פערשטעהט זיך, נישט געקענט דערצעהלען צו וואָס איך דארף האָבען די אלטע שמאטעס און זיי האָבען מיך געפרעגט צי איך קלייב זיך נישט צו האנדלען מיט אלטע זאכען . . .

ענדליך האָב איך ווי־עס־איז אָנגעפילט מיינע טשעמאָדאַנעס. אין איינעם פון זיי האָב איך אריינגעלעגט א טייערען זיידענעם טלית וואָס ראפּאָפּאָרט האָט געקראָגען פון זיין שווערן א מתנה צו זיין חתונה און מיינע צוויי פּאָר תפילין (רש"י און רבני תם), וועלכע מיין פאָטער האָט אמאָל בעשטעלט ביי א ספּעציעל מהודר'דיגען באַריסאָווער סופר צו מיין בר־מצוה.

איך האָב אָבגעמאַכט א שיפּר מיט מיינע חברים, צור זעגענט זיך מיט זיי און אוועק דורך באַזעל, פראַנקפורט־אם־מיין, בערלין און קעניגסבערג צום רוסישען גרענעץ. איך האָב מיטגענומען מיין טערקישען פּאַספּאָרט, וועלכען מיין פאָטער האָט ענדליך דאָך בעקומען פון זיין פריינד אין פּאַלעסטינא. דער דאָזיגער פּאַס איז מיר, ווי די לעזער וועלען זעהן שפּעטער, זעהר צוניץ געקומען.

איך האָב זיך אָבגעשטעלט אין דעם קליינעם פּרייסישען גרענעץ־שטעדטעל שירווינט, נישט ווייט פון איידקונען, און פערפאָהרען אין א אידישע אכסניה. דער בעל־אכסניה האָט מיר אָבגעגעבען א ברייטען שלום־עליכם (מיינע טשעמאָדאַנעס האָבען ארויסגערופען גרוים רעספּעקט) און האָט גלייך „פערשטאַנען" אז איך פאָהר פון אמעריקע און דארף אריבער דעם גרענעץ. איך האָב איהם, פערשטעהט זיך, נישט געוואָלט ענט־טוישען און איהם צוגעגעבען אז ער האָט ריכטיג געטראָפען. באַלד האָט ער מיר געבראַכט א קאָנטראַבאַנדיסט, א הויכען געזונטען אידען מיט א צעשויבערטע שווארצע באָרד און גנב'־ישע אויגען, און מיר האָבען זיך גענומען דינגען וועגען מקח. ער האָט אפילו פערלאַנגט נישט קיין סך, אינגאַנצען 15 רובעל, אָבער, ערשטענס, האָב איך טאַקע געהאַט זעהר ווייניג געלד און יעדער רובעל איז געווען טייער; צווייטענס, האָב איך מורא געהאַט, אז אויב איך וועל מרוצה זיין צו געבען איהם א העכע־רען פּרייז איידער מען צאָהלט געוועהנליך פאר אריבערפיהרען דעם גרענעץ, וועט דאָס איהם אויסקוקען קשה און ער קען נאָך אָנהייבען חושד צו זיין, אז דאָ איז עפּעס „נישט גלאַט". מיר זיינען ענדליך משוה געוואָרען אויף 11 רובעל.

— האָט איהר עפּעס באַגאַזש? — האָט ער מיך א פרעג געטהון.

ווען איך האָב איהם אָנגעצייגט אויף מיינע טשעמאָדאַנעס, האָט ער אויסגערופען:

— ווער וועט עס אייך שלעפּען פיער גרויסע טשעמאָדאַנעס איבער׳ן גרענעץ? וואָס מיינט איהר, ס׳איז אַ קינדער־שפּיעל? איך וועל דאַרפען האָבען צוויי מענשען אויף צו טראָגען זיי. וואָס האָט איהר אַזוינס אין אייערע טשעמאָדאַנעס? איהר האָט מסתמא אויסגעקויפט אַלע ניו־יאָרקער קראָמען . . . פאַר איבערפיהרען נייע זאַכען וועט איהר מוזען צאָהלען בעזונדער. איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך פיהר נישט קיין נייע זאַכען. ער האָט מיר נישט געגלויבט אויפ׳ן וואָרט און איך האָב איהם געמוזט עפענען מיינע טשעמאָדאַנעס.

ווען ער האָט דערזעהן מיינע בעבעכעס, האָט ער מיך אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— וואָס אַ איד פערגינט זיך עס צו שלעפּען פון אמעריקא!

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, — האָב איך איהם דערצעהלט בסוד. — איך פאָהר זעהן אַ כלה און איך דאַרף קומען עפּעס מעשה־מענש.

צוליעב דעם טלית האָב איך געמוזט צוגעבען, אַז איך בין נישט פאַר איהם געדאַכט, אַן אַלמן.

דער איינפאַל אָנצושטאָפּען פיער טשעמאָדאַנעס מיט אַלטע שמאַטעס און מאַכען דעם אָנשטעל פון אַ רייכען חתן וואָס האָט געמאַכט גאָלד אין אמעריקע איז, הפנים, דעם קאָנטראַ־באַנדיסט זעהר געפעלען געוואָרען. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטהון מיט אַ שעלמיש שמייכעלע און, ווי מיר דאַכט זיך, האָט ער מיך חושד געווען, אַז איך בין שוין גאָרניט קיין אַלמן, נאָר האָב ערגעץ אין אמעריקע אַ ווייב מיט קינדער.

— איך וועל אייך זאָגען וואָס, האָט ער מיר פאָרגעשלאָגען, קיינער וועט אייך נישט שלעפּען איבער׳ן גרענעץ פיער טשעמאָ־דאַנעס פאַר עלף רובליאַקעס. די זאַכען אייערע וועלען מיר איינפּאַקען אין אַ זאַק און די טשעמאָדאַנעס לאָזט דאָ איבער. אין רוסלאַנד קענט איהר זיך קויפען אַנדערע. אויב איהר וועט לאָזען ביליג, וועל איך זיי ביי אייך אָבקויפען, — האָט ער גע־זאָגט.

דער פּלאַן איז געווען נישט קיין שלעכטער, נאָר מיר האָבען נישט געקענט מושוה ווערען וועגען דעם פּרייז. איך האָב איהם ליעבערשט מוסיף געווען דריי רובעל און ער איז מרוצה גע־וואָרען מיך צו פיהרען „צו דער כלה“ מיט מיינע אייגענע טשע־מאָדאַנעס.

## צווייטער קאַפּיטעל

אריבער דעם גרעניץ. — ווער ארעסטירט.

דער שוואַרצבערדיגער קאָנטראַבאַנדיסט האָט צוגעזאָגט, אַז מיינע אונטערפיהרערס וועלען קומען נאָך מיר אין אָבענד, און איך האָב מיט אונגעדולד געוואַרט עס זאָל ווערען פינסטער. דער אָוועגד איז געקומען. דער אַלטער, סקריפּעדיגער וואַנד־זייגער האָט שוין געשלאָגען ניין, און קיינער האָט זיך נאָך ניט בעוויזען. איך בין געוואָרען אונרוהיג. אפשר האָט דער קאָנטראַבאַנדיסט חרטה געהאַט? מיר האָט געגומען פערדריסען, וואָס איך האָב זיך מיט איהם אזוי פיעל געדונגען און וואָס איך האָב איהם בעסער נישט געגעבען מיט א פּאָר רובעל מעהר. צעהן א זייגער איז ענדליך געקומען דער קאָנטראַבאַנדיסט און ערקלעהרט, אַז היינט קען מען נישט געהן, ווייל אויפ׳ן גרענעץ שטעהען שלעכטע סאָלדאַטען, נקי כפּים׳ניקעס, וואָס ווילען נישט נעהמען, „כאָטש גיב זיי א קרענק“.

אויף מאָרגען איז גראָד געווען ערב שבועות און פּאָר א פרומען אידען וואָס פאָהרט מיט א טלית און צוויי פּאָר תפילין האָט עפּעס נישט געפּאַסט צו מחלל יום־טוב זיין. איך האָב געמוזט פערבלייבען אין שירווינט נאָך דריי טעג. עס האָט זיך שוין זעהר געוואָלט אריבערקומען דעם חיבוט־הקבר, און די בלינצעס מיט די פּוטער־קיכלעך זיינען מיר נישט איינגעגאַנגען. איך האָב זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, אַז אין די פּאָר טעג קען איך אָביסעל בעסער בעקאַנט ווערען מיט׳ן גרענעץ און מיט די בעדינגונגען פון דער קאָנטראַבאַנדע־„אינדוסטרי“, וועלכע דערנעהרט אזוי פיעל אידישע, פּוילישע און דייטשע פאַמיליעס אויף די רוסיש־דייטשע און רוסיש־עסטרייכישע גרענעצען.

איך בין געגאַנגען אין שוהל, פערפיהרט לאַנגע שמועסען מיט די תושבים פון שירווינט און האָב פון זיי טאַקע דערגאַנגען א היבש ביסעל. אין שוהל האָב איך געהאַט אביסעל עגמת־נפש, ווען מען האָט מיך מכבד געווען מיט אַן עליה און איך האָב מיט אמאָל פערגעסען די ברכות.

קוים זיך דערוואַרט אויף מוצאי יום־טוב. א זייגער ניין איז צו מיין אכסניה צוגעפאָהרען א פוהרעל, פון וועלכען עס איז ארויסגעשפרונגען א לאַטיש, א הויכער יונגער בחור פון א יאָהר 20, מיט א בלייך, נערוועז געזיכט, גרויסע שאַרע אויגען און לאַנגע בלאָנדע האָר, וואָס ער פלעגט אַלע ווייַלע, מיט א שנעלען קאָפּ־שאָקעל, א וואַרף טהאָן פון שטערען אויף א הינטער. ער האָט אריינגעוואָרפען מיין באַגאַזש אין וואָגען און מיר געהייסען זיך מאַכען פאַרטיג פאַר דער יאַזדע. איך האָב זיך אָבגערעכענט מיט דעם בעל־אכסניה, איינגעלייגט ביי איהם די 14 רובעל פאַר'ן קאָנטראַבאַנדיסט, און מיר האָבען זיך מיט מזל געלאָזט אין וועג אריין.

אָבגעפאָהרען א פּאָר ווערסט, האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט ביי א קליינער כאַטקע. אַן אַלטער גוי איז אַרויס פון שטוב, געהייסען מיר ארויסקריכען פון וואָגען, ארויסגענומען מיינע טשעמאָדאַנעס, און אוועקגעפיהרט דאָס פערד אין שטאַל. מיין כוואַטסקער בחור'ע האָט א פייף געטהאָן און כהרף־עין איז פאַר מיינע אויגען פון ערגעץ אויסגעוואַקסען א שייגעציל און, הינטער איהם, א איד מיט א קליין פּעקעל אויף די פּלייצעס — א „האָז", וועלכען מען האָט אויך געפיהרט איבער'ן גרענעץ. ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז ער טאַקע **אויף אַן אמת** געפאָהרען פון אמעריקא.

מיינע טשעמאָדאַנעס האָט דער לאַטיש צונויפגעבונדען פּאַרענווייז, מיט היימיש־געשפּונענע פּויערשע גאַרטלעך, די צוויי גרעסערע האָט ער ארויפגעוואָרפען צו זיך אויף דער פּלייצע, די צוויי קלענערע האָט גענומען דאָס שייגעציל, און מיר האָבען זיך געלאָזט געהן צופוס. עס איז געווען א קיהלע נאַכט. א שאַרפער ווינט האָט געבלאָזען. איבער דעם אויסגעשטערענטען הימעל האָבען זיך געטראָגען קליינע, צוריסענע וואָלקענד־

לעך. מיר זיינען שנעל געגאנגען איבער פעלדער און לאָנקעס, איבערקלעטערענדיג דאָ און דאָרט איבער פּאַרקאַנעס, און אי־בערשפּרינגענדיג איבער שמאָלינקע ריטשקעלעך, וואָס זיינען גע־לאָפען צווישען די טיפע גרינע גראָזען. מיינע פיהרערס האָבען שווער געפּרייכט, בייגענדיג זיך אונטער זייערע שווערע משאות. איך האָב זיך געוואונדערט ווי אַזוי דאָס קליין שייגעצ׳ל האַלט אויס אויף זיך די טשעמאָדאַנעס. איך האָב זיי גענומען אויף אַ ווײַלע צו זיך אויף דער פּלייצע, אָבער איך האָב קוים גע־שטעלט אַ פּופציג טריט און האָב זיי איהם געמוזט אוועקגעבען צוריק.

מיר זיינען געקומען צו אַ געדיכטען סאָסנאָוועו וואַלד און זיך געלאָזט געהן איבער אַ שמאָלען שטעגעל. עס איז געווען פינסטער און שטיל. דער וואַלד איז געווען פול מיט סודות. ווען מיר זיינען אָבגעגאַנגען אַ פּאָר מינוט, איז מיט אַמאָל ליכ־טיגער געוואָרען. פון צווישען די בוימער האָט זיך בעוויזען אַ רויטע האַלבע לבנה, וואָס איז געשוואומען ארויף־צו פון ברעג הימעל. די וואונדערשעהנע בעלייכטונג פון דער נאַכטליכער לאַנדשאַפט איז אָבער געווען נישט נאָך דעם געשמאַק פון אונ־זער בלאָנדען לאַטיש און ער האָט מיט אַ פּאָר שאַרפע רוסישע ווערטער אויסגעזידעלט דער לבנה׳ס מאַמען . . . ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָבגעשטעלט, ארומגעקוקט זיך אויף אַלע זייטען, אַ טראַכט געטהאָן, און געזאָגט:

— ס׳איז נישט צו מאַכען. מען מוז געהן ווייטער.

באַלד האָב איך דערהערט אַ גערויש פון אַ טייכעל. מיר האָבען אָבגעקעהרט פון דעם שטעגעל און זיך געלאָזט געהן דורכ׳ן וואַלד אָהן אַ וועג. אין אַ פּאָר מינוט זיינען מיר געווען ביים טייכעל. דאָס וואַסער האָט געשיינט מיט אַ פּערל־גראָה־ליכען שיין פון צעשמאָלצענעם זילבער. אונזער פיהרער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ׳ן ברעג, זיך גענומען אויסטהאָן, און אונז געהייסען טהאָן דאָס זעלבע. איך האָב אפילו אַלע מאָל זעהר ליעב געהאַט צו באָדען זיך, נאָר גראָד דאָס מאָל האָט זיך מיר גאָרנישט געוואָלט קריכען אַ פערשוויצטער אין קאַלטען וואַסער אריין. אָבער אונטער די אומשטענדען איז דער לאַטיש געווען

דער עמוד האש און איך — די בלינדע, נאָכגעהענדע מאסע. איך האָב נישט געטראַכט. איך האָב נישט געהאַט קיין אייגע־נעם ווילען. אויב ער וואָלט מיך געהייסען קריכען אין א לייבען־גרוב אָדער אין א ברענענדיגען קאלך־אויווען, וואָלט איך איהם, דאַכט מיר, אויך געפאָלגט.

מיר האָבען שוין געוואָלט אריינגעהן אין וואסער, ווען מיר האָבען דערהערט אין דער שטילקייט פון דער נאכט דאָס בילען פון א הונד. דער לאַטיש איז אריינגעשפּרונגען אין די קוסטעס און מיר — נאָך איהם. פון דער אנדער זייט טייכעל האָט זיך דערטראָגען צו אונז דאָס הירזשען פון א פערד און עס איז ווידער שטיל געוואָרען. אונזער פיהרער האָט זיך צוגעלייגט מיט אַן אויער צו דער ערד און האָט זיך איינגעהערט. ער האָט א קוק געטהאָן אויפ'ן הימעל. א גרויסער גרויער וואָלקען האָט פערדעקט די לבנה.

— קומט! גיך!. — איז ער אויפגעשפּרונגען.

מיר האָבען גענומען אונזערע זאכען און אריין אין טייכעל. דאָס קאלטע וואסער, וואָס האָט דערגרייכט ביז דער ברוסט, האָט געשניטען דאָס לייב. בראָדיענדיג אזוי א פּאָר מינוט, זיינען מיר ארוים אויפ'ן אַנדערען ברעג. מיר זיינען געווען אין רוסלאנד.

לויט דעם אָבמאָך מיט'ן קאָנטראבאנדיסט האָב איך גע־דארפט אריבער דעם גרענעץ מיט'ן וויסען פון די סאָלדאטען, אָבער אונזער פיהרער האָט, הפּנים, געוואָלט אראָבלאָזען צו זיך אין קעשענע די פּאָאר רובעל וואָס ער וואָלט געדארפט געבען די סאָלדאטען און האָט מיך געפיהרט איבער דעם טיעפסטען אָרט פון גרענעץ־טייכעל, וואָס איז נישט געווען בעוואכט.

מיר האָבען ווי־עס־איז אָנגעצויגען די זאכען אויפ'ן נאסען לייב און זיך געלאָזט געהן. מיר זיינען באלד ארוים אויף א ברייטען וועג, וואו אויף אונז האָט שוין געווארט א פוהר מיט א פּאָאר גוטע פערד.

אָבגעפאָהרען א שטיק וועגס, האָבען מיר מיטאמאָל דער־הערט נישט ווייט הינטער אונז א געשריי „סטאָי!" א סאָל־דאט האָט אונז נאָכגעיאָגט. דער פורמאַן האָט געגעבען א שמיץ

די פערד און זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזט אין א שנעלען גאַלאָפּ. דער סאָלדאט איז באלד געבליבען ווייט הינטער אונז.

מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי א קליין, אָרים שטיבעלע, דער לאַטיש האָט אָנגעקלאפּט אין פענסטער. באלד איז ארויס, מיט א לאָמטערנע אין האַנט, א יונג ווייבעל מיט צעפּודעלטע האָר און פערשלאָפענע אויגען. איך מיט מיינע טשעמאָדאַנעס און דער איד פון אַמעריקע מיט זיין פּעקיל, זיינען אריין אין הויז. דאָס פערשלאָפּען ווייבעל האָט פאַרריגעלט די טהיר, אונז אָנגעוויזען אויף צוויי הארטע בענק, אויף גיך אויסגע־לאָשען דאָס ליכט, און אוועק צו זיך אין צימער.

איך בין געווען זעהר מיעד. כ׳האָב זיך אויסגעצויגען אויף דער הארטער באַנק און בין באלד איינגעשלאָפען מיט א שווע־רען אונרוהיגען שלאָף.

שטאַרקע קלעפּ אין טהיר האָבען מיך פּלוצלינג אויפגע־וועקט. אונזער באַלעבאָסטע האָט אויף גיך ארייגעשלעפּט מיינע זאכען צו זיך אין קאַמעריל און האָט אויפגעריגעלט די טהיר. אין הויז איז אריין א סאָלדאט מיט א ביקס און א לאַנגער פּיקע. דער אידעל איז דערשראָקען אויפגעשפּרונגען פון באַנק. איך האָב זיך געמאַכט אז איך שלאָף. דער סאָלדאט איז צוגעגאַנגען צו מיר און מיך גענומען וועקען.

וואָס איז דער מעהר? האָב איך געפרעגט עפענענדיג די אויגען.

— קום אין קאָרדאָן!

איך בין געוואָרען אין כעס:

— וואָס קומסטו צו וועקען אינמיטען נאכט רוהיגע רייזענדע? וואָס האָב איך צו טהאָן אין אייער קאָרדאָן?

— איהר זענט אריבער בגנבה דעם גרענעץ, — האָט מיר שוין דער סאָלדאט גענומען איהרצען.

— וואָס פאַר א נארישקייט רעדסטו? ווי אזוי בין איך אריבער דעם גרענעץ אז איך בין נאָך אויף דער רוסישער זייט. איך פאָהר פון קאָוונע אין פּרייסען און ערשט מאָרגען פון ווירזשבאָלאָווע אין קעניגסבערג.

— וואו איז אייער פּאַספּאָרט?

איך האָב איהם דערלאַנגט מיין טערקישען פּאַס.

דער פּאַס איז געווען געשריבען האַלב אין טערקיש און האַלב אין פראַנצויז. איך וויים ניט צו האָט דער סאָלדאַט געקענט לייענען רוסיש, אָבער טערקיש און פראַנצויזיש האָט ער געוויס נישט געקענט. ער האָט געהאַלטען דעם פּאַס מיט'ן קאָפּ אַראָב און געקוקט אין איהם ווי אַ האָן אין בני אָדם. ווען איך האָב איהם דארויף אויפמערקזאַם געמאַכט, האָט ער זיך אַביסעל פערשעמט, מיר אָוועקגעגעבען צוריק דעם פּאַס, און געזאָגט:

— ווער וויים איך?

ער האָט זיך געווענדעט צו דעם אַמעריקאַנער און גע־פרעגט, צו האָט ער אַ פּאַס. דער איד האָט נישט געהאַט וואָס צו ווייזען.

— קום מיט מיר! — האָט דער סאָלדאַט איהם געהייסען.

איך האָב געמיינט אַז איך בין שוין פון איהם פּטור גע־וואָרען, אָבער ביי דער טהיר האָט ער זיך אָבגעשטעלט, אַ טראַכט געטהאָן, און געזאָגט צו מיר:

— איהר מוזט אויך מיטגעהן! אויפ'ן קאָרדאָן וועלען זיי שוין פאַנאַנדערפּלאָנטערען.

איך האָב זיך אַביסעל געאַמפּערט. איך האָב זיך אָבער מישב געווען אַז עס איז אפשר בעסער מיטצוגעהן נאָך איידער ער געפינט די טשעמאָדאַנעס.

מיר זיינען אַרויס אין הויף. עס האָט שוין אָנגעהויבען באַגינען. דער הימעל האָט זיך אינגאַנצען אויסגעלייטערט. די לופט איז געווען קלאָר און קיהל. דער סאָלדאַט האָט אויפגע־הויבען די ביקס און אויסגעשאָסען אין דער הויך. דער קנאַל פון דעם שאָס האָט זיך צעשאָטען איבער די גרינע פעלדער און הילכיג אָבגעקלונגען אין דרעמלענדען וואַלד. עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ טאָפּעריי פון פערדישע קאָפּיטעס און דריי רייטערס זיינען אריין אין הויף.

— פּאָאימקאַ, וואַשע בלאַגאָראָדיע! — האָט דער סאָל־דאַט געמאַכט „פּאָד קאָזיראָק" צום וואַכמייסטער.

— מאַלאַדיעץ! — האָט געענטפערט דער בראווער אונ־טער־אָפיציער.

מיט די דריי רייטערס פון פאָרענט און א סאָלדאט פון הינטען, זיינען מענדיל דער טערק און ניסן דער אמעריקאנער אוועק צום קאָרדאָן.

# דריטער קאַפּיטעל

**אויפ'ן קאַדראַז. — אין וולאַדיסלאַוואָוער „קאַזע".**

מיעד האָב איך געשפּרייזט אויפ'ן שטויביגען וועג צווישען דעם סאָלדאַט און די רייטערס, וועלכע האָבען געלאָזט געהן זייערע פערד פּאַוואָליע. ניסן דער אמעריקאַנער איז געגאַנגען נעבען מיר, אַביסעל אומעטיגלעך, אָבער נישט שטאַרק פאַר'דאגה'ט. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער איז אַ נכתב אין אַ קליין שטעדטעל נישט ווייט פון קאָוונע, און אַז ער וועט דאַריבער דאַרפען געהן מיט'ן עטאַפּ בסך הכל אַ צוויי טעג. קומען פון אמעריקא אהיים מיט'ן עטאַפּ איז אפילו, פערשטעהט זיך, נישט זעהר אנגענעהם, דערפאַר וועט ער אָבער פערשפּאָרען די פּאָאר רובעל, און, אַזוי ווי ער איז אין אמעריקע נעבאַך געווען אויף צרות, וועט איהם דאָס געלד זעהר גוט צוניץ קומען. ער האָט נאָר געזאָרגט וועגען די צעהן רובעל וואָס ער האָט בעצאָהלט דעם קאָנטראַבאַנדיסט.

מיר איז געווען זעהר קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצען. וועט מיך דער טערקישער פּאַספּאָרט ראַטעווען, צי נישט ? און אויב מען וועט מיך פערהאַלטען, וואָס וועט זיין מיט די טשעמאָדאַנעס ? און וואוהין וועט מען מיך שיקען ? איך האָב געזאָגט אַז איך קום פון קאָוונע, ווייל אין ווילנא, וואו איך האָב געוואוינט איידער איך בין אַוועק אין אויסלאַנד, בין איך שוין מיט דער פּאָליציי געווען נישט שוה בשוה, און, אחוץ דעם, וואָלט מען דאָרט גלייך אויסגעפונען, אַז איך בין אַ בירגער דק"ק פּליעשטשעניץ און האָב קאָנסטאַנטינאָפּאָל קיינמאָל אין די אויגען נים אָנגעזעהען. אין קאָוונע וועט אָבער אויך זיין ביטער. אין פּאָליציי בין איך דאָרט, זעלבסטפערשטענדליך, קיינמאָל נים געווען געמאָלדען. וועט דאָך זיין אַ קשיה : ווי אַזוי האָט מענדיל דער טערק געוואוינט אין קאָוונע אָהן אַ „יאַווקע" ? און

ווער איז איבערהויפּט דער דאָזיגער מענדיל מיט דעם עכט־טערקישען נאָמען ראָזענבאום? און ווער זיינען זיינע עלטערען, וואו וואוינען זיי? איך האָב געוואוסט, אז אויב די פּאָליציי וועט ביי מיר אָנהויבען צו פרעגען הארבע קשיות, וועל איך זיך פון זיי גרינג ניט אָפּטשעפּען. מען וועט מיך נעהמען שיקען פון שטאָדט צו שטאָדט מיט'ן עטאַפּ און ווידער פרעגען „מאין באת ולאָן אתה הולך", און אז מיט דעם אַלגע־מיינעם פּעסימיסטישען ענטפער פון פרק וועל איך פון זיי ניט פּטור ווערען. וועט מען מיך דאָ ניט ארויסלאָזען, וועט זיין ביטער.

פערטיפעפט אין די דאָזיגע טרויעריגע מחשבות, בין איך אָפּגעגאַנגען עטליכע וויאָרסט. די רייטערס האָבען זיך אָפּגע־שטעלט נעבען א געל־געפארבטער הילצערנער געביידע. דאָס איז געווען דער קאָרדאָן. אן אָפיצער פון דער גרענעץ־וואך האָט אונז בעגעגענט. דער סאָלדאַט, וואָס האָט אונז ארעסטירט, האָט געמאכט זיין ראַפּאָרט. ער האָט דערצעהלט, אז ער האָט אונז געזעהן פאָהרענדיג פון גרענעץ ביינאכט, און ווען ער האָט אונז געהייסען אָפּשטעלען זיך, זיינען מיר פון איהם ענטלאָפען. איך האָב גע'טענה'ט, אז איך בין געפאָהרען ניט פון גרענעץ, נאָר צום גרענעץ; אז איך בין אונטערגעפאָהרען מיט א בעל־עגלה, און אזוי ווי עס איז געוואָרען שפּעט און איך האָב זיך געפיהלט מיעד, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם קליינעם הייזעל און געבעטען, אז מען זאָל מיך לאָזען איבערנעכטיגען. וועגען דער פוהר, וואָס איז ענטלאָפען פון סאָלדאַט, הויב איך ניט אָן צו וויסען. דער איד מיט'ן פּעקיל האָט מודה געווען, אז ער איז אריבער דעם גרענעץ, אָבער וועגען מיר האָט ער געזאָגט, ווי איך האָב איהם פריהער געבעטען, אז ער האָט מיך געפונען שלאָפענדיג אין דער כאַטקע. איך האָב בעוויזען מיין טערקישען פּאַספּאָרט. דער אָפיצער האָט אויסגעזעהען צו זיין א גוטער אינטעליגענטער מענש. ער האָט געזאָגט, אז פיער וויאָרסט פון גרענעץ האָט מען ניט קיין רעכט מיך צו ארעס־טירען, נאָר אזוי ווי מען האָט מיך שוין פערהאַלטען צוזאַמען מיט א מאַן, וואָס האָט גע'גנב'עט דעם גרענעץ, קען ער מיך

ניט בעפרייען. ער מוז מיך אָפּשיקען אין טאמאַזשנע. דאָרט וועט מען מיך געוויס אַרויסלאָזען.

דאָ ערשט האָט דער וואכמייסטער אַ פרעג געטאָן דעם סאָלדאט, צי ער האָט נאָכגעקוקט אין כאטקע, פיליכט איז דאָרט געווען קאָנטראַבאַנד. דער סאָלדאט האָט געענטפערט, אַז ער האָט ניט געזוכט.

— דוראַק! — האָט אויף איהם אַ געשריי געטאָן דער זעלבער וואכמייסטער, וואָס האָט איהם אין דער פריה מכבד געווען מיט דעם טיטעל „מאָלאָדיעץ“ — געה גלייך צוריק און מאך אָן אָביסק“

דער סאָלדאט איז אַוועק. אין אַ פּאָאר שטונדען אַרום איז ער געקומען מיט מיינע טשעמאָדאַנעס אויף אַ פוהר.

— דאָס איז שוין איינמאָל אַ „פּאָאימקע“! — האָט דער וואכמייסטער צופרידען געזאָגט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, געהערט אַ בעדייטענדערע טייל פון דעם גרויסען שטראָף, וואָס מען בעצאָהלט פאַר קאָנטראַבאַנד, צו די סאָל־דאטען וואָס האָבען עס געפונען, און דעם גרעסטען חלק נעהמט, פערשטעהט זיך, דער וואכמייסטער. זיי האָבען ערוואַרטעט, אַז די פיער נייע טשעמאָדאַנעס זיינען אָנגעפּאַקט מיט טייערע זיידענס, און האָבען זיך גריכט אָפּצולעקען אַ ביינדעל. זיי זיינען דעריבער געוואָרען שטאַרק ענטוישט, ווען זיי האָבען, עפענענדיג די טשעמאָדאַנעס, דערזעהן, אַנשטאָט קאָסטבאַרע סחורות, אַלטע זאַכען. דער וואכמייסטער האָט אויף מיר געוואָרפען אַ כעס'דיגען בליק, אַזוי ווי איך וואָלט איהם דאָ בעראַבעוועט. ער האָט מיר גע־הייסען אַריין אין וואָגען און האָט מיט פעראַכטונג אַריינגע־שליידערט אַהין מיינע זאַכען. דער איד מיט'ן פעקעל האָט זיך אויך אַריינגעזעצט און מיר זיינען אַוועק אין וולאַדיסלאַוואָוו אויף דער טאמאָזשנע.

פון דאָרט האָט מען דעם „בעזפּאַספּאָרטנעם אמעריקאַנער“, ביי וועלכען מען האָט אין פּעקיל געפונען נאָר אַ טלית און תפילין און אַ ביסעל צידה־לדרך, גלייך אָפּגעשיקט אין פּאָליציי. מיר האָט מען געהייסען וואַרטען. אַ גאַנצע שטונדע האָב איך געוואַרט ביז די צאָל־בעאַמטע האָבען זיך צונויפגעקליבען. מען

האָט געהייסען דעם וואַכמייסטער שרייבען אַ ראַפּאָרט. ער האָט לאַנג געשוויצט איבער דער שרייבאַכץ. ענדליך איז דאָס מייסטערווערק פאַרטיג געוואָרען. ווען דער נאַטשאַלניק פון דער טאַמאָזשנע האָט דאָס דורכגעלייענט, האָט ער אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס און האָט אויסגעשריען:

— ס׳אַרא בעזגראַמאָטנע גאַלימאַטיאַ!

איך האָב זיך בעקלאָגט, וואָס מען האָט מיך אָהן אַ שום אורזאַך ארעסטירט און געפּאָדערט, אַז מען זאָל מיך גלייך בע־פרייען.

— מיר קענען אייך ניט אָפּלאָזען — האָט דער נאַטשאַלניק געענטפערט, — דער סאָלדאַט זאָגט, אַז איהר זייט בשתיקה אריבער דעם גרענעץ פון דייטשלאַנד.

— דער אָפיצער האָט דאָך אליין צוגעגעבען, אַז דער סאָל־דאַט האָט ניט געהאַט קיין רעכט מיך צו ארעסטירען, און האָט מיך פערזיכערט, אַז דאָ וועט מען מיך פריילאָזען! — האָב איך גע׳טענה׳ט.

— אויב דער אָפיצער האָט געפונען, אַז דער ארעסט איז געווען אונגעזעצליך, האָט ער אייך געזאָלט אליין בעפרייען. האָט ער אייך אָבער געשיקט צו אונז, מוזען מיר איבערגעבען די ד י ע ל ע אין „טאַמאָזשעננ אָקרוג“ אין קאָוונאַ. קוקט דורך די זאַכען! — האָט ער זיך געווענדט צו די טשינאָווניקעס.

זיי האָבען אַ נעהם געטאָן מיינע טשעמאָדאַנעס און האָבען אויסגעטרייסעלט אַלע מיינע זאַכען אויף דער פּאָדלאָגע. אין דער קופּע האָט דער זיידענער טלית געשיינט ווי אַ פּערל אין אַ הויפען מיסט און מיינע מהודר׳דיגע תפילין האָבען זיך טרויעריג צוגעטוליעט צום טלית און געקוקט אויף מיר מיט אַ פּאָרוואורף. נאָר מיין אויפמערקזאַמקייט איז געווען אין גאַנצען אויף די טשעמאָדאַנס. איך האָב מורא געהאַט, אַז די בעאַמטע וועלען בעמערקען די אונגעוועהנליכע שווערקייט פון זיי, זיי וועלען זיי פּאַלמעסען און אַרויסשלעפּען די פּראָקלאַמאַציעס, אויף וועלכע מען האָט געוואַרט אין רוסלאַנד מיט ניקאָלאַי׳ס קאָראָנאַציע, און די אַלע ביכער און בראָשיורען, וואָס איך האָב מיט אַזוי פיעל מיה איינגעפּאַקט אין ציוריך; און אַזוי וועט די מעכטיגע

סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, פון וועלכער איך האָב גע־טרוימט, שטאַרבען נאָך איידער זי איז געבאָרען געוואָרען.

צום גליק האָבען די ערלים געהאַט געזונטע מוסקולען און האָבען געהייבען די טשעמאָדאַנעס גרינג ווי א פעדער. מען האָט געמאַכט א גענויע רשימה פון אַלע מיינע זאַכען, אָפּגע־שאַצט די ווערט פון מיין גאַרדעראָב, און מיר געמאָלדען, אז די שטראָף פאַר אַריבערשמוגלען די זאַכען מאַכט אויס 613 רובעל מיט קאָפּיקעס (דאָס האָט געמוזט זיין גאָט'ס א שטראָף פאַר ניט אָפּהיטען די תרי"ג מצוות). דערביי האָט מען מיר ערקלערט, אז הגם די זאַכען זיינען אַלטע און קיין אָפּצאָהל אויף אַלטע זאַכען איז ניטאָ, נאָר אזוי ווי איך האָב זיי אַרי־בערגעפיהרט בשתיקה איבער'ן גרענעץ, מוז איך צאָהלען זיבען מאָל אזוי פיעל ווי זייער ווערט. א חוץ דעם ווערען די זאַכען קאָנפיסקירט און וועלען שפּעטער פערקויפט ווערען אויף ליצי־טאַציע; די דיעלע וועט אָפּגעשיקט ווערען אין „טאַמאָזשענני אָקרוג", און ביז דער אנטגילטיגער אורטייל וועט אַרויס, וועל איך, במחילה, דאַרפען זיצען, סיידען איך ווער מרוצה איינצו־צאָהלען די זעקס הונדערט מיט דרייצעהן רובעל.

די תפילין האָט מען מיר אוועקגעגעבען און די איבריגע מטלטלין האָט מען צוריק אַריינגעלעגט אין די טשעמאָדאַנעס, פער'חתמ'עט זיי מיט דער קאַזיאָנער חתימה און אַראָפּגעטראָ־גען אין קעלער. מיין טערקישען פּאַס האָט מען אָפּגעשיקט אין פּאָליציי און מיך, ד. ה. דעם טערק אַליין — אין „קאָזע".

דער וועכטער האָט מיר אויפגענומען גאַנץ גאַסט־פריינדליך, מיר געבראַכט עפּעס עסען, אַריינגעטראָגען פאַר מיר פון הויף א ניט גאָר שמוציגען שטרוי־זאַק און פערשלאָסען די טיר.

איך בין געווען מיעד און הונגעריג; איך האָב עפּעס איבער־געביסען, אויסגעצויגען זיך אויפ'ן שטרוי־זאַק און באַלד איינ־געשלאָפען.

# פערטער קאַפּיטעל

ר׳ אברהם און זיין פרוי. — דער לאַטיש שלאָגט פאַר אנטלויפעז. — איך זאָג זיך אָפּ. — לאָז וויסעז אין דער שווייץ. — עטינגער קומט צו מיר פון בערלין. — א בעזוך פון פּראָקוראָר. — א גינסטיגער אורטייל פון קאָוונע. — באַקום צוריק מיינע זאכעז.

ווען איך האָב געעפענט די אויגען, איז שוין געווען שטאָק פינסטער. אוואו בין איך? איך האָב זיך גלייך דערמאָנט, אז איך בין ארעסטירט, און א שווערער טעמפּער וועהטאָג האָט מיר פערקוועטשט דאָס הארץ. איך האָב געפונען א ביסעל טרייסט אין דעם געדאַנק, אז מיינע טשעמאָדאַנעס זיינען בשלום דורכגע־גאַנגען דורך די הענט פון די גרענעץ־טשינאָווניקעס און ליגען זיך רוהיג, פער׳חתמ׳עטע מיט דעם קאַזיאָנעם שטעמפּעל אין קעלער. „מענדעלעיעוו׳ס מעטאָד" האָט גלענצענד אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען.

עס איז געווען א קאָמישע סיטואַציע: די טרייע דיענערס פון דער רוסישער רעגיערונג האָבען מיך ארעסטירט מיט געפעהר־ליכע ליטעראַטור, מיט פּראָקלאַמאַציעס, וואָס דאַרפען אויפהויבען מיליאָנען פון רוסישען פאָלק געגען דעם מעכטיגען טראָן פון דעם אַלהערשענדען אימפּעראַטאָר, און זיי, די דיענער זיינע, האָבען אויף מיר ארויפגעלעגט א שטראָף פון 613 רובעל מיט קאָפּיקעס פאַר אימפּאָרטירען פון דייטשלאַנד אַלטע הויזען.

צו דערזעלביגער צייט האָב איך זיך געפיהלט עפּעס ווי בע־ליידיגט: מיך, דעם געניאַלען ענטדעקער פון דעם „ספּאָסאָב מענדעלעיעווא", דעם גרויסען מחבר פון צעהן טויזענד עקזעמ־פּליאַרען פון א פּראָקלאַמאַציע צו אכציג מיליאָן רוסישע פּוערים, האַלט מען פערשפּאַרט אין א געמיינער קאָזע ווי אַן אונבעדייטענ־דען קעשענע־גנב אָדער שיכור׳ען גוי. נישט פון אזא ארעסט האָב איך געטרוימט אין מיינע יונגע יאָהרען ווען איך האָב זיך

צו זיבעצען יאָהר אָנגעלייענט מיט די ביאָגראַפיעס פון די גרויסע העלדען פון דער נאַראָדנאַיא וואָליא און מיט זייערע פייערדיגע רעדעס פאַר׳ן געריכט. דעמאָלט האָב איך זיך געזעהן אַ געשמידטען אין קייטען אין אַ קאַזעמאַט פון פעטראָפּאַוולאָווסקער קרעפּאָסט, ארומגערינגעלט פון זשאַנדאַרען מיט בלאַנקע שווערדען אין זייערע הענט. מאַנכעמאָל ווען איך בין געווען גאָר אָפּטימיסטיש געשטימט, האָב איך זאָגאַר געהאָפט זוכה צו זיין זיצען צוזאַמען מיט לאָפּאַטינ׳ען און וויערא פיגנער אין דעם קדשי קדשים פון אַלע געפענגניסען, אין דער מיט לעגענדען אַרומגעוועבטער שליסעלבורגער פעסטונג. אַה, איהר זיסע יוגענדחלומות, ווי אָפט ווערט איהר צושטערט פון דער גראָהער ווירקליכקייט פון אַלטעגליכען לעבען!

איך האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָב אַרויסגעקוקט דורך דאָס אָפענע, מיט אייזערנע גראַטעס בעשלאָגענע פענסטער, אין דער שוואַרצער פינסטערקייט פון דער פריהלינגס־נאַכט. דער טונקעל־בלויער הימעל איז געווען בעשאָטען מיט שטערען. אָבער די דינע שטראַהלען פון די שטערען זיינען געווען צו שוואַך דורכצודרינגען די געדיכטע דונקעלהייט פון דער לופט. די גאַס איז געווען איינגעוויקעלט אין אַ שטילען חושך. ווען מיינע אויגען זיינען אַ ביסעל צוגעוואוינט געוואָרען צו דער פינסטערקייט, האָב איך דערזעהן אויף דער אַנדער זייט קוים־בעמערקבארע סילועטען פון הויכע, ווייט־פערצווייגטע בוימער, וועלכע האָבען אויסגעזעהן אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען בעשאָטען מיט וויים־גרויליכען אש... אַ שטיל ווינטעל האָט אויף מיר אַ בלאָז געטהון און האָט מיר געבראַכט דעם צאַרטען ריח פון עפּעלבליטהען.

קיין אַרעסטאַנטען איז אין קאָזע דעמאָלט אחוץ מיר נישט געווען און איך האָב געהאַט דאָס גאַנצע צימער פאַר מיר אַליין. איך בין אַראָב פון דער נאַרע, געפונען ווי־עס־איז די טהיר, און אָנגעקלאַפּט. דער וועכטער איז אַריין מיט אַ קליין לעמפעל.

— נו, סוחר, האָט איהר זיך עפּעס גוט אויסגערוהט ביי אונז — האָט דער וועכטער געפרעגט מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל.

צוליעב מיין אנשטענדיגען אנצוג און דעם האַלבען רובעל, וואָס איך האָב איהם געשענקט, ווען ער האָט מיר געבראַכט מיין פריהשטיק, האָט ער מיך געאיהרצט און גערופען נישט אַנדערש ווי „קופיעץ“.

איך האָב איהם געזאָגט, אז איך בין הונגעריג.

— וואַרט, אַקאָרשט, א ווײלע; מען וועט אייך באַלד ברענגען א פיינע וועטשערע. איך האָב שוין געלאָזט וויסען ר' אברהם'ען וועגען אייך, — האָט דער וועכטער געזאָגט, אַריינבראָקענדיג א פּאָר ווערטער אין אידיש.

אינגיכען איז צו מיין פענסטער צוגעקומען א שעהנער איד מיט א לאַנגער גראָהער באָרד און א זיידענער יאַרמעלקע אויפ'ן קאָפּ, און מיר אָבגעגעבען שלום עליכם. באַלד נאָך איהם איז געקומען זיין פרוי, טראָגענדיג א ליימען טעפּעלע איינגעוויקעלט אין א ווייס טישטוכעל, א טעלער מיט ברויט און גאָפּעל־מעסער, און מיך געבעטען עסען. עס איז טאַקע געווען א פיינע וועטשערע. די גאַנצע צייט ביז איך בין פאַרטיג געוואָרען מיט מיין סעודה, זיינען זיי געשטאַנען ביים פענסטער און געשמועסט מיט מיר. איך האָב בעמערקט, אז די פרוי האָט געקליבען נחת פון מיין עסען, אזוי ווי איך וואָלט געווען איהרס א זוהן, וואָס איז געקומען אהיים צו גאַסט. שפעטער האָט זי מיר דערצעהלט, אַז זי האָט געהאַט אינגאַנצען איין זוהן, וועלכער איז געשטאָרבען צו אַכצעהן יאָהר. זי האָט מיר פערזיכערט, אז ער האָט געהאַט גרויס אָנבליק צו מיר. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געזעסען אין וולאַדיסלאַוואָו, האָט די גוטע פרוי מיר געטראָגען עסען און בשום אופן נישט געוואָלט נעהמען קיין געצאָהלט דערפאַר. זי האָט אפילו גע'פועל'ט ביים וועכטער, אז פרייטאָג־צו־נאַכט זאָל ער מיך ברענגען אויף וועטשערע צו זיי אין הויז, וואָס איז געווען איבער'ן גאַס פון אַרעסט־שטיבעל.

איך האָב געבעטען מיר ברענגען טינט־און־פעדער און האָב גלייך אָנגעשריבען אין בערן וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָט מיך אויפגעוועקט א שטילער קלאַפּ אין פענסטער. איך האָב געעפענט דאָס פענסטער און גלייך דערקענט מיין כוואַטסקען לאַטיש, וואָס האָט מיך געפיהרט

איבער'ן גרענעץ. ער האָט מיר שטילערהייד געזאָגט, אַז אויב איך וויל מאַכען פּליטה קען ער דאָס פאַר מיר אַראַנזשירען פאַר בלויז צעהן רובעל. איך האָב זיך דערמאָנט דעם אַנעקדאָט וועגען דעם אידען, וואָס איז אַמאָל אַנטלאָפען פון אַן אַבלאַווע אין מאָסקווע און, בעגעגענענדיג נאָך אַ אידען, וועמען עס האָט זיך אויך איינגעגעבען צו מאַכען אַ ויברח, געזאָגט צו איהם: „אוי, איז דאָס געווען אַ חכם דער ערשטער, וואָס האָט אויסגע־טראַכט אַנטלויפען!" אָבער אונטער די אומשטענדען איז מיר די חכמה נישט געפעלען. איך האָב געהאַט אַ האָפנונג, אַז דער אורטייל פון טאַמאַזשענני אָקרוג וועט זיין אַ גינסטיגער און אַז איך וועל בעקומען צוריק מיינע זאַכען. אויב איך וועל אָבער אַנטלויפען און איבערלאָזען אַלעס אין טאַמאַזשניע, וועלען מיינע טשעמאָדאַנעס פערקויפט ווערען אויף ליציטאַציע, גאָט ווייסט צו וועמען, און די פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורען וועלען נעבעך יאָהרענלאַנג ארומוואַנדלען בעהאַלטענערהייד איבער רוסלאַנד, ביז די טשעמאָדאַנעס וועלען זיך צורייסען. און ווען זיי וועלען ארויס אויף דער ליכטיגער וועלט, וועט שוין רוסלאַנד אפשר זיין אַ פרייע רעפּובליק, און דער אומשולדיגער איינענטימער פון די טשעמאָדאַנעס וועט פּילייכט אַרעסטירט ווערען פאַר פער־שפּרייטען ראַיאַליסטישע פלוג־בלעטער, וואָס פאָדערען, אַז דאָס לאַנד זאָל רעגיערט ווערען פון דעם צאַר מיט דער הילף פון אַ זעמסקי סאָבאָר. די פערספּעקטיווע צו קומען צוריק אין בערן מיט ליידיגע הענט, האָבענדיג גאָרנישט אויפגעטהון, האָט מיר זעהר נישט געשמעקט. איך האָב דעם פאָרשלאַג צו אַנטלויפען נישט אָנגענומען.

עס זיינען אַוועק אַכט טעג. דאָס לעבען אונטער אַרעסט איז אַ דאַנק ר' אברהם'ען און זיין פרוי, וועלכע האָבען מיר פערזאָרגט נישט בלויז מיט עסען נאָר אויך מיט ספרים, געווען גאָר נישט שלעכט. דאָך האָב איך מיט אונגעדולד געוואַרט אויף אַ גינסטיגען ענטפער פון טאַמאַזשענני אָקרוג. אום אַוועקצו־נעהמען יעדען פערדאַכט, אַז איך האָב עפּעס צו טהון מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, האָב איך זיך אויפגעפיהרט מעשה פרומער איד: געלייגט תפילין, געוואַשען זיך צום עסען און געדאַוועט דריי מאָל אַ טאָג.

פאר א רובעל האט דער וועכטער איינגעוויליגט צוצוגעהן מיט מיר צום אפיצער פון דער גרענעץ־וואך. איך האב זיך איהם בעקלאגט וואס מען האלט מיך אומזיסט אונטער ארעסט. ער האט אויסגעדריקט זיין בעדויערען און האט מיר צוגעזאגט אוועקצושיקען וועגען מיר א בעזונדערען רעפארט אין קאוונע. פון זיינע רייד האב איך פערשטאנען, אז ער איז געווען צוקריעגט מיט די טשינאווניקעס פון טאמאזשניע. ער האט מיר געראטען, אז איך זאל אליין אויך אנשרייבען א זשאלאבע און איך האב דאס דעמזעלבען טאג געטהון.

אויף מארגען איז צו מיר געקומען צו פאהרען עטינגער איינער פון אונזערע פריינד, וועלכער האט פריהער שטודירט מיט מיר צוזאמען אין בערן און איז דערנאך אריבער אין בערלינער אוניווערזיטעט. ער האט מיר איבערגעגעבען א טעלעגראמע פון פאני ראפאפארט, אז איך זאל גלייך איינצאהלען די 613 רובעל שטראף און קומען צוריק אין בערן. דאס געלד, וואס עטינגער האט טעלעגראפיש געקראגען צוגעשיקט פון בערן, האט ער געבראכט מיט זיך. איך האב אבער נישט געוואלט פאלגען די עצה פון מיינע חברים און האב בעשלאסען צו ווארטען אויף דעם אורטייל פון טאמאזשענני אקרוג. דאס געלד האט עטינגער גענומען מיט זיך צוריק אין בערלין או מיר האבען אבגערעדט, אז אויב דער אורטייל וועט זיין נישט קיין גינסטיגער, וועל איך איהם טעלעגראפירען און ער וועט מיר צושיקען דאס געלד אויף איינצאהלען די שטראף. איך האב בעשלאסען, אז אין דעם פאל וועל איך בעטען ר' אברהם'ען, אז ער זאל אבקויפען פאר מיר מיינע זאכען אויף דער ליציטאציע.

עס זיינען אוועק נאך עטליכע טעג. אין א שעהנעם פריה־מארגען איז דער וועכטער מיט זיין פרוי אריין אין קאמער און זיך גענומען אלעם רייניגען און שייערען, אזוי ווי זיי וואל־טען ערווארט עפעס א גרויסען גאסט. דער וועכטער האט מיר דערצעהלט אז דער פראקוראר דארף דא דורכפאהרען און אז ער וועט מסתמא אונז אבשטאטען א וויזיט. דער פראקוראר איז ווירקליך באלד געקומען און האט מיך געפונען ביים דאוונען. ווען ער האט געענדיגט רעדען מיט די דריי אנדערע ארעסטאנ־

טען, וואָס זיינען דעמאָלט געזעסען מיט מיר אין קאָזע, האָט ער געפרעגט דעם וועכטער ווער איך בין.

— דאָס איז דער טערקישער אונטערטאַן, וואשע פּרעוואָ־סכאַריטעלסטוואָ, — האָט געענטפערט דער וועכטער.

דער פּראָקוראָר איז צוגעגאַנגען צו מיר. איך האָב איהם דערצעהלט, אַז מען האָט מיך ארעסטירט אָהן אַ שום אורזאַך פיער וויאָרסט פון גרענעץ און זיך בעקלאָגט וואָס מען האַלט מיך אַזוי לאַנג אומזיסט. ער האָט געמאַכט אַ נאָטיץ אין זיין טאַשענביכעל און מיר צוגעזאָגט צו אונטערזוכען די אַנגעלעגענ־הייט.

אין אַ וואָך ארום איז דער וועכטער אריין צו מיר און אָנ־געזאָגט, אַז מען רופט מיך אין טאַמאָזשניע. „אַלעס איז גוט", האָט דער וועכטער אַ וואונק געטהון צו מיר מיט אַן אויג.

מיט אַ פרעהליך־קלאַפּענדיג הארץ בין איך אוועק מיט'ן וועכטער אין טאַמאָזשניע. דאָרט האָט מען מיר געוויזען אַ פּאַפּיער פון קאָוונע, אין וועלכען עס איז ערקלעהרט געוואָרען, אַז, היות ווי מען האָט מיך פערהאַלטען ווייט פון גרענעץ, און עס איז ניט בעוויזען געוואָרען, אַז איך בין אַריבער בגנבה, ווערט די שטראָף פון מיר אראָבגענומען און מען דאַרף מיר דאַריבער אָבגעבען צוריק מיינע זאַכען. מען האָט ארויפגעבראַכט פון קעלער מיינע פּיער טשעמאָדאַנעס און מיר געהייסען אונטער־שרייבען, אַז איך האָב זיי צוריקגעקראָגען. דער טשינאָווניק האָט מיך געפרעגט, צי איך וויל דורכקוקען די זאַכען און זעהן אויב אַלעס איז גאַנץ. איך האָב זיך ווענינ געקימערט צי איך האָב מיט אַ פּאָר הויזען מעהר אָדער ווענינער און האָב זיך אונטערגעשריבען, נישט עפּענענדיג מיינע טשעמאָדאַנעס. די צוויי קלענערע האָב איך גענומען, די צוויי גרעסערע האָט גענומען דער וועכטער, און מיט טריאומף האָבען מיר זיי אוועק־געטראָגען דורך די גאַסען פון וואָדיסלאַוואָוו צו ר' אברהם'ען.

איך האָב אָבער געדאַרפט געהן צוריק אין קאָזע, ביז מען וועט מיר אָבגעבען פון דער פּאָליציי מיין טערקישען פּאַספּאָרט.

## פינפטער קאַפּיטל

מיין טערקישער פּאַס נאָך אין דער פּאָליציי. — מען מוז „שמירען". — קריג מיין פּאַס. — פאָהר אין ווילנא.

מיט אַ פרעהליכען הארצען בין איך אריין אין ארעסט־שטיבל. די נאַרע און דער שטרויזאַק און די אייזערנע גראַטעס, מיט וועלכע איך האָב זיך געדאַרפט באַלד זעגענען, זיינען מיר עפּעס געוואָרען ליעב און טייער. דער נאַטשאַלניק פון טאַמאָזשניע האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט גלייך לאָזען וויסען אין פּאָליציי, אַז ער האָט צו מיר קיין טענות נישט און אַז מען מעג מיר צוריקגעבען מיין פּאַס. איך בין געווען זיכער, אַז אויף מאָרגען וועל איך קריגען מיין פּאַס און וועל קענען פריי אָפּ־פּאָהרען אין ווילנא און פון דאָרט — אין דרום־רוסלאַנד, וואוהין איך האָב געדאַרפט ברענגען די ליטעראַטור. אין טאַמאָזשניע האָב איך זיך בעקלאָגט, אַז צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען מיך כמעט דריי וואָכען געהאַלטען אומזיסט און אומנישט אונטער ארעסט, איז שוין געוואָרען צו־שפּעט פאַר מיין געשעפט, וועגען וועלכען איך האָב געדאַרפט פאָהרען אין קעניגסבערג, און אַז איך וועל דאריבער דאַרפען פאָהרען צוריק אהיים, אין קאָוונע.

דער וועכטער איז געוואָרען צו מיר נאָך העפליכער ווי פריהער און מיך שוין גערופען נישט פּראָסט "קופּיעץ", נאָר „גאָספּאָדין קופּיעץ". ער האָט מיר אפילו ערלויבט צו געהן אָהן אַ שומר צו ר' אברהם'ען אויף וועטשערע. ר' אברהם און זיין פרוי האָבען זיך זעהר געפרעהט, וואָס איך האָב געראַטעוועט די 613 רובל און מיר האָבען אנגענעהם פערבראַכט אַ פּאָאַר שטונדען. דאָס גאַסט־פריינדליך פּאָר־פאָלק האָבען מיך אפילו נישט פּאַנאַנדערגעפרעגט וועגען מיינע אנגע־לעגענהייטען, נאָך איך האָב געזעהן, אַז זיי פערשטעהען, אַז איך

בין געפאָהרען נישט פון קאָוונע נאָר פון אויסלאַנד און בין טאַקע יאָ אריבער דעם גרענעץ.

דער וועכטער איז געקומען און מיך געבעטען איך זאָל געהן צוריק אין קאָזע. ער האָט זיך ענטשולדיגט, וואָס ער קען מיך נישש לאָזען איבערנעכטיגען ביי ר׳ אברהם׳ען.

„וואָס קען איך טהאָן?״ האָט ער געזאָגט. „כל־זמן איך האָב נישט קיין פאַפיער פון פאָליציי, מוז איך אייך האַלטען אונטער ארעסט. שוין אזא פערפלוכטע סלוזשבע״...

איך בין געקומען אין קאָזע שפּעטליך. די אנדערע ארעסטאַנטען זיינען שוין אוועק און איך בין ווידער געווען אליין. שלאָפען האָט זיך נישט געוואָלט. צי די אורזאך איז געווען דאָס ווישניאַק, וואָס איך האָב געטרונקען „לחיים״ צו ר׳ אברהם׳ען, צי די ערוואַרטונג פון פרייהייט, אָבער די שטימונג איז געווען א געהויבענע. איך האָב ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין געשפּרייזט איבער דער קאַמער און געטרוימט וועגען א גרויסער בעפרייאונגס־בעוועגונג אין רוסלאַנד. אונזערע פּראָקלאַמאַציעס וועלען זיך פערשפּרייטען אין טויזענדע עקזעמפּליארען; אַלע שיכטען פון פאָלק וועלען אָנהויבען צו פאָדערען די צוזאַמענרופונג פון א זעמסקי סאָבאָר; ניקאָלאַי וועט מוזען נאָכגעבען, און רוסלאַנד וועט נעהמען שפּרייזען מיט גיגאַנטישע טריט אויפ׳ן וועג צו דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם.

עס האָט שוין גענומען טאָגען, ווען איך בין ענדליך אנשלאָפען געוואָרען. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט שפּעט און די ערשטע זאך געפרעגט דעם וועכטער, צי מיין פּאַספּאָרט איז שוין דאָ.

„ניין, העררה סוחר״, האָט ער געענטפערט, „ איהר וועט מוזען א ביסעל אונטערשמירען. אָהן דעם געהט עס נישט ביי אונז אין דער פּאָליציי. אויב איהר ווילט פאָלגען מיין עצה, גיט עפּעס ממתקים — לאָמיר זאָגען א פופצעהן רובעל — וועל איך אריבערגעהן אין פּאָליציי און אייך ברייננגען דעם פּאַספּאָרט״.

איך האָב נישט איינגעזעהן וואָרום איך זאָל נאָכאמאָל צאָהלען דער רוסישער פּאָליציי פּאָר א פּאַס, פאַר וועלכען מיין טאַטע האָט שוין בעצאָהלט מזומנים דער טערקישער פּאָליציי. איך בין אוועק אין קאַנצעלאַריע, געוועהנליך אונטער דעם וועכטער׳ס

בעגלייטונג, און געבעטען מיין פּאַספּאָרט. דער סעקרעטער האָט מיך גוט בעטראַכט, אזוי ווי ער וואָלט געשאַצט וויפיעל מען קען אויסקוועטשען פון דעם העכט, און מיר ערקלערט, אַז ער האָט נאָך וועגען מיר נישט בעקומען קיין פּאַפּיער פון טאַמאָזשניע. איך בין אַוועק צוריק אין טאַמאָזשניע און געפרעגט, פאַר וואָס האָבען זיי נישט געלאָזט וויסען אין פּאָליציי אַז די שטראָף איז פון מיר אראָבגענומען און אַז מען קען מיך בעפרייען.

„מיר האָבען נאָך נעכטען אָבגעשיקט דעם פּאַפּיער וועגען אייך", האָט מען מיר געענטפערט, און מיר האָבען שוין אפילו אַן ענטפער, „אַז זיי האָבען איהם ערהאַלטען."

איך האָב בעשלאָסען צו פאָלגען די עצה פון מיין וועכטער און צו בענוצען זיך מיט דעם איינציגען בירגער־רעכט וואָס דער רוסישער אונטערטאַן האָט דעמאָלט געהאַט — דאָס רעכט צו געבען כאַבאַר. איך האָב אַריינגעלייגט אין וועסט־קעשענע אַ פינפעריל, בין אַוועק צום סעקרעטער פון פּאָליציי און האָב איהם דערצעהלט וואָס מען האָט מיר געזאָגט אין טאַמאָזשניע.

„יאָ," האָט ער געענטפערט, „מיר האָבען דערהאַלטען דעם פּאַפּיער פון טאַמאָזשניע; דאָס איז אָבער נישט דער ריכטיגער פּאַפּיער. דער ר י כ ט י ג ע ר פּ אַ פּ י ע ר איז נאָך ביי אונז נישטאָ". דערביי האָט ער געריבען דעם גראָבען פינגער אויפ'ן ציינג־פינגער, ווי אַ קאַסיער וואָס צעהלט געלד . . .

איך האָב געזעהן, אַז ער איז אַ געניטער נ ע ה מ ע ר, איך בין אָבער געווען זעהר נישט קיין ערפאַהרענער ג ע ב ע ר. פיהלענדיג אַז איך ווער רויט איבער די אויערען, האָב איך אַרויסגענומען דאָס פינפערעל פון דער וועסט־קעשענע. דער סעקרעטער האָט אַ קוק געטהון פון אַ זייט אויפ'ן בלויען פּאַפּיערעל, געמאַכט אַ פאַרעכטליכע מינע, וואָס האָט געמיינט, אַז ער שטעהט העכער איידער אַזעלכע קליינע פּאַפּיערלעך, און געזאָגט צו מיר אין אַ טאָן פון בעליידיגטער אונשולד.

„וואָס בעאונרוהיגט איהר מיך אומזיסט," איך זאָג דאָך אייך, אַז דער ר י כ ט י ג ע ר פּ אַ פּ י ע ר איז נאָך נישטאָ.

קומט מאָרגען און זעהט אז מיר זאָלען בעקומען דעם ר י ב ־ ט י נ ג ע ן פּאַפּיער".

ווען איך האָב, אויפ'ן וועג צוריק אין קאַזע, איבערגעגעבען דעם וועכטער וואָס צווישען מיר און דעם סעקרעטער איז פאָר־געקומען, האָט ער אויסגערופען:

„אַך, הערר סוחר, ווי האָט איהר זיך עס גאָר דערוועגט אָנצובאָטען דעם סעקרעטער פון פּאָליציי א פינפעריל! דאָס וואָלט דאָך געווען א בעליידיגונג אפילו פאר אן אָ ק אָ ל אָ ־ ד אָ ט ש נ ע ם. מיר איז א וואונדער, וואָס ער האָט אייך נישט ארויסגעטריבען. ווייניגער ווי א „רויטינקע" האָט נאָך דער סעקרעטאר קיינמאָל אין זיין לעבען נישט גענומען. פאָלגט מיך, גיט מיר א צעהנעריל און איך וועל זיך מאָרגען אליין זעהן מיט'ן סעקרעטאר. מיר זיינען מיט איהם שוין אלטע בעקאַנטע; איהר קענט זיין זיכער, אז איך וועל שוין ביי איהם קריגען אייער פּאַספּאָרט".

איך האָב געטהאָן ווי דער וועכטער האָט מיר געראטען. ער איז אויף מאָרגען אוועק אין פּאָליציי מיט דער „רויטינקער" און געקומען צוריק מיט מיין ווייסען טערקישען פּאַספּאָרט. איך בין געווען פריי.

איך האָב זיך פריינדליך צוזעגענט מיט מיין וועכטער, געגעבען איהם א רובעל אַן „אָטיעזדנע", פאר וועלכען ער האָט מיך געבענשט, אז גאָט זאָל מיר מצליח זיין אין אלע מיינע געשעפטען, און איך בין אוועק צו ר' אברהם'ען.

עס איז געווען פרייטאג פאַרנאַכט און ר' אברהם האָט מיך געבעטען, איך זאָל בלייבען ביי זיי אויף שבת. איך האָב אָנגע־נומען די איינלאַדונג. שבת בייטאָג האָב איך זיך פריי ארומ־שפּאַצירט איבער'ן שטעדטעל און האָב, אלס פרייער בירגער פון דער אָטאָמאַנישער אימפעריע, געמאַכט א וויזיט צו דער וולאַדיסלאַוואָווער טאַמאָזשניע. די טשינאָווניקעס האָבען מיך פריינדליך אויפגענומען און אויסגעדריקט זייער בעדויערען, וואָס צוליעב א מ י ס פ ע ר ש ט ע נ ד נ י ס האָט מען מיך אָבגעהאַלטען דריי וואָכען אונטער ארעסט און וואָס איך האָב פערשפּעטיגט צוליעב דעם מיין געשעפט אין קעניגסבערג. זיי

האָבען אָבער אראָבגעוואָרפען די שולד פון זיך אויף דער גרענעץ־וואך, וועלכע האָט קיין רעכט נישט געהאט מיך צו פערהאַלטען.

איך בין אוועק אביסעל שפּאַצירען הינטער'ן שטעדטעל. ארומצושפּאַצירען נישט ווייט פון גרענעץ, פאר איינעם וואָס איז דאָרטען נישט קיין תושב, איז אַ פּריווילעגיע, וואָס עס קען זיך פארגינען נאָר דער, וואָס האָט אַ כשר'ען אויסלענדישען פּאַס־פּאָרט, אָדער דער וואָס האָט שוין געהאט די עהרע ארעסטירט צו ווערען און זיך אויסצוקויפען ביי די שטרענגע היטער פון געזעץ. איך האָב זיך געוואָלט בענוצען מיט דער געלעגענהייט, כדי אביסעל בעסער בעקאַנט צו ווערען מיט די גרענעץ־סאָלדאַ־טען. זיי האָבען זיך אַלע בעקלאָגט אויף זייער שווערער סלוזשבע, וואָס צווינגט זיי אָבצושטעהן גאַנצע נעכט אויפ'ן גרענעץ, אין קעלטען און אין רעגענס.

„באַלד וועט זיין די קאָראָנאַציע", האָב איך געזאָגט צו איינעם פון זיי. „פיליכט וועט ארויס אַ מאַניפעסט און מען וועט פערגרינגערען אייער סלוזשבע".

„פאר אונז, מוזשיקעס, וועט גאָר נישט זיין", האָט אַ סאָל־דאַט פעסימיסטיש גענטפערט, „גאָט איז הויך און דער צאר איז ווייט. די גענעראַלען און אָפיצערען וועלען אפשר קריגען נאַגראַדעס. אונז אָבער וועט מען געבען צו גלעזלעך בראַנפען און דאָס וועט זיין דער גאַנצער מאַניפעסט. עך, פּריץ, שווער זעהר שווער, לעבט זיך ביי אונז דעם פּויער". און ער האָט מיר גענומען שילדערען די אָרימקייט, וואָס הערשט ביי זיי אין דאָרף אין קורסקער גובערניע און זיך בעקלאָגען אויף דעם מאַנ־געל אין ערד און אויף די גרויסע פּאָדאַטקעס, אזוי ווי ער וואָלט נאָר־וואָס דורכגעלייענט מיין פּראָקלאַמאַציע. איך האָב איהם דערצעהלט, אַז איך האָב אמאָל געוואוינט אין דער שווייץ און איהם בעשריבען די דאָרטיגע פּאָריאַדקעס.

ער האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט און אַ זאָג געטהאָן:

„יאָ, עס זיינען ביי אונז אויך דאָ אזעלכע, וואָס ווילען איינפיהרען די זעלבע פּאָריאַדקעס, אָבער זיי וועלען גאָרנישט אויספיהרען. איך וועל ענדיגען די סלוזשבע, וועל איך אוועק־

פאָהרען אין אמעריקא. ווי מען האָט מיר דערצעהלט, איז אין אמעריקא אויך אזא אָרדנונג ווי אין דער שווייץ. דאָרטען וועל איך זיין א מענש מיט מענשען גלייך...

ווען איך בין אָבגעגאַנגען א פּאָר וויאָרסט, האָב איך בעגעגנט מיין בעקאַנטען אָפיציער פון דער גרענעץ־וואַך. ער האָט מיך אָבגעשטעלט און גראַטולירט מיט מיין בעפרייאונג.

„ווען איך בין אויף אייער אָרט", האָט ער מיר געזאָגט, ארומקוקענדיג זיך צי קיינער הערט נישט, „וואָלט איך פערקלאָגט די טאַמאָזשניע פאַר האַלטען מיך אונגעזעצליך אונטער ארעסט און וואָלט אויפגעמאָהנט ביי זיי אַלע היזקות".

איך האָב אָבער גערעכענט אז צו פערפיהרען א פּראָצעס מיט דער טאַמאָזשניע איז פאַר מיר קיין פּלאַן נישט; זאָל בעסער מיינס איבערגעהן.

זונטאג פריה האָב איך זיך ווארים צוזעגענט מיט ר' אברהם'ען און זיין פרוי, האָב קוים גע'פועל'ט ביי איהר זי זאָל ביי מיר וויינינגסטענס נעהמען א פּאָר רובעל אויף צדקה פאַר אָרימעלייט פון שטעדטעל, וועלכע זי האָט אימער אויסגעהאָלפען, און בין אָבגעפאָהרען אין קאָוונע. פון קאָוונע בין איך גלייך אוועק אין מיין גייסטיגע געבורט־שטאָדט, ווילנע, וואו איך האָב אמאָל דורכגעלעבט מיינע ערשטע יוגענד־יאָהרען פון ענטוזיאַסטישען אידעאַליזם.

## זעקסטער קאַפּיטעל

עראינערונגען פון מיינע ערשטע יאָהרען אין ווילנא. — די פּראָפּאַגאַנדע צווי־שען די אידישע ארבייטער. — די פאַרלויפער פון „בונד".

וואָס נעהנטער איך בין געקומען צו ווילנא, אַלץ שטאַרקער האָט געקלאַפּט מיין הארץ. אין גאַנצען צוויי יאָהר זיינען אוועק זינט איך האָב פערלאָזען ווילנא און בין אבגעפאָהרען אין אויס־לאַנד. אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אז דאָס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק. די צוויי יאָהר, וואָס איך האָב פערבראַכט אין ציוריך, אַמסטערדאַם, בערלין און בערן, האָבען זיך אויסגעצויגען אין א לאַנגען שטח פון א גאַנצען וואַנדער־לעבען, און אָבגע־שטופּט די פריהערדיגע יאָהרען ווייט צוריק אין עבר. ווען דער צוג איז אָבער ארויס פון לאַנדוואַראָווע און איך האָב דערזעהן דעם גוט־בעקאַנטען וועג, וואו איך פלעג אָפט ארומשפּאַצירען מיט מיינע חברים אין די שטילע זומער־אָוונדען, האָבען זיך די זכרונות פון מיין לעבען אין ווילנא גענומען צורוקען אַלץ נעהנטער און נעהנטער. די צייט, וואָס האָט מיך אָבגעטיילט פון זיי, איז געוואָרען קלאָר און דורכזיכטיג, ווי די אַלפּען־לופט נאָך א רעגען, און די עראינערונגען — בולט און נאָהענט, ווי ווייטע שנעע־בערג אין א קלאָרען הערבסט־פריה־מאָרגען.

אָט זעה איך זיך, א נאאיוו, פערצעהניעהריג אינגעל, וואָס איז אָקאָרשט, אומגעפעהר אין 1884, געקומען פון פלעשטשעניץ אין גרויסען כרך ווילנא צו זוכען השכלה. צוזאַמען מיט חאציע חנה חאשקע'ס דעם דאַלהינעווער, מיט וועמען איך האָב פריהער גע־לערענט ביי אונזער רב משכיל־לאיתן און בשתיקה געלייענט אין בית המדרש ביז שפּעט אין דער נאַכט מפּו'ס ראָמאַנען, זיץ איך אין א קליין צימערעל איבער א רוסישער גראַמאַטיקע אָדער גע־אָגרפיע און שטודיר בהתמדה פון פינף א זייגער אין דער פריה

ביז צוועלף ביינאַכט. אין מאָגען איז פוסטלעך, ווייל אין דער היים האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אַנשטאָט ש"ס און פוסקים לערנען מיר גאָר טריף־פסל'ען און מען האָט אונז אויפגעהערט צו שיקען געלד. מיר קאַרגען די עטליכע רובעל וואָס זיינען נאָך ביי אונז געבליבען און דערהאַלטען די נשמה מיט שוואַרצען סאָל־דאַטסקען ברויט און טהיי. אָבער פאַר אונזערע אויגען שוועבט דער אידעאַל, וועלכער גיט אונז קרעפטען און מוט — דער אי־דעאַל צו דערגרייכען די העכסטע שטופע פון בילדונג: צו ווערען אַ דאָקטאָר.

באַלד אָבער ווערט ביי אונז אין קאַסע גאָר ליידיג און מיר דאַרפען זיך אָפּזאָגען פון דעם לעהרער וועמען מיר האָבען גע־צאָהלט פיער רובעל אַ חודש. איך בעשליס אַריבערצוגעהן צו קלמן שולמאַנ'ען און פרעגען ביי איהם אַן עצה וואָס מיר זאָלען טהאָן. איך שטעל זיך פאָר, אַז אַזאַ גרויסער שרייבער מוז וואוינען ער־גענץ אין אַ פּרעכטיגען פּאַלאַץ, און האָב מורא, אַז זיינע לאַקייען וועלען מיך צו איהם נישט צולאָזען. ווי פערוואונדערט ווער איך ווען מען ווייזט מיר אָן זיין וואוינונג, פערוקט אין אַ הויף אויפ'ן דריטען שטאָק און אַנשטאָט לאַקייען, בעגעגענט מיך אַן אַלטער איד אין אַ וואַטאָווען קאַפּטען מיט גרויע אונטערגעגרייזעלטע פּיאות און זאָגט מיר, אַז דאָס איז ער טאַקי, קלמן שולמאַן אַליין. נאָך מעהר פערוואונדערט ווער איך, ווען, אויסהערענדיג דעם ציעל פון מיין בעזוך, ראַט ער מיר צו פאָהרן צוריק אַהיים און צו נעמען זיך ווידער צו דער גמרא און פוסקים און ווערען אַ רב, אַזוי ווי דער טאַטע מיינער וויל.

איך גיב זיך אָבער נישט אונטער. איך געפין אַ פּאָאַר או־ראָקען, פאַר וועלכע איך קריג דריי רובעל אַ חודש, און געה ווייטער אָן מיט מיינע לימודים.

אָט זיינען שוין אַ פיער יאָהר אַוועק געלאָפען און איך בע־געגען זיך מיט חנן ראַפּאַפּאָרט'ען און ביסלעכווייז עפענט זיך פאַר מיר אַ נייע וועלט. מיינע האָריזאָנטען ווערען ברייטער, עס וואַקסט אויס פאַר מיר אַ נייער, אַ העכערער אידעאַל — דער אי־דעאַל פון „אַריינטראָגען אמת און גערעכטיגקייט אין די געזעל־שאַפטליכע פאָרמען". איך הויב אָן אַנטייל צו נעהמען אין דער

פּראָפּאַגאַנדע צווישען די שילער פון די ווילנער גימנאַזיעס, פון רעאַל־שולע און פון אידישען לעהרער־אינסטיטוט. צו דער זעל־ביגער צייט זוכען מיר אויס די פעהיגסטע פון די קלויזניקעס און העלפען זיי צו שטילען זייער דורשט נאָך בילדונג *.

אָט זיץ איך ארומגערינגעלט פון פינף־זעקס אידישע ארביי־טער אין אַ „קאָנספּיראַטוווער קוואַרטיר" און לייען פאַר זיי... ז אָ ב אָ ו ו ס „שמועסען וועגען דער נאַטור", און ערקלער זיי, ווי אַזוי די ערד דרעהט זיך ארום דער זון און די לבנה — ארום דער ערד. מיינע תלמידים זיינען מיעד און שלעפעריג נאָך זייער שווערען טאָג ארבייט, דאָך הערען זיי זיך צו צו יעדען וואָרט אַזוי ווי איך וואָלט דאָ פאַר זיי ענטפּלעקט אַ נייע וועלט...

אויף דער דאָזיגער ערשטער פּעריאָדע פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישען אידישע ארבייטער אין ווילנא, וויל איך זיך דאָ אָבשטעלען אביסעל מעהר באריכות. דאָס זיינען געווען די ערשטע טריט צו דער גרויסער סאָציאַליסטישער ארבייטער־בע־וועגונג צווישען די אידען אין רוסלאַנד. פון אָט־אָ־די קליינע גרו־פּעס האָט זיך שפּעטער ענטוויקעלט דער „בונד".

מיר זיינען אימער געוואוינט צו אונטערשעצען די וויכטיג־קייט פון די ערשטע טריט פון אַ געזעלשאַפטליכער בעוועגונג. פיעלע פון די טוערס פון „בונד" קוקען אויף דער פּראָ־פּאַגאַנדע, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישען די ווילנער ארבייטער אין סוף פון די אכציגער און אָנהויב פון די ניינציגער יאָהרען, ווי אויף אַ קינדער־שפּיעל, פערגעסענדיג, אַז אָהן דער דאָזיגער קליינער ארבייט וואָלט די ברייטע בעוועגונג געווען אונמעגליך,

* צווישען די דאָזיגע תלמידים זיינען געווען: דער איצטיגער דר. איסר גינזבורג און א. וואָלט (ליעסין), וועלכע האָבען ארויסגעוויזען זעלטענע פעהיגקייטען. דער לעצטער האָט שוין דעמאָלט ארויסגעוויזען די ערשטע פונקען פון זיין פּאָעטישען טאַלאַנט. איינער פון זיינע ערשטע שירים, וואָס ער האָט געשריבען אין ווילנא, איז געווען: „קאַרל מאַרקס און אַ פּאַק שוועבעלאַך", אַ סאַטירע אויף אַ ווילנער ראַדיקאַלקע, וועלכע זידעלט אָפּ אַן אַלטען אידען, אַ טרעגער, וואָס האָט געבראַכט צו איהר אין קראָם אַ גרויסען פּאַק מיט שוועבעלאַך.

אַז די ערשטע טריט, וואָס אַ קינד שטעלט, אָנהאַלטענדיק זיך אָן געה־וועגעלע שטעלן פאַר אַ זעהר וויכטיגען מאָמענט אין דער ענטוויקלונג פון דעם מענשען.

ווען חנן ראַפּאָפּאָרט, דעמבאָ, און יאַקאָוו יודעליעווסקי האָבען פערלאָזען ווילנא, איז שוין דאָרט, ווי ווייט איך ווייס, קיינער נישט געבליבען פון די אָנהעגנגערס פון דער נ אַ ר אָ ד־נ אַ י אַ  וו אָ ל י אַ , אַ חוץ מיר און איסאַי אייזענשטאַט, וועלכע האָבען פריער גענומען אַ קליינעם אַנטייל אין די נ אָ־ר אָ ד אָ וו אָ ל ט ש ע ס ק ע גרופּעס. קיין האָפענונג אויף דער ווידערלעבונג פון דער טעראָריסטישער ארבייט אין דער נאָהענטער צוקונפט איז נישט געווען. די ראַדיקאַלע יוגענד האָט נאָך געלעבט מיט די טראַדיציעס פון דער פּאַרטיי וואָס האָט געשפּיעלט אַזאַ וויכטיגע ראָליע אין די זיעבעציגער און אין אָנהויב אַכציגער יאָהרען: זשעליאַבאָוו און סאָפיא פּעראָווסקאַיא זיינען נאָך געבליבען אונזערע העלדען, און דעם ערשטען מערץ האָבען מיר דערמאָלט נאָך געפייערט דעם יאָהרצייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען׳ס טויט.

נאָר אַ נייער ווינט האָט שוין גענומען בלאָזען. אין די זעלבסטענטוויקלונגס פעראיינען האָט מען נאָך געלייענט „די היסטאָרישע בריעף“ פון מירטאָוו׳ן און דעם „וויעסטניק“ און „קאַלענדאַר“ פון דער נ אַ ר אָ ד נ אַ י אַ  וו אָ ל י אַ , אָבער מען האָט שוין אויך אָנגעהויבען צו לייענען און הייס דיסקוטירען פּליעכאַנאָוו׳ס „אונזערע מיינונגס־פערשיעדענהייטען“ („נאַשי ראַזנאָגלאַסיא“), מאַרקס „קאַפּיטאַל“ און קאַוצקי׳ס פּאָפּולאַריזאַציע פון מאַרקס עקאָנאָמישע און געשיכטס־פילאָזאָפישע אַנשויאונגען. פיעלע פון דעם אינגערען דור האָבען שוין גענומען בעטראַכטען אַלס אוטאָפּיסטען די אָנהענגערס פון עטישען סאָציאַליזם און זידלען מיט׳ן נאָמען „ליבעראַל“ יעדען איינעם וואָס האָט, לויט זייער מיינונג, געלייגט צופיעל געוויכט אויף דער נויטוועגדיגקייט פון קאַמף פאַר די עראָבערונג פון פּאָליטישער פרייהייט. זיי האָבען שוין אָנגעהויבען צו בעטראַכטען די אינטעליגענציא אַלס אַן אונבעדייטענדען פאַקטאָר, בעהויפּטענדיג, אַז די אינטעלעקטועלע עלעמענטען שטעהען צו צום סאָציאַליזם נאָר צופעליג

און אז דעריבער קאָן מען זיך אויף זיי ניט פערלאָזען. עס האָט זיך גענומען פארברייטען דער געדאנק, אז נאָר דער פראָלעטאריאט איז דער אמת'ער טרעגער פון סאָציאליזם, ווייל זיין עקאָנאָמישע לאגע צווינגט איהם צו קעמפען פאר דער אָבשאפונג פון פריוואט אייגענטום. דעריבער, האָבען זיי געזאָגט, מוז מען אָנווענדען די קרעפטען הויפטזעכליך אויף דער פראָפאגאנדע צווישען די ארביי־טער. אויף דער ארבייט צווישען דער שטודירענדער יוגענד האָט מען גענומען קוקען נאָר ווי אויף א מיטעל צום שאפען „לעהרער" פאר די ארבייטער, ביז וואנען עס וועלען אויסוואקסען „אייגענע" פראָפאגאנדיסטען און אגיטאטאָרען פון פראָלעטאריאט גופא.

הגם איך בין געבליבען ביי מיינע פריהערדיגע איבערצייגונגען, האָב איך דאָך איינגעזעהן די וויכטיגקייט פון א סאָציאליסטישער פראָפאגאנדע צווישען די ארבייטער און בין צוגעשטאנען צו דער גרופע, וואָס האָט זיך געגרינדעט פאר דעם צוועק.

איסאי אייזענשטאט, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין לעצטען קלאס גימנאזיע, האָט צוערשט זיך אָפגעזאָגט צוצושטעהען צו אונז, ווייל ער האָט געהאלטען, אז איידער מען הויבט אָן צו פערשפריי־טען דעם סאָציאליזם צווישען די מאסען מוז מען צוערשט, מיט די מיטלען פון דער נ א ר אָ ד נ אָ י א   ו ו אָ ל י א , ערובערען פאָליטישע פרייהייט. נאָר אזוי ווי פאר אן אקטיווען קאמף געגען דעם אבסאָליוטיזם זיינען שוין קיין קרעפטען נישט געווען און צו בלייבען שטעהן פון ווייטען און ווארטען האָט זיין טהעטיגע נאטור נישט דערלאָזען, האָבען זיך זיינע אנזיכטען ביסלעכווייז גענומען בייטען און ער איז ענדליך געוואָרען איינער פון די שטארקסטע אָנהענגערס פון מארקסיזם און איז צוגעשטאנען צו דער פראָפא־גאנדע צווישען די ארבייטער מיט לייב און לעבען. כידוע, איז ער שפעטער געוואָרען איינער פון די טיכטיגסטע טוערס און טעאָרע־טיקערס פון „בונד".

קיין סאָציאליסטישע ליטעראטור אין אידיש איז נאָך דא־מאָלט אויף א רפואה נישט געווען. די רוסישע שפראך איז דעם ווילנער אידישען ארבייטער געווען אינגאנצען פרעמד. די אידעע צו שאפען אזא ליטעראטור אין אידיש, איז נאָך קיינעם נישט גע־

ווען איינגעפאַלען.*) עס איז נאָך קיינעם נישט אַרויף אויפ'ן זינען, אַז עס איז גרינגער אַראָבצוואַרפען צו די פערד דאָס היי פון בוידעם איידער צו שלעפּען די פערד אַרויף צו די היי. אונזער „אונלעגאַלע" אַרבייט איז דעריבער אין אָנפאַנג בעשטאַנען אין אויסקלייבען עטליכע סימפּאַטישע אַרבייטער און אַגיטירען צווישען זיי... דעם רוסישען אַלף־בית. אונטער דעם אַלטען רעזשים אין רוסלאַנד האָט אפילו די דאָזיגע „רוסיפיקאַציע" פון דעם אידישען אַרבייטער געמוזט געטהאָן ווערען אין געהיים.

גאַנצע טעג פלעגען מאַנכעסמאָל אוועק ביז מיר פלעגען געפינען אַ פּאַסענדע קוואַרטיר פאַר אונזערען אַ „חדר". דאָס רוב פלעגען מיר פאַר דעם צוועק דינגען אַן אָבגעזונדערט צימער, ערגענץ אין אַ פערוואָרפען געסיל. מיר פלעגען אויסקלייבען אַ הויף, וואו דער דוואָרניק האָט זיך אָנגעזעהן צו זיין אַ גוטמוטיגער, נישט פאַרשפּיצטער גוי, וועלכער האָט געשיינט נישט צו שטעהן אין צו ענגע בעציהונגען מיט דער פּאָליציי. אונזערע תלמידים פלעגען מיר אויך אויסקלייבען זעהר פאָרזיכטיג, און אויב עס פלעגט זיך שפּעטער אַרויסצייגען, אַז איינער פון זיי איז נישט „צופערלעסיג", אַז ער קען נישט האַלטען ס'מויל, פלעגען מיר, כדי פּטור צו ווערען פון איהם, כלומרשט פאַנאַנדערלאָזען דעם „חדר" און דערנאָך געפינען אַ נייע „קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר" פאַר די איבעריגע תלמידים. אונזער אַרבייט איז, זעלבסטפאַרשטענדליך, אָנגעגאַנגען זעהר לאַנגזאַם און עס האָט אונז גענומען נאָהענט פון צוויי יאָהר ביז מיר האָבען בעשאַפען אַן עלעמענט פון אידישע בעלי־מלאכות, צווישען וועלכע מיר האָבען געקאָנט אָנפאַנגען אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

---

*) גראַד אין יענער צייט האָט זשיטלאָווסקי אָנגעהויבען אַגיטירען אין דער שווייץ פאַר דער באַשאַפונג פון אַ אידיש סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, אָבער אין רוסלאַנד האָט מען נאָך וועגען דעם גאָרנישט ניט געוואוסט.

# זיבעטער קאַפּיטעל

קאַפּעלזאָן. — קרעמער. — יאָגיכעס. — פּעסקין. — קרעטשמער. — פּין. — גאָרדאָן. — פּיימערין. — יאָסעל דער שלאָסער. — סווערדלאָוו. — די ערשטע „מאַסענפאַרזאַמלונג“.

צווישען די מעהר אָדער וועניגער בעדייטענדע סאָציאַליסטישע טהוערס אין ווילנא אין סוף פון די אַכציגער און אין אָנהויב פון די ניינציגער יאָהרען זיינען, אחוץ אייזענשטאַט׳ן, וועמען איך האָב שוין דערמאָנט, געווען: צמח קאַפּעלזאָן (בעוואוסט אונטער׳ן נאָמען „טימאָפעי“); ארקאַדי קרעמער (אַלעקסאַנדער); ליעוו יאָגיכעס, וועלכער איז שפּעטער אין דער שווייץ געווען בעוואוסט אונטער׳ן נאָמען „גראָזאָווסקי“; ישראל פּעסקין, א ברודער פון דעם ניו יאָרקער דר. ש. פּעסקין, (דער לעצטער האָט זיך שפּעטער אויך בעטייליגט אין דער פּראָפּאַגאַנדע צווישען די ווילנער ארבייטער); ציליע קרעטשמער, איצט די פרוי פון דר. ש. פּעסקין; אננאַ גאָרדאָן; סאָניא פּיימערין, א טאָכטער פון סלוצקער רב ר׳ מאיר; אַנטאָקאָלסקי; אברהם פּין, דעמאָלט א שילער פון דעם לעהרער־אינסטיטוט; פּאַטי סרעדניצקאַיא, וועלכע איז שפּעטער געוואָרען קרעמער׳ס פרוי, און פיעלע אנדערע. אייניגע פון די דאָזיגע טהוערס האָבען שפּעטער געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. קרעמער, אייזענשטאַט און קאַפּעלזאָן זיינען געוואָרען פון די ערשטע פיהרערס פון „בונד“. י. פּעסקין איז געווען שטאַרק טהעטיג אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. פון אונזערע תלמידים, די ארבייטער, זיינען אויך אויסגעוואַקסען עט־ליכע בעדייטענדע טהוערס אין דער אידישער סאָציאַליסטישער בע־וועגונג. ליידער קאָן איך דאָ איבערגעבען יענע פּעריאָדע נאָר אין קורצע שטריכען און קאָן זיך ניט אָבשטעלען אויף דער כאַראַק־

טעריסטיק פון די פּערזאָנען, ווי אינטערעסאַנט זיי זאָלען ניט זיין.
ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז די ארבייט אין אָנהויב געגאַנ־גען זעהר לאַנגזאַם. איך געדענק וואָס פאַר אַ יום־טוב עס איז גע־ווען פאַר מיר, ווען נאָך צוויי יאָהר „קולטור־ארבייט", וואָס איז בעשטאַנען אין לערנען מיינע תלמידים די רוסישע שפּראַך און אין בעקענען זיי מיט די גרונד־פּרינציפּען פון נאַטור־וויסענשאַפט, בין איך ענדליך איבערגעגאַנגען צו דער פּראָפּאַגאַנדאַ פון סאָציאַליזם. איך האָב אויסגעקליבען פינף פון מיינע בעסטע תלמידים און האָב מיט זיי אָנגעהויבען צו לייענען דיקשטיינ'ס בראָשורע „פון וואָס איינער לעבט" („קטאָ טשעם זשיוויאָט"). די דאָזיגע ארבייטער זיינען געווען: אלתר דער בערשטעלמאַכער, וועלכער האָט שפּעטער צוגעצויגען צו דער בעוועגונג פיעלע ארבייטער פון זיין פאַך און האָט, דאַכט זיך מיר, אויך געגרינדעט די זעהר בעדייטענדע גרופּע צווישען די בערשטעלמאַכערס אין וואָלקאָוויסק; סאָלאָמאָן דער מנקר (ס'הייסט אַ טרייבעטשער, וואָס זיין מלאָכה בעשטעהט פון ארויסנעהמען דעם גיד הנשה און מאַכען כשר דעם הינטער־חלק פון דער בהמה); יאָסעל דער שלאָסער און אנדערע צוויי שלאָסאַרעס, וועמעס נעמען איך האָב פאַרגעסען.

ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז איינער פון די לעצ־טע צוויי שוין געווען אַ געגנער פון פּריוואַט אייגענטום איידער איך האָב נאָך אָנגעהויבען צו פּרעדיגען איהם דעם סאָציאַליזם, און האָט פּראַקטיצירט גנבה אַלס אַ „סייד ליין" צו שלאָסעריי. פון דיקשטיין'ס פּאָפּולערער בראָשורע זיינען מיר איבערגעגאַנגען צו קאַרל מאַרקס „לוין ארבייט און קאַפּיטאַל", דערנאָך האָבען מיר געלייענט און דיסקוטירט לאַסאַל'ס שריפטען און קאַרל קאַוצקי'ס „קאַרל מאַרקס'עס עקאָנאָמישע לעהרען". דאָס לעצטע ווערק איז נאָך דעמאָלט נישט געווען געדרוקט אין רוסיש און מיר האָבען עס געלייענט אין אַ געשריבענער איבערזעצונג, וואָס אננאַ גאָרדאָן און איך האָבען געמאַכט פון דייטשען אָריגינאַל.

דער אינטערעס צו די פראַגען פון סאָציאַליזם איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיינע תלמידים האָבען זעהר זעלטען פאַרפעהלט צו קומען אין „חדר" אריין אין די בעשטימטע אָווענדען. איך געדיינק אַז איין אָוונד איז יאָסעל דער שלאָסער, וועלכער איז געווען מיין

פלייסיגסטער תלמיד, נישט געקומען. ווען איך האָב דאָס איהם שטאַרק אויסגערעדט, האָט ער זיך דערפיהלט זעהר שולדיג און גע־זאָגט, אַז עס איז געווען פאַר איהם אבסאָלוט אונמעגליך צו קומען.

איך בין געווען אַ שטרענגער רבי און האָב געפאָדערט, אַז ער זאָל ערקלערען די אורזאַך. יאָסעל איז רויט געוואָרען ביז אי־בער די אויערען און געזאָגט, פערשעהמט:

„ביי מיר איז נעכטען געווען חתונה . . .“

אַנשטאָט איהם צו גראַטולירען, האָבען אַלע אויף איהם גע־קוקט מיט אַ פאָרוואורף. אין יענע נאַאיווע צייטען האָט מען בע־טראַכט חתונה־האָבען כמעט ווי אַ פערראַט צום סאָציאַליזם — נישט וועיל מיר זיינען חלילה געווען פּרינציפּיעלע געגנערס פון חופּה וקדושין, נאָר ווייל מען האָט געגלויבט, אַז ווען איינער נעהמט אויף זיך דעם יאָך פון ערנעהרען אַ פאַמיליע, וועט ער שוין פריהער אָדער שפּעטער אָבשטעהן פון דער בעוועגונג.

איך וויל זיך דאָ אָבשטעלען בקיצור אויף אונזער דעמאָלדיגער שטעלונג צו דער אידענפראַגע בכלל און צום ציוניזם בפרט. הגם די ערשטע פון די ווילנער סאָציאַליסטען האָבען אין זייער קינד־הייט געקראָגען אַ ריין אידישע ערציהונג, האָבען דאָך די ברענענדע פראַגען, וואָס זיינען פערבונדען מיט דער אייגענאַרטיגער לאַגע פון אידישען פאָלק, אַזוי ווי נישט עקזיסטירט פאַר זיי. דער סאָ־ציאַליזם וועט ברייננגען פרייהייט, גלייכהייט, ברידערליכקייט און גליק פאַר אַלע מענשען און פאַר אידען ב ת ו כ ם , האָבען מיר דעמאָלט גע׳טענה׳ט. יעדע אַנדערע בעוועגונג האָבען מיר בע־טראַכט אַלע רעאַקציאָנער און שעדליך. דאָס איז פאַר אונז געווען אַזוי איינפאַך און קלאָהר, אַז מיר האָבען זיך גאָר נישט געקענט פאָרשטעלען, אַז איינער וואָס האָט אַ ידיעה אין די לעהרען פון סאָציאַליזם קאָן זיין אַן איבערצייגטער ציוניסט. די פערזאַמלונגען פון די ציוניסטען פלעגען מיר בעזוכען נאָר מיט דעם צוועק צו דיספּוטירען געגען זיי און כדי צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם סאָציאַליזם. מיר פלעגען זיי פאָרוואַרפען: „איהר ווילט זיין געזעל־שאַפטליכע טהוערס און האָט ניט דעם מוטה צו צושטעהן צו אַ

בעוועגונג וואָס איז פערבונדען מיט געפאַהרען. איהר ווערט ציוניס־טען, ווייל איהר האָט מורא פאַר געפענגנים און סיביר". אויב דאָס איז געווען אמת בנוגע איינציגע פון די ציוניסטען, זיי־נען אָבער, פערקעהרט, אייניגע פון אונז צוגעשטאַנען צום סאָצי־אַליזם דוקא דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען פערבונדען מיט א גרויסער ריזיקע און איז געווען ארומגערינגעלט מיט'ן אָ ר ע אָ ל פון ק ד ו ש ה ש ם . די יוגענד האָט ליעב געפאַהר.

נאָך די ערשטע פּאָר יאָהר פון אונזער פּראָפּאַגאַנדע האָט די צאָהל ארבייטער, וואָס האָבען זיך געוואָלט לערנען, גענומען שנעל וואַקסען. מיר האָבען קוים געקענט קריגען גענוג לעהרערס פאַר זיי. פיעלע פון אונז פּראָפּאַגאַנדיסטען האָבען געהאַט צו דריי־פיער גרופּעס אין איין אָוועגד און מיר האָבען געקנעלט ביז האַל־בע נאַכט. די ארבייט צווישען דער שטודירענדער יוגענד איז פערנאַכלעסיגט געוואָרען. דאָס איז געווען די עפּאָכע פון דער אי־דישער „נ א ר אָ ד נ י ט ש ע ס ט װ ו אָ" די אַרבייטער זיינען צווישען אונז געווען ד ע ר פּ ר י ו ו י ל י ג י ר ט ע ר ק ל א ס. יעדער איינער פון אונז האָט געוואָלט האָבען וואָס מעהר בעל־מלאָכות פאַר תלמידים און האָט זעהר אונגערן אָבגעגעבען זיין צייט אויף פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער אינטעליגענץ.

די אַרבייט איז דעמאָלט געפיהרט געוואָרען מעהר אין דער טיעף איידער אין דער ברייט. מיר האָבען געשאַפען א קליינע צאָהל אינטעליגענטע סאָציאַליסטען צווישען די ארבייטער, אָבער קיין ברייטערע אגיטאַציע האָבען מיר נאָך נישט אָנגעפיהרט. קיין גע־ווערקשאַפטליכע בעוועגונג איז נאָך דעמאָלט אויך נישט געווען. די גאַנצע אַרבייט איז געפיהרט געוואָרען שטרענג קאָנספּיראַטיוו און די אַרבייטער פון איין גרופּע זיינען נישט געווען בעקאַנט מיט די ארבייטער פון א צווייטער גרופּע. מיר האָבען געקליבען „א פונ־פעריל צו א פינפעריל" (אונזערע גרופּעס זיינען ס'רוב בעשטאַנען פון פינף ארבייטער) אזוי ווי א קמצן קלייבט א גראָשען צו א גראָ־שען, און האָבען מורא געהאַט צו ריזיקירען אונזער מיט שווערער מיה אָנגעזאַמעלטען „קאַפּיטאַל" אין א גרעסערער אונטערנעהמונג.

די אינטעליגענטע ארבייטער האָבען זיך געפיהלט זעהר איינ־זאַם. מיר האָבען זיי אָוועקגעריסען פון זייער היימישער סביבה און

קיין נייע ניט געגעבען. מיר, די אינטעליגענטען, זיינען געווען בעקאנט צווישען זיך, האָבען געהאט אַן אייגענע סביבה און אַן אייגען געזעלשאַפטליך לעבען. זיי אָבער, וועלכע זיינען, צוליעב קאָנספּיראַטיווע צוועקען, געהאַלטען געוואָרען אָבגעזונדערט איינע פון די אַנדערע, האָבען דאָס נישט געהאט. זיי זיינען געוואָרען אונ־צופריעדען מיט דער ענגער ארבייט און האָבען גענומען פאָדערען מיר זאָלען אָנהייבען אַ ברייטערע אַגיטאַציע. מיר האָבען ענדליך געמוזט איינוויליגען דאַרויף.

איך געדענק ווי היינט אונזער ערשטע „מאַסענפערזאַמלונג". די פערזאַמלונג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען צום אָנדענקען פון סווערדלאָוו'ן, איינעם פון אונזערע אינטעליגענטעסטע און איבערגעגעבענסטע ארבייטער. סווערדלאָוו, אַ שריפטזעצער, איז גע־קומען אין ווילנא אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט. ער איז געקומען פון מינסק, וואו אין אָנהויב פון די אַכציגער יאָהרען איז אָנגע־גאַנגען אַ סאָציאַליסטישע ארבייטער בעוועגונג, וועלכע איז אָבער שפּעטער אינגאַנצען אָפּגעשטאָרבען. דעם לעצטען יאָהר פון זיין לעבען האָט סווערדלאָוו געוואוינט מיט מיר אין איין צימער און איך האָב געהאט די געלעגענהייט זיך צו באַקענען מיט זיין אויסערגע־וועהנליך אידעאַלען כאַראַקטער. ער האָט געליטען פון שווינדזוכט און דאָס בליי־שטויב פון דעם שריפט איז פאַר איהם געווען זעהר שעדליך. ער האָט אָבער ניט געוואָלט פאַלען צו לאַסט אויף זיינע חברים און האָט נישט אויפגעגעבען די ארבייט ביז מיט אַ פּאָר מאָנאַטען פאַר זיין טויט, ווען ער האָט שוין קוים געקענט שטעהן אויף די פיס. ווען סווערדלאָוו איז געשטאָרבען, דאַכט זיך אין 1890, האָבען מיר בעשלאָסען צו מאַכען אין זיין אנדענקען די ערשטע ארבייטער־פערזאַמלונג.

דער זאַל וואו דער „מאַסמיטינג" איז פאָרגעקומען האָט גע־מוזט זיין אַ קלענערער איידער „מעדיסאָן סקווער גאַרדען", ווייל איך געדענק, אַז ווען די פופציג אויסגעקליבענע ארבייטער און אר־בייטאָרינס האָבען זיך צונויפגעקליבען, האָבען מיר קוים געקענט כאַפּען דעם אָטעם, אַזוי הייס און פאַרשטיקט איז דאָרט געוואָרען (אויס קאָנספּיראַטיווע גרינדען האָבען מיר אפילו די פענסטער נישט געעפענט). אָבער די שטימונג איז געווען זעהר אַ געהויבענע

און מיר האָבען זיך געפיהלט אזוי ווי מיר וואָלטען געעפענט די רוסישע קאָנסטיטואירענדע פערזאמלונג. עס איז געווען א נחת צו קוקען אויף די בעגייסטערטע פנים׳ער פון די ארבייטער און צו זעהן מיט וואָס פאר אַן אויפמערקזאמקייט זיי האָבען זיך צוגעהערט צו די רעדעס, וועלכע קרעמער, קאָפּעלזאָן, אייזענשטאַט, ציליע קרעט־שמער (איצטיגע פרוי פעסקין), און איך האָבען פאר זיי געהאַל־טען. ווי קליין און שיינבאר אונבעדייטענד די פערזאמלונג איז גע־ווען, איז זי דאָך, דאכט מיר, געווען א היסטאָרישע פּאַ־סירונג. פון איהר האָט זיך אָנגעהויבען די ברייטערע אי־דיש־סאָציאַליסטישע ארבייטער־בעוועגונג, וועלכע האָט זיך גע־נומען פערשפּרייטען פון ווילנא אין אנדערע שטעדט און שטעדלעך פון ליטע און פּוילען.

ווי עס ווייזט אויס, איז די פּראָפּאגאנדע וואָס איז געפיהרט געוואָרען אין מינסק אין אָנהויב פון די אכציגער יאָהרען נישט געווען קיין פערלאָרענע ארבייט, ווייל ווען די בעוועגונג האָט דאָרט, מיט צעהן יאָהר שפּעטער, וויעדער אויפגעלעבט, האָט זי זיך פאנאנדערגעוואַקסען זעהר שנעל. אייניגע פון די מינסקער טהוערס האָבען זאָגאר בעהויפּטעט, אז זיי האָבען מעהר קלאַסענ־בעוואוסטע ארבייטער איידער ווילנא. איך געדענק, אז פאר מיין אוועקפאָהרען אין אויסלאַנד האָט זיך מיינער א פריינד שיער נישט צוקריגט מיט א מינסקער חבר איבער דער פראגע, וואו איז די בע־וועגונג שטארקער: אין ווילנא אָדער אין מינסק?

די דאָזיגע זכרונות זיינען ארויסגעשוואומען אין מיין זכרון ווען איך בין צוגעפאָהרען צו ווילנא.

## אַכטער קאַפּיטעל

בײַ פּאַטי'ן. — יאַקאָוו און עוואַ וויטקינד. — אויפ'ן שלאָסבאַרג. — „דער פערצעהנטער נומער". — איך פאַרלאָז ווילנאַ.

אַ שאַרפער פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָט איבערגעריסען מיינע געדאַנקען וועגען דער פערגאַנגענהייט און מיך אומגעקעהרט צו דער געגענוואַרט. דער צוג איז צוגעפאָרען צום ווילנער וואַקזאַל. מיינע טשעמאָדאַנעס האָב איך איבערגעלאָזט אין באַגאַזש און בין אַוועק אין שטאָדט. די זון האָט געשיינט אַזוי וואַרים און אַנגענעהם און אַלץ אַרום האָט אויסגעזעהן אַזוי היימיש און יום־טוב'דיג. עס האָט זיך געוואָלט געהן און געהן איבער די גאַסען און געסלאַך און זעהן אַלע בעקאַנטע ערטער, מיט וועלכע עס זיינען געוועזן פערבונדען אַזוי פיעל זכרונות, איך האָב אָבער אין ווילנאַ געהאַט צו־פיעל בעקאַנטע און האָב מורא געהאַט צו בעגעגענען מענשען אויף וועמעס „קאָנספּיראַציע" איך האָב זיך נישט געקאָנט פערלאָזען. איך האָב דעריבער בעשלאָסען צו געהן גלייך צו פּ אַ ט י ' ן (סערדניצקאַיאַ); זי איז געוועזן אַ דענטיסטקע און דעריבער איז געוועזן זיכערער צו געהן צו איהר איידער צו די אַנדערע חברים, ווייל אין פאַל איך געפין ביי איהר „אומגעבעטענע געסט", האָב איך אַ תירוץ, אַז איך בין אַ פּאַציענט.

דורכגעהענדיג ס אָ ד אָ וו ע גאַס, האָב איך בעגעגענט עוואַ וויטקינד, אַ שוועסטער פון מיין גוטען פריינד י אַ ק אָ ו ו וויט־קינד, וועלכער איז מיט אַ פּאָאָר יאָהר פריהער צוזאַמען מיט מיר געוועזן טהעטיג אין דער פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער שטודירענדער יוגענד פון ווילנאַ.*) אַזוי ווי איך פלעג זיין ביי די וויטקינדס

*) צווישען די ערשטע בעדייטענדע פּראָפּאַגאַנדיסטען אין ווילנאַ זיינען, אַ חוץ וויטקינד'ען און די, וואָס איך האָב דערמאַהנט פריהער, געוועזן נאָך דריי שילער פון אידישען לעהרער־אינסטיטוט: גאָזשאַנסקי, פּאַרטנאָי און רעזניק,

כמעט יעדען טאָג אין וואָך, האָט מיך עווא גוט געקענט. זי האָט אָבער נישט בעלאַנגט צו אונזער רעוואָלוציאָנערען קרייז, און איך האָב געוואָלט, אז זי זאָל בעסער נישט וויסען וועגען מיין קימען אין ווילנא. מיין געזיכט האָט זיך וועניג וואָס אומגעביטען פאַר די צוויי יאָהר, נאָר אזוי ווי איך האָב אין קאָוונע אראָבגענומען מיין באָרד, האָט מיך עווא נישט דערקענט. עס איז מיר געווען נישט גרינג פארבייצוגעהן עווא'ן און נישט אָב־שטעלען זיך. מיין פליכט פון קאָנספיראַציע האָט אָבער גובר גע־ווען מיין שטאַרקען פערלאַנג צו רעדען מיט איהר און צו פאַר־נאַנדערפרעגען זי וועגען יאַקאָוו'ן און וועגען אַנדערע אַלטע פריינד.

איך בין געווען צופריעדען וואָס די אָבגעגאָלטע באָרד האָט אויף אַזוי פיעל פערענדערט מיין אויסזעהען, אז אפילו אזא גוטע בעקאַנטע ווי עווא וויטקינד האָט מיך נישט דערקענט. דעמאָלט ערשט האָב איך פערשטאַנען דעם מ י י ן פון דער ברכה „שלא עשני אשה“ און די גרויסע קאָנספּיראַטיווע בעדייטונג פון א באָרד.

---

און אויך יאקאוו ליאכאווסקי, וועלכער איז איצט א דאָקטאר מעדיצין אין ניו יארק.

איך וויל דאַ אויך דערמאַנען וועגען א בעוועגונג וואָס האָט זיך אָנגע־הויבען אין ווילנא צווישען די זאָקען שטריקערינס נאָך אין מיטען פון די אַכציגער יאָהרען. די דאָזיגע בעוועגונג, וואָס האָט אריינגעצויגען הונדערטע אַרבייטאָרינס, האָט אָבער נישט געטראָגען קיין סאָציאַליסטישען כאַראַקטער. דאָס איז געווען מעהר א פאַרזוך צו פעראייניגען די זאָקען־שטריקערינס אין א געווערקשאַפטליכען פערבאַנד נאָך דעם מוסטער פון שולצע־דעליטש'עס פער־איינען. צווישען די זאָקען־שטריקערינס זיינען געווען בעזאָנדערס טהעטיגביילע פוניאַנסקי, וועלכע איז איצט אין ניו יאָרק, און א געוויסע חיה שרה (איהר צווייטען נאָמען האָב איך פערגעסען) און אויך א מאהלער, נאָוואָפּלי־אַנסקי. די דאָזיגע עלעמענטען זיינען אָבער — איך וויים אייגענטליך נישט פאַר וואָס — ביי אונז נישט אויסגענוצט געוואָרען, ווען מיר האָבען אָנגעהויבען אונזער ריין־סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. עס קאָן זיין, אז די אורזאַך איז געווען, וואָס מיר האָבען זיי נישט געהאַלטען פאַר גענוג „קאָנספּיראַטיוו“.

ווען איך בין אריין צו פּ אַ ט י ’ ן, האָט זי גראַד געהאַט בײַ זיך אַ פּאַציענטקע און האָט פֿלײַסיג געאַרבעט מיט איהר באָהר־מאַשין. די טהיר פֿון וואַרט־צימער אין קאַבינעט איז גע־ווען אָפֿען. פּ אַ ט י האָט אויף מיר אַ קוק געטהאָן האָט מיך אָבער פֿון ערשטען אויגענבליק נישט דערקענט און איז אָנגע־גאַנגען מיט איהר אַרבייט. נאָר באַלד האָט זי ווידער אַ קוק געגעבען אויף מיר, געלאָזט זיצען די פּאַציענטקע, און איז אַרויס־געקומען אין וואַרט־צימער.

דאָס איז ווירקליך אַן אונערוואַרטעטער גאַסט!“ האָט זי אויסגערופען. „ווי קומט איהר אַהער?“

זי האָט באַלד אָפּגעלאָזען די פּאַציענטקע און האָט מיר גע־נומען דערצעהלען וועגען אונזערע פֿריינד. די בעוועגונג, האָט זי דערצעהלט, איז געוואָרען אַ סך ברייטער פֿאַר די צוויי יאָהר זינט איך בין אַוועק, אָבער פֿון איהרע רייד האָב איך פֿערשטאַנען, אַז דער סאָציאַליזם, וואָס האָט זיך גענומען פֿערשפּרייטען צווי־שען די ברייטערע מאַסען, האָט אָנגענומען אַ צו־ענג עקאָנאָמישע פֿאָרם. איך האָב דערפֿיהלט, אַז עס פֿעהלט די אַמאָליגע וואַ־רימקייט, דער אַמאָליגער יוגענטליכער אידעאַליזם. דעם זעלביגען איינדרוק האָב איך אַרויסגעטראָגען פֿון די שמועסען מיט די אַנ־דערע עטליכע חברים, וועלכע פּ אַ ט י האָט געלאָזט וויסען, אַז איך בין געקומען. זיי זיינען באַלד געקומען זיך זעהן מיט מיר און עס האָבען זיך אָנגעהויבען די אַלטע וויכוחים וועגען פּראָגראַם פֿראַגעס. אָבער אין אונערע וויכוחים האָט געפֿעלט די אַמאָליגע פֿריינדליכע גוטמוטיגקייט. עס האָט זיך שוין דעמאָלט גענומען פֿיהלען די אונטאָלעראַנץ, וועלכע איז שפּעטער, ביי די בונדיסטען און ביי די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבען אָנגעהויבען צו בעטראַכטען די סאָציאַליסטען פֿון אַלע אַנדערע ריכטונגען פֿאַר שעדליך און געקוקט אויף זיי ווי אויף פֿיינד. עס האָט מיר אַלע מאָל וועה געטהאָן ווען איך האָב ביי די אָנהענגערס פֿון אַ גרויסער ראַציאָנאַליסטישער אידעע געפֿונען דעם זעלביגען פֿאַנאַטיזם ווי ביי רעליגיעזע סעקטען, דעם פֿאַנאַטיזם, וואָס מאַכט זיי צו פֿערגעסען די געמיינזאַמקייט פֿון די גרונד־פּרינציפּען צוליעב מיינונגס־פֿערשיעדענהייטען וועל־

כע זיינען, אין תוך, גאָר נישט אזוי וויכטיג. עס איז פאַר מיר געווען דאָפּעלט־פּיינליך צו פיהלען דעם דאָזיגען גייסט פון אונ־טאָלעראַנץ צווישען מיינע פריינד און חברים, מיט וועלכע איך האָב יאָהרענלאַנג געאַרבייט צוזאַמען אין דער בעוועגונג. דאָס האָט אריינגעבראַכט אַ קאַלטקייט אפילו אין אונזערע פּערזענליכע בעציהונגען.

אין אָווענד האָב איך אויפגעזוכט עטליכע פון מיינע אמאָ־ליגע תּלמידים פון די אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך דערפרעהט מיט מיין בעזוך. אייניגע פון זיי האָבען זיך פאַר מיר בעקלאָגט, אַז עס פעלט זיי די וואַרימקייט, וואָס האָט פריהער געהערשט צווישען די חברים, און אַז די בעוועגונג איז געוואָרען „צו טרו־קען". מיט עטליכע יאָהר שפּעטער איז פון דער דאָזיגער אונ־צופרידענהייט אויסגעוואַקסען די זאָגענאַנטע „אָפּאָזיציע" וואָס האָט שיער נישט געפיהרט צו אַ שפּאַלטונג אין „בונד".

פון די חברים האָב איך זיך דערוואוסט, אַז י א ק אָ ו ו וויטקינד איז געקומען אהיים פון מאָסקווע, וואו מען האָט איהם ארויסגעטריבען פון אוניווערזיטעט צוזאַמען מיט פיעלע אַנדערע סטודענטען, וואָס האָבען אַראַנזשירט אַ דעמאָנס־טראַטיווע „פּ א נ י ח י ד א" (גאָטעס־דיענסט) נאָך דעם טויט פון דעם ראַדיקאַלען שרייבער ש ע ל ג ו נ א ָ ו. איך האָב זיך זעהר געוואָלט זעהן מיט מיין יוגענד־פריינד און בין שפּעט אין אָווענד אַוועק צו די וויטקינדס. ביי יאַקאָוו'ן אין צימער האָב איך געטראָפען זיין שוועסטער עווא'ן. ווען איך בין אריין, האָט זי איהם געהאַלטען אין דערצעהלען, אַז זי האָט בייטאָג בע־געגענט אין גאַס אַ יונגען מאַן וואָס איז געווען זעהר עהנליך צו מיר. איך האָב געמוזט מודה זיין, אַז איך האָב זי טאַקע גע־זעהען און האָב זיך ענטשולדיגט פאַר מאַכען זיך כלא ידע. יאַ־קאָוו האָט מיר דערצעהלט, אַז ער און אַ פּאָאַר אַנדערע פריינד פון דער ראַדיקאַלער יוגענד שטעהען פון וויטען פון דער ווילנער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, ווייל די נייע אַטמאָספערע אין דער בעוועגונג איז זיי נישט צום הארצען.

די וויטקינדס האָבען מיך איינגעלאַדען איבערצונעכטיגען ביי זיי און איך האָב גערן אָנגענומען די איינלאַדונג. מיר האָט

זיך נישט געוואָלט געהן אין אַ האָטעל, וואו איך וואָלט דאַרפען מעלדען מיין פּאַס, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז די פּאָליציי קען אַמאָל האָבען אַ גוטען זכרון און איהר קאָן נאָך חלילה איינ־פאַלען אַז מ ע נ ד ע ל ד ע ר ט ע ר ק און מענדעל ראָזענ־באום פון פליעשצעניץ איז איין און דערזעלביגער פּאַרשוין.

אויף מאָרגען האָב איך בעזוכט מיינע בעליעבטע פּלעצער אין דער אומגעבונג פון ווילנא, ארומגעוואַנדערט אויף די ברעגען פון דער ו ו י ל י י ע, און אַרויפגעקלעטערט אויפ׳ן ש ל אָ ס־ב אַ ר ג, פון וועלכען עס עפענט זיך אַ שעהנע אויסזיכט אויף דער גאַנצער שטאָדט. נאָך די מאַלערישע ברייטע אויסזיכטען, וואָס איך האָב אַפט בעוואונדערט פון די שפּיצען פון די אַלפּען־בערג אין בערנער אָבערלאַנד, האָט די פּאַנאָראַמע פון ווילנער שלאָסבאַרג אויסגעזעהען קליין און אָרים. אָבער אַלץ אַרום איז גע־ווען אזוי היימיש און איינגעבאַקען אין האַרצען, אַז עס האָט זיך נישט געוואָלט אוועקגעהן פון דאָרטען.

געהענדיג צוריק פון באַרג בין איך פערבייגעגאַנגען דעם „פערצעהנטען נומער״ — אזוי האָט מען גערופען — פאַר וואָס ווייס איך נישט — די ווילנער טורמע פאַר פּאָליטישע אַרעס־טאַנטען. אויפ׳ן אויבערשטען עטאַזש פון געפענגנים האָב איך דער־זעהען אַ יונגען מאַן, וועלכער האָט צוגעדריקט זיין בלייך פּנים האַרט צו די גראַטעס פון פענסטער. דרויסען, אונטער׳ן פענסטער, איז געשטאַנען אַ יונג מיידעל און אַרויפגערעדט צו איהם. דער סאָלדאַט אויף דער וואַך איז אַרומגעגאַנגען מיט זיין ביקס אויפ׳ן אַקסעל און האָט זיי נישט געשטערט. עס האָט זיך געוואָלט רעדען צו דעם אַרעסטירטען, אָבער איך בין געווען פאָרזיכטיג און האָב זיך באַגוגענט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל. איך האָב דערביי אַ טראַכט געטהו׳ן, אַז אויב איך וועל פערבלייבען לענגער אין ווילנא, וואו אזוי פיעל מענשען האָבען מיך געקענט, קאָן איך גאַנץ גרינג ווערען אַ שכן פון דעם בלייכען יונגען מאַן. איך האָב בעשלאָסען אָבצופאָהרען וואָס גיכער.

איך בין אוועק אויפ׳ן וואָקזאַל, אַרויסגענומען פון באַגאַזש איינעם פון מיינע טשעמאָדאַנעס, און איהם געבראַכט צו פאַטי׳ן, ביי איהר אין קאַבינעט האָב איך אויסגעשניטען דעם אינווייניגס־

טען טאָוועל, און די ביכער און צייטונגען, וואָס האָבען זיך מיט מיר צוזאַמען גע׳גנב׳עט איבער׳ן גרענעץ און וואָס האָבען דערנאָך אָבגעשמאַכט דריי וואָכען אין דעם פינסטערען קעלער פון װלאַדיסלאָװאָװער טאַמאָזשניע, זיינען ארויס צוריק אויף דער ליכטיגער וועלט. מיט ליעבע און פרייד האָב איך געקוקט אויף די ביכער, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען לעבעדיגע פריינד וואָס האָבען דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט מיר א לאַנגע, געפעהר־ליכע נסיעה. מיט צערטליכקייט האָב איך אויסגעגלעט זייערע צוקנייטשטע בלעטער און צולייגט זיי אין גלייכע בעקוועמע קופּקעלעך.

איך האָב זיך אָבגעזעגענט מיט פ א ט י ׳ ן און בין אוועק מיט די איבעריגע דריי טשעמאָדאַנעס אין ר אָ ס ט אָ ו ו אויפ׳ן ד אָ ן .

## ניינטער קאַפּיטעל.

אין ראַסטאָוו. — קאַזין. — די אידעאַליזירונג פון רוסישען פּויער און ארבייטער. — אונטערשעצונג פון דעם אידען.

ווי איך האָב שוין פריהער דערמאָנט האָבען מיר, סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, נאָך צו יענער צייט נישט געהאַט קיין פערבינדונגען מיט רוסלאַנד. מיינע אַמאָליגע חברים אין ווילנא זענען אַלע געווען אויסגעשפּראָכענע מאַרקסיסטען און איך האָב דאָרט נישט געפונען קיינעם, וואָס זאָל סימפּאַטיזירען מיט אונזערע אַנשויאונגען. מיינע ווילנער פריינד האָבען איינגעוויליגט צו נעהמען אַ קליינעם טייל פון די ליטעראַטור, וואָס איך האָב געבראַכט, און האָבען זיך נישט אָבגעזאָגט צו פערשפּרייטען אונזער צייטונג „רוסקי ראַבאָטשי", אין וועלכער מיר האָבען געגעבען פּאָפּולערע ארטיקלען וועגען די אַלגעמיינע פּרינציפּען פון סאָציאַליזם און וועגען דער נויטווענדיגקייט פון פּאָליטישער פרייהייט פאַר רוסלאַנד, נישט אָבשטעלענדיג זיך אויף די איינצעלהייטען פון אונזער פּראָגראַם און נישט בעריהרענדיג דעם חילוק צווישען אונז און די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. פון אונזערע פּראָקלאַמאַציעס האָב איך אין ווילנא איבערגעלאָזט בלויז אַ קליינע צאָהל עקזעמפּלירען, ווייל מיינע פריינד האָבען געפיהרט זייער אגיטאַציע אויסשליסליך צווישען די אידישע בעלי־מלאָכות און האָבען נישט געהאַט קיינע פערבינדונגען מיט דעם רוסישען פּויער און דעם רוסישען פאַבריק־ארבייטער. איך האָב געהאַלטען פאַר וויכטיגער, אַז אונזער ליטעראַטור זאָל זיך פערשפּרייטען אין די רוסישע פאַבריק־צענטערען, האָפענדיג, אַז פון דאָרט וועלען אונזערע אידעען אריינגעבראַכט ווערען אין די ארומיגע דערפער, פון וואַנען פיעלע פון די פּוערים קומען יעדען ווינטער ארבייטען אויף די זאַוואָדען און פאַבריקען און פאָהרען צוריק אַ היים אין פריהלינג, ווען עס הויבט זיך אָן די ארבייט ביי זיי אויף די פעלדער.

ווי בעוואוסט, איז ראָסטאָוו־אויף־דאָן איינער פון די וויכ־טיגסטע אינדוסטריעלע צענטערן אין מיטען פון דעם דרום־רו־סישען קויהלען־ראיאָן. די פאַבריקען און אייזען־גיסערייען פון ראָסטאָוו בעשעפטיגען פיעלע טויזענדער ארבייטער. איך האָב גע־האַט אַ רעקאָמענדאַציע צו איינעם פון די ראָסטאָווער סאָציאַליס־טען, וועלכער איז, ווי מען האָט מיר געזאָגט, געוועז טהעטיג צווישען דער שטודירענדער יוגענד און אויך געהאַט פערבינדונ־גען מיט איניגע פון די פאַבריק־ארבייטער. איוואַן קאָזין — דאָס איז געוועזן זיין נאָמען — האָט דעמאָלט געהאַט עפּעס אַ שטעלע אין ראָסטאָווער שטאָדט־דומע.

איך בין געקומען אין ראָסטאָוו ארום מיטאָג־צייט און בין גלייך אַוועק צו קאָזינ׳ען. איך האָב איהם אָבער נישט געטראָפען אין דער היים. זיינער אַ איינגערער ברודער, אַ שילער פון רעאַל־שולע האָט מיך געבעטען, איך זאָל אויפוואַרטען. איך האָב זיך פערגאַנדערגערעדט מיט דעם רעאַליסט און פון עטליכע פון זיינע בעמערקונגען האָב איך גלייך געזעהן, אַז ער האָט אויך געהערט צו די רעוואָלוציאָנערע קרייזען. ער האָט געוואוסט, אַז זיין ברודער וואַרט אויף אַ גאַסט פון דער שווייץ. ווען איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך קום טאַקע פון דאָרטען, האָט ער מיט מיר געגומען אָפען ריידען וועגען דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין ראָסטאָוו. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז דערווייל האָבען זיי נאָך ווייניג אָנהענ־גערס — איינצעלנע אַ דריי־פיער גרופּעס — צווישען דער שטו־דירענדער יוגענד און בלויז איינצעלנע פערזאָנען צווישען די אר־בייטער.

אנדרעי קאָזין האָט זיך אויסגעוויזען צו זיין אַ גאַנץ פעהיגער און ענערגישער יונג. ער האָט אָבער געמאַכט אויף מיר דעם איינ־דרוק פון אַ לייכטזיניגען יונגענמאַן, פון יענעם סאָרט בחורים, וואָס געהען צופעליג אריין אין דער בעוועגונג און וועמעס בע־גייסטערונג עס פערשווינדעט געוועהנליך ווען די ערשטע יוגענד־יאָהרען געהען פערביי און זיי ווערען „פּראַקטישער“ און פאָר־זיכטיגער.

אין אַ פּאָר שטונדען ארום איז געקומען איוואַן קאָזין, אין דער בעגלייטונג פון אַ יונג, שעהן מיידעל מיט אַ לאַנגען בלאָנדען

צאָפּ און גראָהע אויגען — אַ טיפּישע טאָכטער פון אַ רוסישען קויפמאַן. ער האָט זי פאַר מיר פאָרגעשטעלט אלס זיין כלה. ווען איך האָב איהם דערצעהלט וועגען וואָס איך בין געקומען, האָב איך בעמערקט, אַז מיין בעזוך איז איהם נישט זעהר אַנגענעהם. ער האָט זיך בעקלאָגט, אַז עס איז אין ראַסטאָוו נישטאָ מיט וועמען צו אַרבייטען, אַז די עלטערע ראַדיקאַלען זענען טרוסען, אַז די אַרבייטער שכור'ען און אַזוי ווייטער. איך האָב פערבראַכט מיט קאַזינ'ען אַ פּאָר שטונדען און האָב אַרויסגעטראָגען דעם איינדרוק, אַז ער שטעהט אָפּ פון דער בעוועגונג.

קאַזין האָט פונדעסטוועגען אַריבערגעשיקט זיין ברודער אויפ'ן וואָקזאַל נאָך מיינע זאַכען און גענומען ביי מיר אַ טייל פון די ביכער, צייטונגען און פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע ער האָט גלייך אָבגעשיקט צו זיינעם אַ פריינד. קאַזין האָט בעהויפּטעט, אַז די פּאָליציי האָט אויף איהם אַ חשד און אַז דעריבער קאָן ער ביי זיך די ליטעראַטור נישט האַלטען. צוליעב דער זעלביגער אורזאַך האָט ער אויך נישט געוואָלט, אַז איך זאָל ביי איהם נעכטיגען און ער האָט מיר פאָרגעשלאָגען צו שטעהן איבער נאַכט ביי זיינעם אַ בעקענטען פאַבריק־אַרבייטער. איך האָב מיט פערגניגען אָנגענומען דעם פאָרשלאַג. פריהער האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געהאַט די זכיה צו זעהען פּנים אל פּנים אַן עכט־רוסישען אַרבייטער. דעם רוסישען פאַבריק־אַרבייטער, אַזוי גוט ווי דעם גרויס־רוסישען פּויער, האָב איך געקענט נאָר פון דער ליטעראַטור, און האָב איהם, זעלבסטפערשטענדליך, שטאַרק אידעאַליזירט. איך בין דעריבער געווען זעהר צופרידען מיט דער געלעגענהייט צו בעגעגענען זיך מיט אַ לעבעדיגען עקזעמפּליאַר פון די *אמת'ע קינדער פון רוסישען פאָלק*, וועלכע זענען מיט אַזוי פיעל סימפּאַטיע און ליעבע געשילדערט געוואָרען אין די ווערק פון די רוסישע *נאַראָדניטשעסקע* שרייבערס.

ווען איך אַנאַליזיר איצט מיינע דעמאָלדיגע סימפּאַטיען און געפיהלען מוז איך צוגעבען, אַז דער רוסישער אַרבייטער, מיט וועלכען איך האָב זיך נאָך קיין מאָל פריהער נישט געהאַט בעגעגנעט אין דער ווירקליכקייט, איז מיר געווען אין אַ געוויסען זין, נעהנטער און טייערער איידער דער אידישער אַרבייטער, מיט

וועלכען איך בין אזוי אָפט געקומען אין בעריהרונג אין דער ער־
שטער פעריאָדע פון דער סאָציאַליסטישער פראָפּאָגאַנדע אין וויל־
נא. אין אונזער ערשטער יוגענד, ווען אונזער פאַנטאַזיע ארבייט
אַזוי שטאַרק און דאָס ווירקליכע לעבען איז נאָך פאַר אונז איינ־
געוויקעלט אין אַ גראָהען נעבעל, שפּיעלט די ליטעראַטור אַ גרע־
סערע ראָליע אין דער ענטוויקלונג פון אונזערע געדאַנקען און
געפיהלען, איידער די געשעהענישען פון דעם ווירקליכען לעבען.
דער העלד פון אַ ראָמאַן אָדער ערצעהלונג מאַכט אויף אונז אַ טיי־
פערען איינדרוק און האָט אָפט פאַר אונז אַ מעהר קאָנקרעטע און
אַ מעהר רעאַלע עקזיסטענץ, איידער אַ פּערזאָן, וואָס מיר בע־
געגענען אין דער ווירקליכקייט. עס איז דעריבער גאָר קיין וואונ־
דער נישט, וואָס די דעמאָלדיגע אידישע יוגענד, וועלכע איז ער־
צויגען געוואָרען אויף דער רוסישער ליטעראַטור, האָט זיך גע־
פיהלט — אָדער ווייניגסטען געמיינט, אַז זי האָט זיך געפיהלט —
נעהנטער צום רוסישען פאָלק, איידער אַפילו צו איהרע אייגענע
ברידער.

ערשט שפּעטער, ווען מיר ווערען עלטער ווען אונזערע געדאַנ־
קען און געפיהלען נעמען אָן קאָנקרעטע און מעהר בעשטימטע
פאָרמען, ווען מיר געהען איבער פון די מעהר אָדער ווייניגער אונ־
קלאָרע אַלגעמיינהייטען צו דעפיניטיווע רעאַליטעטען, ערשט דע־
מאָלט שווימען אַרויס אין אונזער נשמה אונזערע טיפערע אינ־
דיווידועלע אייגענשאַפטען, עס הויבען אָן צו וויברירען אין אונז
יענע פערבאָרגענע סטרונעס פון אונזער גייסטיגען א י ד, וועל־
כע גיבען אַרויס, צוזאַמען מיט אונער ספּעציפיש־אייגענעם טאָן,
אויך יענע אינטימע קלאַנגען, וואָס כאַראַקטיזירען דעם אייגענ־
טימליכען גייסט פון אַ פאָלק. און וואָס טיעפער און שטאַרקער די
פערזענליכקייט, אַלץ טיעפער און שטאַרקער הויבט זי אָן צו פיהלען
די גייסטיגע קרובה׳שאַפט מיט דער נשמה פון איהר פאָלק.

אין מיטען פון די נײַנציגער יאָהרען בין איך אין מיינע אי־
בערציינגונגען נאָך געווען, ווי כמעט אַלע אידען סאָציאַליסטען פון
יענער צייט, אַן אויסגעשפּראָכענער קאָסמאָפּאָליט, אָבער אין מיינע
געפיהלען און סימפּאַטיען בין איך געווען אַ רוסישער פּאַטריאָט־
נאַראָדניק. דאָס רוסישע פאָלק איז געווען פאַר מיר ווי עפּעס אַ

נאָהענטער קרוב, וועגן וועלכען איך האָב געהערט אזוי פיעל גוטס אָבער מיט וועלכען איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהאט די געלעגענהייט פערזענליך בעקאַנט צו ווערען. איך האָב דעריבער מיט אונגעדולד ערוואַרט די בעגעגעניש מיט אן עכט רוסישען פאַבריק־אַרבייטער וואָס איז נאָך דערצו, ווי קאָזין האָט מיר גע־זאָגט, געווען אן איבערצייגטער סאָציאַליסט.

איך האָב זיך דאָ אָבגעשטעלט באריכות אויף מיינע דעמאָל־דיגע געפיהלען, ווייל זיי כאַראַקטעריזירען די פּסיכאָלאָגיע פון דאָס רוב אידישע סאָציאַליסטישע טוערס פון יענער פעריאָדע. מיר האָבען שוין דעמאָלט געהאט „ענטדעקט" די עקזיסטענץ פון א אידישען אַרבייטער־קלאַס און האָבען שוין מעהר ניט בעט־ראַכט דאָס אידישע פאָלק פאַר א פאָלק פון לויטער הענדלערס און עקספּלואַטאַטאָרס, ווי דאָס רוב ראַדיקאַלען און סאָציאַליסטען פון די פריהערדיגע עפּאָכעס האָבען עס געטהאָן.

ווי בעוואוסט, איז די פאַלשע מיינונג וועגען דעם בורזשו־אַזען כאַראַקטער פון גאַנצען אידענטום געווען שטאַרק פער־שפּרייט צווישען די נאַראָדניקעס און רעוואָלוציאָנערען אין די זי־בעציגער און אכציגער יאָהרען. עס איז מערקווירדיג, אז די אידי־שע מיטגליעדער פון דער נ אַ ר אָ ד נ אַ י אַ  וואָליא האָ־בען ניט נאָר נ י ט געקעמפּט געגען דער דאָזיגער מיינונג, נאָר האָבען אליין געגלויבט אין איהר ריכטיגקייט. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז אין אָנהויב פון די אכציגער יאָהרען האָבען אייניגע פון די אידען־נאַראָדאָוואָלצעס בעטראַכט פּאָגראָמען פאַר רעוואָ־לוציאָנערע געשעהעניששען, גלויבענדיג, אז די פּאָגראָמען אויף אידען וועלען זיך פאַנאַנדערוואַקסען אין אן אלגעמיינעם אופ־שטאַנד אנטקעגען אלע אונטערדריקערס און עקספּלואַטאַטאָרס. די דאָזיגע טרויעריגע, כמעט אונגלויבליכע, ערשיינונג איז בע־וויזען דורך דאָקומענטען פון יענער פעריאָדע.

די דאָזיגע בעציהונג צו פּאָגראָמען ווי צו א רעוואָלוציאָנערער ערשיינונג, איז געווען א פּועל יוצא ניט בלויז פון דעם פאַלשען קוק אויף אידען ווי אויף א פאָלק פון פּאַראַזיטען, נאָר אויך פון דעם אלגעמיינעם קוק אויף  ב ו נ ט ע ן  ווי אויף א  ס ט י כ י־ ש ע ן  אויסברוך פון דעם רעוואָלוציאָנערען פאָלקס־גייסט. די

מיינונג אַז דאָס רוסישע פאָלק איז אונבעוואוסטזיניג רעוואָלוציאָנער און אַז די גרויסע סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט זיך אָנהויבען דורך אַ רייהע סטיכישע בונטען פון פויערטום און פון שטאָדטישען פראָלעטאריאַט, האָבען די סאָציאַליסטען פון אָנהויב פון די אכציגער יאָהרען איבערגענומען בירושה פון די באַקוניסטען.

דער דאָזיגער בונטאַרסקער שטאַנדפונקט איז אינגאַנצען פערשוואונדען אין די נײַנציגער יאָהרען. אין דער זעלביגער צייט האָט זיך אויך געביטען די שטעלונג פון די סאָציאַליסטישע טוערס צום אידישען פאָלק. אָבער ביי זיי איז נאָך פערבליבען אַ טייל פון די אנזיכטען פון די רוסישע נאַראָדניקעס און אַ געוויסע אידעאַליזירונג בנוגע צו דעם רוסישען פּראָסטען נאַראָד. אין דעם דאָזיגען המון האָבען זיי נאָך געזעהן דעם שלאָפענדען רעוואָלוציאָנערען „באָגאַטיר" וועלכער וועט איינפיהרען אמת און גערעכטיגקייט אין לאַנד ווי נאָר ער וועט ערוואכען פון זיין שלאָף.

מיט אַ געפיהל פון עהרפורכט בין איך אוועק אין דער בעגלייטונג פון אנדרעי קאָזין צו בעגעגענען איינעם פון די ערוואכטע רוסישע „ריעזען".

## צעהנטער קאַפּיטעל

ביי פּאַוועל'ען. — זיין שוועגעריז נאַסטיאַ. — זיין מוטער און שוועסטער. — „פּאַביאַלאַ". — ביי לייבאָוויטש'ען. — זיין מוטער.

א לאַנגע צייט בין איך געגאַנגען מיט אַנדרעי קאַזינ'ען איבער די גאַסען פון ראָסטאָוו ביז מיר זיינען געקומען צום עק שטאָדט און זיינען אריין אין אַ שמאָל געסעל. עס איז געווען אַ וואָלקענדיגע נאַכט און אין געסעל איז געווען זעהר פינסטער. מיר האָבען זיך ענדליך אָבגעשטעלט ביי אַ קליין שטיבעל. אַנדרעי האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר, און מיר זיינען אריין אין הויז. ביים טיש, אויף וועלכען ס'האָט געברענט אַ לאָמפּ מיט אַ גרינעם אַבאַזשור, איז איבער אַ דיקען ספר געזעסען אַ קליין בחור'על מיט בלאָנדע געגרייזעלטע האָר. ער האָט זיך אויפגעהויבען און מיר געגעבען אַ ווארימען שלום עליכם ווי אַן אַלטען פריינד. אַנדרעי האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס „אַ חבר פון דער שווייץ."

„מיין נאָמען איז פּאַוועל", — האָט דאָס בחור'על צו מיר געזאָגט. ער האָט געקוקט אַ ביסעל שעמעוודיג, מיט אַ פּאָר בלאָהע קינדערשע אויגען. איך בין געווען ענטטוישט. איך האָב ערוואַרט צו זעהן אַ הויכען כוואַטסקען יונג, פול מיט פיזישער ענערגיע, אַ טיפּישען וועליקאַראָס. אַנשטאַט דעם האָב איך געפונען אַ בלייכען, דאַרען בחור, מעהר ענהליך צו אַ אינגעל אַן עילוי איידער צו אַ רוסאַק אַ פאַבריק ארבייטער.

קאַזין האָט זיך באַלד אָבגעזעגענט. מיר זיינען געבליבען אַליין.

„גוט וואָס איהר זענט געקומען", — האָט פּאַוועל זיך גע־ווענדעט צו מיר. — „איך לייען איצט קאַרל מאַרקס" „קאַ־פּיטאַל" און האָב זיך גראָד איצט געבראָכען דעם קאָפּ אויף אַ

קאַפּיטעל, וואָס איך קאָן בשום אופן נישט בייקומען. איך וועל אייך בעטען מיר צו ערקלערען דעם הארבען ענין. נאָר פריהער וועלען מיר עסען וועטשערע.

באלד איז אריין פון קיך פּאוועל׳ס מוטער, א הויכע שלאַנקע פרוי, זעהר ריין געקליידעט, מיט א קלוגען, נאָך גאַנץ יונגען פּנים.

„א גאסט פון אויסלאַנד!" — האָט פּאוועל מיך פאָרגע־שטעלט, „איינער פון אונזערע". איך האָב גלייך געזעהן, אז ער האָט נישט קיין סודות פון זיין מוטער און אז זי סימפּאַ־טיזירט מיט איהר זוהנ׳ס אידעען.

אויפ׳ן טיש, געדעקט מיט א קלאָרען טישטוך פון גראָבען לייווענט, האָט זיך באלד באוויזען א פלעשעלע שנאַפּס, ברויט מיט פּוטער און א פּאָאר הערינג. דער סאַמאָוואר האָט געזונגען דאָס וואַרימע מאָנאָטאָנע ליעדעל פון רוסישער גאַסטפריינד־ליכקייט.

„נאסטיא, קום עסען וועטשערע!" — האָט די באַלע־באָסטע א רוף געטהון.

פון א זייטיגען צימער איז אריין א יונג ווייבעל. איהר געזיכט איז געווען זעהר בלייך און איהרע גראָהע אויגען האָבען געקוקט מיט א טיעפען אומעט. זי האָט זיך שטארק צוהוסט, מיט א טרוקענעם שווינדזיכטיגען הוסט.

„דאָס איז מיין שוועגערין," — האָט פּאוועל זי פאָרגע־שטעלט, — „איהר מאַן איז מיינער אַן עלטערער ברודער. ער דיענט אין סאָלדאַטען אין וואַרשע."

נאסטיא האָט געמאַכט א שווערען איינדרוק. מען האָט גלייך געקענט זעהן, אז זי וועט שוין לאַנג נישט ציהען. עס האָט זיך געפיהלט, ווי דער שווארצער פליגעל פון טויט וואָלט זיך אויסגעשפּרייט איבער׳ן צימער. זי האָט זיך געזעצט צום טיש. דער האָפנונגסלאָזער טרויער פון איהרע אויגען האָט פערנומען ביים הארצען.

פּאוועל האָט מיך גענומען פאַנאַנדערפרעגען וועגען דער שווייץ און צווישען אונז האָט זיך אָנגעהויבען א לעבהאַפטער געשפּרעך. איך האָב איהם דערצעהלט וועגען דעם „פערבאַנד

פון די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען" און איהם ערקלעהרט אונזער פּראָגראַם. ער האָט ארויסגעצייגט אַ שאַרפען קריטישען פערשטאַנד און אַ בעקאַנטשאַפט מיט פראַגען פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. די ווייבער האָבען זיך נישט געמישט אין אונזער שמועס, אָבער פון דער אויפמערקזאַמקייט מיט וועלכער זיי האָבען זיך צוגעהערט צו אונזער געשפּרעך האָט מען גע־קאָנט זעהן, אַז דער ענין איז זיי נישט געווען גאַנץ פרעמד. פּאַוועל׳ס מוטער האָט אויסגעוויזען צו זיין זעהר שטאָלץ מיט איהר „געלערענטען" זוהן.

אונזער געשפּרעך איז אויף אַ ווײַלע איבערגעריסען געוואָרען פון אַ יונג מײדעל וואָס איז האַסטיג אַריין אין הויז. דאָס מײ־דעל, קאָקעטיש געקליידעט, מיט פּודער און פאַרב אויף די באַקען, איז געווען פּאַוועל׳ס אינגסטע שוועסטער. זי האָט געזאָגט אַז זי האָט שוין געגעסען וועטשערע און אַז זי געהט אין טעאַטער. זי האָט אויך געאַרבייט אין אַ פאַבריק, אָבער פון דער בעוועגונג איז זי געווען זעהר ווייט. זי האָט זיך אַ דרעה געטהאָן פאַר׳ן שפּיגעל, פאַרריכט עפּעס אין איהר טואַלעט און איז גלייך אַרויס פון הויז. די מוטער האָט שווער אַ זיפץ געטהאָן און געזאָגט צו מיר:

„זי איז פּונקט דער היפוך פון איהר ברודער: ער זיצט איבער ביכער ביז שפּעט אין דער נאַכט און איך קאָן זיך ביי איהם נישט איינבעטען ער זאָל שאַנעווען זיין געזונט און געהן פריהער שלאָ־פען; זי וואָלט נאָר ארומגעלאָפען און וויל אפילו נישט אַריינ־קוקען אין אַ ביכעל."

„זיצט נישט צו שפּעט", — האָט די מוטער זיך געווענדעט צו פּאַוועל׳ן, — „מאָרגען נישט, דו דאַרפסט געהן פריה צו דער אַרבייט".

זי האָט מיר אויסגעבעט אַ בעקוועם געלעגער אויף דער סאָפע און איז מיט נאַסטיא׳ן אוועק צו זיך אין חדר.

איך האָב דורגעלייענט מיט פּאַוועל׳ן די הארבע סוגיה אין מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל" און דערנאָך האָבען מיר פערבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אויף מאָרגען איז פּאַוועל גאַנץ פריה אוועק צו דער אַרבייט.

נאַסטיא האָט זיך פאַר מיר בעקלאָגט, אַ איהר איז זעהר אומעטיג. „ארבייטען האָב איך קיין כח נישט“, — האָט זי געזאָגט, — „פאַוועל איז אימער פערטיעפט אין זיינע ביכער און רעדט אפילו נישט קיינמאָל מיט מיר. אָט אַזוי זיץ איך גאַנצענע טעג און טראַכט וועגען מיין פינסטערער מערכה. עס איז ביטער צו זיין קראַנק און איינזאַם“.

איך בין אַרויס און געקויפט פאַר איהר עטליכע ביכלעך פון „פּאָסרעדניק'ס“ פאָלקס־אויסגאַבען. זי איז געוועזן זעהר צו־פריעדען מיט מיין מתנה. איך האָב איהר דורכגעלייענט איינס פון די ביכלעך. דאָס איז געוועזן „פאַביאָלאַ“, אַ מעשה וועגען די פערפאָלגונגען פון די ערשטע קריסטען אין רוים. נאַסטיא האָט געוויינט ווי אַ קינד הערענדיג די ריהרענדע געשיכטע. מיר האָבען זיך צוזעגענט ווי אַלטע פריינד. ווען איך בין, אַ יאָהר שפּעטער, ווידער געקומען אין ראָסטאָוו, איז נאַסטיא שוין געוועזן טויט. מען האָט מיר דערצעהלט, אַז זי פלעגט מיך אָפט דערמאָנען מיט דאַנקבאַרקייט פאַר די ביכלעך וואָס איך האָב איהר געגעבען און פאַר דער ביסעל סימפּאַטיע וואָס איך האָב אַרויסגעוויזען. עטליכע־און־צוואַנציג יאָהר זיינען אַוועק זינט יענער צייט. דער שנעלער שטראָם פון לעבען האָט פיעלעס אָבגעוואַשען פון מיין זכרון. אָבער דער טיעפער טרויער פון נאַסטיא'ס אויגען פילט נאָך אימער אָן מיין הארץ מיט פריינדליכען רחמנות, ווען איך דערמאָן זיך וועגען איהר.

מיט די רעזולטאַטען פון מיין בעזוך אין ראָסטאָוו בין איך נישט געוועזן צופרידען. פון קאַזין'ען האָב איך נישט געקענט ערוואַרטען קיין וויכטיגע הילף פאַר אונזער פערבאַנד. אויף פאַוועל'ן האָב איך אויך נישט געלעגט קיין גרויסע האָפנונגען. ער האָט נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פעהיגען אַגיטאַטאָר: עס האָט איהם מעהר געצויגען צו ביכער איידער צו לעבעדיגע מענשען און צו דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איינער פון מיינע בעקאַנטע, ל י י ב אָ ו ו י ט ש, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט מיט די סאָ־ציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען ווען ער האָט שטודירט אויף אינ־זשעניער אין אויסלאַנד, איז אַ ראָסטאָווער, און איך האָב בע־

שלאָסען איהם אויפזוכען. איך האָב אויסגעפונען זיין אדרעס אין „אדרעסני סטאָל“ און בין צו איהם אוועק. ער האָט געוואוינט צוזאמען מיט זיינע עלטערען און געהאַט א שטעלע אלס אינזשע־ניער אין אן אייזען־פאבריק. מיט לייבאָוויטש׳ן בין איך געווען בעקאַנט בלויז פון ווייטען. איך האָב זיך מיט איהם געהאַט בע־געגענט עטליכע מאָל אין דער שווייץ, ער האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א „זיידענעם יונגען מאַן“, פון אן אידעלען באַלע־באַטישען בחור מיט א גוט הארץ און א ווייכען כאראקטער, אָבער אָהן רעוואָלוציאָנערען טעמפעראמענט און איניציאטיווע. ראָך האָב איך גערעכענט, אז ער מוז זיין בעקאַנט מיט די ראָסטאָווער סאָציאַליסטישע טהוערס און אז ער קען מיר זיין ניצליך.

איך בין געקומען צו לייבאָוויטש׳ן מיטאָג־צייט און זיין מוטער א קרענקליכע פרוי מיט א פערזאָרגט פנים, האָט מיר געזאָגט, אז ער דאַרף באַלד קומען פון זאַוואָד אויף מיטאָג. זי האָט גע־קוקט אויף מיר מיט עפּעס א פערדאַכט און מיך געפרעגט וועגען וואָס איך בין געקומען. איך האָב איהר געזאָגט, אז איך קען איהר זוהן פון אויסלאַנד און אז איך האָב איהם געבראַכט א גערוס פון זיינע פריינד. לייבאָוויטש איז איינגיכען געקומען און מיך איינגע־לאַדען צו זיך אין צימער. ווען איך האָב איהם דערצעהלט, אז איך בין געקומען מיט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און אז איך זוך מענשען וואָס זאָלען קענען אונז העלפען אין רוסלאַנד אין אונזער ארבייט, האָב איך בעמערקט, אז ער פיהלט זיך אין א פערלע־גענהייט.

„איך וועל אייך זאָגען דעם אמת“, — האָט ער מיר געזאָגט פערשעהמט, — „איך שטעה ווייט פון דער בעוועגונג. ערשטענס בין איך שטאַרק פערנומען, צווייטענס האָב איך פשוט מורא צו נעהמען אויף זיך די ריזיקע, ווייל איך בין כמעט דער איינציגער פערדיענער אין אונזער פאמיליע און אז מען זאָל מיך ארעסטירען וועלען מיינע עלטערען בלייבען אָהן חיונה. פאַר זיך אליין וואָלט מיך נישט געארט, אָבער צוליעב די עלטערען מוז איך זיין פאַר־זיכטיג“.

לייבאָוויטש האָט זיך געפיהלט אזוי ווי ער וואָלט עפּעס גע־

ווען שולדיג געגען מיר, און מיר איז געווען אויף איהם א גרויסער רחמנות. מען האָט געקאָנט זעהן, אז ער געברויכט נישט די לאָגע פון זיינע עלטערען בלויז אלס א תירוץ און אז ער פיהלט זיך באמת שלעכט דערפון וואָס ער נעהמט נישט קיין אנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. איך האָב זיך בעמיהט צו ערקלעהרען איהם, אז איך פערשטעה זיין לאָגע און אז איך מאך איהם נישט קיין פאָרווירפע. איך האָב זיך געוואָלט מיט איהם אָבזעגענען, נאָר ער האָט מיך געבעטען אויפוואַרטען ביז אָווענד, פיעלייכט וועט ער דאָך געפינען וועמען פון די ראָסטאָווער סאָציאַליסטען וואָס קאָנען זיין ניצליך פאַר אונזער פערבאַנד.

נאָך מיטאָג איז לייבאָוויטש אוועק צוריק אויפ'ן זאַוואָד און איך בין געבליבען וואַרטען ביי איהם אין צימער.

באלד איז אריין צו מיר לייבאָוויטש'עס מוטער, זי איז געווען זעהר אויפגערעגט און מיט טרעהרען אין די אויגען געזאָגט צו מיר:

„וואָס ווילט איהר האָבען פון מיין זוהן? איך בעט אייך, לאָזט איהם צורוה. איהר מיינט, איך פערשטעה נישט נאָך וואָס איהר זייט געקומען? א מוטער'ס הארץ פיהלט אלעס. טהוט מיר א טובה, שלעפט נישט אריין מיין זוהן אין א געפאַהר".

איך ווייס נישט, צי זי האָט אונטערגעהערט הינטער דער טהיר אונזער געשפרעך, צי זי האָט טאַקע דערפיהלט מיט איהר מוטער־הארץ, אז איך בין געקומען נישט נאָר אָבצוגעבען איהר זוהן א גערוס. יעדענפאַלס איז די סצענע געווען זעהר פיינליך און מיר האָט זיך געוואָלט אוועקגעהען, נישט וואַרטענדיג אויף לייבאָוויטש'ן. עס האָט אָבער נישט געפּאַסט. איך האָב זיך בע־מיהט צו בערוהיגען די צושראָקענע פרוי און האָב זי פערזיכערט, אז איך האָב נישט בדעה צו שלעפּען איהר זוהן אין קיין שום געפאַהר.

איך האָב זיך קוים דערוואַרט ביז לייבאָוויטש איז געקומען. קיין גוטע נייעס האָט ער נישט געבראַכט. ער האָט נישט געפונען קיין איין פּאַסענדע פּערזאָן וואָס זאָל וועלען העלפען אונזער ארבייט.

דעמזעלביגען אָוועגד בין איך אָבגעפאָהרען פון ראָסטאָוו אין פּאָלטאַווע. דאָרט האָב איך געהאַט מעהר ערפאָלג.

## עלפטער קאַפּיטעל

אין פּאָלטאַווע. — דר. וואָלקאָמיטש. — מעבעל. — די טוערס פון זעמסטוואָ. — דר. וואָלקענשטיין. — זיין אַמאָליגע פרוי ליודמילאַ. — אין מינסק. — פּאַוועל בערמאַן.

אין פּאָלטאַווע האָט דעמאָלט געוואוינט דר. וואָלקאָמיטש, אַ פריינדין פון וויעראַ זשיטלאָווסקי. איך האָב זיך מיט איהר עטליכע מאָל בעגעגענט ווען זי האָט שטודירט מעדיצין אין בערנער אוניווערזיטעט. זי האָט סימפּאַטיזירט מיט אונזער ריכטונג, נאָר זי האָט זיך ווייניג געמישט אין רעוואָלוציאָנערע אַנגעלעגענהייטען און האָט זיך געקליבען צו טהאָן אין רוסלאַנד לעגאַלע קולטור־אַרבייט. ווען זי האָט בעקומען איהר דאָקטאָר־דיפּלאָם פון בערנער־אוניווערזיטעט, איז זי גלייך אָבגעפאָהרען אין רוסלאַנד, דאָרט אָבגעגעבען עקזאַמען, און באַזעצט זיך אין איהר געבורטס־שטאָדט, פּאָלטאַווע. דר. וואָקלאָמיטש איז געווען איינע פון יענע שטילע טיכטיגע פרויען וואָס טהוען מעהר איידער זיי ריידען. איך האָב גערעכענט, אַז אויב אפילו זי אַליין שטעהט ווייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט, וועט זי מיך יעדענפאַלס קאָנען צו־נויפפיהרען מיט די פּאָלטאַווער סאָציאַליסטישע טהוערס.

דאָס מאָהל האָבען מיך מיינע האָפנונגען נישט אָבגענאַרט. זי האָט מיך זעהר פריינדליך אויפגענומען און מיר בעקאַנט גע־מאַכט מיט איהרען אַ פריינד, אַ געוויסען מ ע ב ע ל , און מיט נאָך עטליכע פּאָלטאַוועור ראַדיקאַלען. מעבעל האָט דאַמאָלט נאָר וואָס געהאַט געענדיגט דעם פּאָליטעכניקום אין ציריך (יוריעוו), און אָנגענומען אַ שטעלע אין פּאָלטאַווע. ער איז זעלבסטשטענדיג געקומען צו דיזעלבע איבערצייגונגען, אויף וועל־כע מיר, סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען, האָבען געבויט אונזער פּראָגראַם. ער איז געווען זעהר צופרידען צו הערען וועגען אונ־

זער „פערבאַנד“ און האָט צוגעזאָגט אונז צו העלפען מיט וואָס נאָר ער וועט קאָנען. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ זעהר גוטען איינדרוק און ער האָט זיך ווירקליך אַרויסגעצייגט צו זיין אַ גע־זעצטער, צופערלעסיגער מענש. די אַנדערע ראַדיקאַלען, מיט וועל־כע איך האָב זיך בעקענט אין פּאָלטאַווע, זיינען געווען טהעטיג אין דער ז ע מ ס ק ע ר א ו פּ ר א ו ו ע און אין דער שטאָדטישער ד ו מ ע . זיי זיינען געווען איבערצייגטע סאָצי־אַליסטען און האָבען אין זייער יוגענד סימפּאַטיזירט מיט דער פּאַרטיי נ א ר אָ ד נ א י א ו ו אָ ל י א .

ווען איך האָב זיך מיט זיי בעגעגענט, האָבען זיי נישט גע־פיהרט קיין פּלאַנמעסיגע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, נאָר האָ־בען, צוזאַמען מיט די ליבעראַלע עלעמענטען פון דער זעמסטוואָ, אַנגעווענדעט אַלע זייערע כחות אויף צו פערשפּרייטען בילדונג צווישען פּוערים און אַרבייטער און אויף צו פערבעסערען, ווי ווייט מעגליך, זייער לאַגע. זיי זיינען געווען, וואָס מען האָט דאַ־מאָלט אין רוסלאַנד גערופען, „קולטור טרעגער“. זיי האָבען זיך גענומען פאַר לעגאַלע אַרבייט נישט ווייל זיי האָבען אויפגעהערט צו גלויבען אין סאָציאַליזם און אין דער מעגליכקייט פון אַ רעוואָ־לוציאָנערע טהעטיגקייט אין רוסלאַנד, נאָר בלויז ווייל די פּאַרטיי פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ איז געווען צודריקט, און מיט דעם פּראָגראַם פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען זיינען זיי געווען נישט איינפערשטאַנדען. ווען איך האָב זיי ערקלערט די אַנזיכטען פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און בעקאַנט געמאַכט זיי מיט אונזערע פּלענער צו פיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ אין אַלע שיכטען פון פאָלק, ווי אויך מיט אונזער האָפנונג , אַז דער טעראָריסטישער קאַמף געגען דעם אַבסאָלוטיזם וועט איינגיבען ווידער אויפלעבען, האָבען זיי גליך אויסגעדריקט דעם וואונש אונז צו העלפען.

די דאָזיגע טהוערים פון זעמסטוואָ, וועלכע זיינען געשטאַנען אין אָפּטער בעריהרונג מיט דער דאָרפישער בעפעלקערונג, זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די „פּויערשע קעפּ“ זיינען גאָר־נישט אַזוי „גראָב“ ווי פרידריך ענגעלס האָט זיך וועגען זיי אויס־געדריקט, און אַז זיי זיינען פעהיג צו פערשטעהן די אידעע פון

סאָציאַליזם אַזוי גוט ווי דער שטאָדטישער אַרבייטער. די בעצי־הונג פון דעם פּויערטום צום „צאַר־באַטיושקאַ“ האָט זיך, לויט זייער מיינונג, אויך שטאַרק פערענדערט זינט די זיבעציגער יאָה־רען, ווען די פּראָפּאַגאַנדיסטען וואָס זיינען „געגאַנגען אין פאָלק“ האָבען נאָך אָפט בעגעגענט ביי דער בעפעלקערונג דעם גלויבען, אַז דער צאַר בעמיהט זיך מיט אַלע כחות צו פערבעסערען די לאַגע פון די „קרעסטיאַנעס“ און צו געבען זיי מעהר קרקע, נאָר די טשינאָווניקעס און גוטס־בעזיצערס דערלאָזען דאָס נישט. פון דעם דאָזיגען גלויבען אין די גוטע אבזיכטען פון „צאַר־באַטיושקאַ“ האָבען זיי שוין ביי דעם רוסישען פּויער מעהר קיין שפּור נישט געפונען אין די נייינציגער יאָהרען. אין אַלגעמיין האָבען די פּאָל־טאַווער ראַדיקאַלען געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף דעם רוסישען פּויער און האָבען פיעל ערוואַרט פון זיין געזונדטען פערשטאַנד, זיין גלייכען שכל און זיין שטאַרקען געפיהל פון יושר און גערעכ־טיגקייט. ווען איך בין שפּעטער זעלבסט געקומען אין בעריהרונג מיט אייניגע פון די רוסישע „קרעסטיאַנעס“, האָבען זיי אויף מיר אויך געמאַכט דעם זעלביגען גוטען איינדרוק.

די פּאָלטאַווער חברים האָבען צוגענומען כמעט די גאַנצע ליטעראַטור וואָס איז ביי מיר געבליבען. אַ טייל פון די ביכער האָבען זיי גענומען פאַר אַ סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער ביב־ליאָטעק אין פּאָלטאַווע און די איבעריגע ביכער, ווי אויך די פּראָקלאַמאַציעס, האָבען זיי צוגעזאָגט צו פערשפּרייטען אין די אַרומיגע דערפער און שטעדט.

אין פּאָלטאַווע האָב איך זיך דעמאָלט אויך בעגעגענט מיט דר. וואָלקענשטיין, דעם געוועזענעם מאַן פון לודמילאַ וואָלקענ־שטיין, וועלכע האָט אָבגעשמאַכט דרייצעהן יאָהר אין שליסעל־בורגער פעסטונג און האָט שפּעטער בעשריעבען איהר לעבען אין דער בעריהמטער טיורמע אין אַ בראָשורע וואָס דער לאָנדאָנער „פאָנד וואָלנאַי רוסקאַי פּרעסי“ האָט אַרויסגעגעבען. ווען איך האָב זיך בעגעגענט מיט דר. וואָלקענשטיין איז זיין געוועזענע פרוי נאָך געזעסען אין שליסעלבורג און קיינער האָט נישט גע־האָפט, אַז מען זאָל זי פון דאָרט אַרויסלאָזען. דר. וואָלקענשטיין האָט געמאַכט אַ זעלטען גוטען איינדרוק. ער איז געווען אַ מאַן

פון אויסערגעוועהנליכער פיזישער קראפט, פול מיט ענערגיע און לעבען. ער איז געווען נאאיוו ווי א קינד און אן עכט רוסישע גוטמוטיגקייט האָט געשטראהלט פון זיין פרעהליכען רונדען פנים. בלויז איינמאָל ווען ער האָט אין לויף פון געשפּרעך דערמאָנט זיינע אמאָליגע פריינד פון דער נאראָדנאיא וואליא, וועלכע האָבען געשמאכט אין שליסעלבורגער פעסטונג, האָט א וואָלקען פון טרויער בעדעקט זיין געזיכט. לויט זיינע איבערציינגונגען איז ער געווען א טאָלסטאָוועץ. און הגם ער איז אין טעאָריע געווען געגען דעם געברויך פון געוואלד אין פּאָליטישען און עקאָנאָמישען קאמף, האָט ער אָבער אין הארצען דאָך שטארק סימפּאטיזירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג און האָט גערעדט מיט בעגייסטערונג וועגען דעם מוטה פון די סאָציאַליסטישע קעמפּפערס און פון זיין געוועזענער פרוי בפרט. עטליכע יאָהר נאָך איהר ארעסט, נישט האָבענדיג מעהר קיין האָפנונג אויף איהר בעפרייאונג, האָט ער געהייראט מיט א צווייטער פרוי. ווי מען האָט מיר שפּעטער דערצעהלט אין פּאָלטאווע, איז ער געפאָהרען דורך אמעריקא קיין סאכאלין זיך זעהן מיט זיין ערשטער פרוי לודמילא, ווען מען האָט זי בעפרייט פון שליסעלבורג און פערשיקט אויפ'ן ווייטען אינזעל. ווי בעוואוסט, האָט לודמילא וואָלקענשטיין געענדיגט איהר לעבען אויף א טראַגישען אופן אין וולאדיוואָסטאָק, וואו זי איז דערשאָסען געוואָרען אין דער צייט פון אן אויפשטאנד, דאכט זיך אין 1905.

דר. וואָלקענשטיין האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם ברענגען טאָלסטאָי'ס אלע פערבאָטענע ווערק, וואָס זיינען ערשיענען אין אויסלאנד, ווי אויך לאוורא'ס "אָפּיט איסטאָריאי מיסלי" און אנדערע גרעסערע סאָציאליסטישע ווערק. ווען איך בין געקומען אין פּאָלטאווע צום צווייטען מאָל, האָב איך איהם געבראכט די ביכער. ער האָט זיי צושטעלט אויבען־אויף אין זיין ביכער־שראנק, בעמערקענדיג דערביי, אז קיינער, נישט אפילו די רוסישע פּאָליציי, קאָן איהם פערוועהרען צו לעזען בי־כער וואָס ער געפינט פאר ניצליך. ער איז געבליבען דער קאָנסעקווענטער טאָלסטאָוועץ און אלץ, וואָס ער האָט געהאלטען פאר רעכט, האָט ער נישט געוואָלט טהאָן בשתיקה.

איך האָב פערבראכט א זעהר אנגענעהמען אָווענד מיט די נייע חברים אונזערע אין פאָלטאווע. מיר זיינען אלע געווען פול מיט דער האָפנונג, אז אונזער בעוועגונג וועט זיך שנעל פער־שפּרייטען איבער רוסלאנד און אז די סאָציאליסטען־רעוואָלוצי־אָנערען וועלען אינגיכען אויפבויען די מעכטיגע פּארטיי וואָס וועט פערנעהמען דעם פּלאץ פון דער נ א ר אָ ד נ א י א וואָליא.

איך בין אוועק פון פּאָלטאווע מיט א פרעהליך הארץ. ענדליך האָב איך געפיהלט, אז די ערשטע זריעה פון אונזער געדאנק איז פערזייהט אויף׳ן רוסישען באָדען. וואָס מיך האָט אם מעהרסטען געפרעהט איז געווען דער פאקט, וואָס אונזערע ערשטע אָנהענ־גערס זיינען געווען איינגעוואָרצעלט אין דעם פּאָליטישען לעבען פון רוסלאנד, מענשען וואָס האָבען געהאט א שטארקען איינפלוס אויף דער געזעלשאפטליכער טהעטיגקייט און זיינען געשטאנען, אלס טהוערס אין דער זעמסטוואָ, אין נאָהענטער בעריהרונג מיט דער דאָרפישער בעפעלקערונג.

דעם קליינעם טייל ליטעראטור וואָס מיר איז געבליבען האָב איך אוועקגעפיהרט אין מ י נ ס ק און עס איבערגעגעבען אין די הענט פון פּ א ו ו ע ל ב ע ר מ א ן, א יונגער וויל־נער סאָציאליסט, וועלכער האָט דאמאָלס אָנגעפיהרט אן ענער־גישע פּראָפּאגאנדע צווישען די מינסקער אידישע ארבייטער.

## צוועלפטער קאַפּיטעל

ווידער אויפ׳ן גרעניץ. — צו גאַסט ביים לאַטיש. — אַ נאַכט אויפ׳ן היי.

די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור איז צוטיילט געוואָרען אין ווילנע, ראָסטאָוו, פּאָלטאַווע און מינסק. די ערשטע פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד זיינען געוועזן געמאַכט. איך האָב אויסגענוצט ווי ווייט איך האָב געקאָנט, אַלע מיינע בעקאַנטשאַפטען. מעהר האָב איך אין רוסלאַנד דערווייל נישט געקאָנט אויפטאָן. איך האָב זיך גענומען גרייטען צו מיין נסיעה צוריק אין אויסלאַנד.

מיינע טשעמאָדאַנעס, פון וועלכע איך האָב אַרויסגענומען די אינעווייניגסטע טאָוולען און די ליטעראַטור, האָב איך אויסגעקלעפּט מיט טאַפּעטען־פּאַפּיער כדי דער הוילער טאָוועל זאָל נישט דערוועקען קיין חשד אויף דער טאַמאָזשנע, אַז אין זיי איז געוועזן בעהאַלטען קאָנטראַבאַנד. איך האָב אין זיי אַריינגעלעגט אַלע מיינע בעבעבעס און זיי אָבגעשיקט אין בערלין. אַזוי ווי איך האָב זיך געקליבען צו גנב׳ענען די גרענעץ צוריק נאָך אויסלאַנד, האָב איך נישט געוואָלט שלעפּען מיינע זאַכען מיט זיך. איבערלאָזען זיי אין רוסלאַנד, האָב איך אויך נישט געוואָלט, ווייל איך האָב געהאָפּט ווידער צו געברויכען זיי אין גיכען פאַר דעם זעלבען צוועק. מיין גאַנצע גאַרדעראָבע איז נישט ווערט געוועזן דאָס געלד, וואָס עס האָט געקאָסט צו שיקען זיי אין בערלין, אָבער אויב איך וואָלט צו יעדער נסיעה מיינער נאָך רוסלאַנד געדאַרפט קלייבען נייע אַלטע זאַכען, וואָלטען אַלע רוסישע סטודענטען אין בערן געוואָרען סאַנקיולאָטען (בעז־פּליודערניקעס, בלע״ז).

עס איז געוועזן אַ זעלטענער פאַרגעניגען צו זעגענען זיך מיט די פיער טשעמאָדאַנעס וועלכע האָבען מיר אָפט אָבגע־

ריסען די הענט אין מיין לאנגער נסיעה דורך דער שווייץ, דייטשלאנד און רוסלאנד. איבערהויפט האָב איך זיך אָנגעליטען פון זיי אין דייטשלאנד, וואו איך האָב געררייזט פערטע קלאַס, ווייל די אייזענבאהן־טרעגערס האָבען נישט געטאָרט העלפען די פאַסאַזשירען ארייןצונעהמען זייער באגאזש אין א וואגאָן פון פערטען קלאַס, כדי דער עולם זאָל נישט פיהרען מיט זיך צופיעל. דעמאָלט האָב איך ערשט פערשטאַנען ווי קלוג עס זיינען געווען אונזערע חכמים, וועלכע האָבען געזאָגט: „מרבה נכסים מרבה דאגה“.

ווי נאָר איך בין פּטור געוואָרען פון מיינע פיער טשעמאָדאנעס, האָב איך דערפיהלט אזוי ווי צעהן פּוד משא וואָלט אראָבגעפאלען פון מיינע פּלייצעס. איך האָב זיך געפיהלט ווי א פרייער פויגעל. נאָר הגם איך האָב זיך געפיהלט „פויגעלדיג“, האָב איך דאָך נישט געקענט אריבערפליהען דעם גרענעץ צוריק נאָך דייטשלאנד און האָב געמוזט ווידער אָנקומען צו דער הילף פון א קאָנטראבאנדיסט. אנשטאט צו ווענדען זיך צו א קאָנטראבאנדיסט־„קאפּיטאליסט“, וועלכער טהוט אליין גאָרנישט און לאָזט זיך אראָב אין קעשענע דעם גרעסטען טייל פון פּראָפיט, האָב איך דאָס מאָל בעשלאָסען צו געהן דירעקט צום „ארבייטער“, וועלכער איז אין ד ע ם פאל דער אייגענטליכער „פיהרער“.

דער לעזער פון מיינע עראינערונגען געדענקט, האָפענטליך, דעם כוואטסקען לאַטיש, וואס האָט מיך געפיהרט איבער'ן גרענעץ פון שירדווינט נאָך רוסלאנד. ווען ער איז געקומען צו מיר אין וולאדיסלאוואוו'ער „קאָזע“ מיט דעם פאָרשלאג מיר צו העלפען מאכען א ויברח, האָט ער מיר פאנאנדערגעזאָגט וואו איך קאָן איהם געפינען, אויב איך וועל איהם דארפען. אָט דעם דאָזיגען לאַטיש האָב איך בעשלאָסען אויפצוזוכען און דינגען איהם פאר א פ י ה ר ע ר (פּראָוואָדניק) איבער'ן גרענעץ.

הגם איך בין פון וולאדיסלאוואָוו אָבגעפאָהרען אלס א כשר'ער ארץ ישראל־איד מיט א כשר'ען טערקישען פּאַספּאָרט, האָב איך דאָך נישט געהאלטען פאר ראטזאם צו קומען אהין צוריק. איך האָב אפילו געוואוסט, אז ביי ר' אברהם'ען וואָלט

איך געוועזן אַן אָנגעלעגטער גאַסט, אָבער װאָלאָדיסלאַװאָװ איז אַ שטעדטעל וואָס ליגט האַרט ביים גרענעץ און יעדער מענשען קנעפּעל איז דאָרט אימער מוכן ומזומן צו פאָדערען דאָס „ריכטיגע פּאַפּירעל“ פון אַ דורכרייזענדען.

איך בין דאַריבער אַראָב מיט אַ סטאַנציע פריהער, אין װאָלקאָװיסק, און פון דאָרטען געדונגען אַ בעל עגלה, וועלכער האָט מיך צוגעפיהרט צו דעם קליינעם דערפעל, וואו מיין לאַטיש האָט געוואוינט.

דער לאַטיש האָט מיך גלייך דערקענט און מיר אָבגעגעבען אַ ווארימען שלום עליכם. איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך וויל פאָהרען צוריק נאָך אויסלאַנד.

„דאָס לעבען אין רוסלאַנד איז אייך הפּנים נישט געפעלען געוואָרען,“ — האָט ער געזאָגט. —„איך האָב טאַקע גערעכענט, אַז איהר וועט דאָרט לאַנג נישט פערבלייבען. ווער עס האָט איינמאָל פערזוכט אַמעריקא, ציהט איהם שוין אימער אַהין צוריק. וואו זיינען אייערע זאַכען?“

איך האָב איהם געזאָגט, אַז מיינע זאַכען האָב איך שוין אָבגעשיקט און אַז איך בין „יאַק סטאָי“. עס ווייזט אויס, אַז דער לאַטיש האָט אויך גוט געדיינקט די משא פון מיינע טשעמאָדאַנעס און איז געוועזן זעהר צופרידען וואָס ער וועט זיי נישט דאַרפען ווידער שלעפּען אויף די פּלייצעס.

„גוט“, — האָט ער געזאָגט, — אָהן זאַכען וועלען מיר אַריבערשפּאַצירען אין דייטשלאַנד ווי די פּריצים. איך וועל אייך פיהרען אין מיטען העלען טאָג און איהר וועט אפילו נישט וויסען, אַז איהר געהט אַריבער דעם גרענעץ. איך קען דעם גרענעץ ווי מיינע פינף פינגער, און איך וועל אייך נישט בערייסען. עס וועט אייך קאָסטען איינגאַנצען אַ פינפערעל. נאָר היינט איז שוין צו־שפּעט. די זון געהט שוין אונטער. וואו איך וועל אייך פיהרען איז זיכערער צו געהן ביי־טאָג איידער ביינאַכט. בלייבט דאָ נעכטיגען און שלאָפט רוהיג. איהר קענט זיין זיכער, אַז מאָרגען וועט איהר בשלום קומען אין דייטשלאַנד. אַ געלעגער וועט איהר ביי מיר האָבען אַ פיינעם, אויף פרישען, שמעקעדיגען, ערשט־אָנגעקאָשעטען־היי.“

איך האָב איינגעווילינט. דער לאַטיש איז, ווי עס האָט אויסגעוויזען, געווען זעהר צופרידען צו מאַכען גאַנצע פינף רובעל. ווי ער האָט מיר שפּעטער דערצעהלט, פלעגט ער פון זיין באַלעבאָס קריגען איגגאַנצען אָנדערהאַלבען רובעל פאַר אריבערפיהרען א „ה אָ ז" איבער דעם גרענעץ. ער האָט באַלד אָנגעשטעלט א קליינעם בלעכענעם סאַמאָוואַר, ארויסגענומען א פלעשעל שנאַפּס, וועלכע ער האָט מיר רעקאָמענדירט אַלס די בעסטע „נאַליווקע", וואָס ער האָט אליין אימפּאָרטירט פון דייטשלאַנד, און מיך איינגעלאַדען צוצובייסען. נאָך וועטשערע האָט ער מיך אריינגעפיהרט אין שייער און מיר אָנגעצייגט מיין געלעגער.

איך האָב זיך ארויפגעקאַראַבקעט אויפ'ן היי, וועלכעס האָט טאַקע ארויסגעגעבען פון זיך א ריח־ניחוח פון גוטע גראָזען און פון ווילדע בלומען און האָב זיך איינגעמאָשטשעט צום שלאָפען. איך האָב אָבער א לאַנגע צייט נישט געקאָנט אנט־שלאָפען ווערען. עס איז געווען א וואַרימע, זומערדיגע נאַכט, איינגעוויקעלט אין א שטילער פינסטערקייט. עפּעס ווי א צויבער האָט זיך געוועבט אין דער וואַרימער שטילקייט פון דער נאַכט. ביי מיר אין קאָפּ האָבען זיך געשפּונען מאָדנע פערפּלאָנטערטע געדאַנקען און אונבעשטימטע עראינערונגען פון מיינע ערשטע קינדער־יאָהרען. עראינערונגען פון מעשיות וועגען מתים, מכשפות און גזלנים, וועלכע מיינע חברים פלעגען מיר דערצעהלען אין שול שבת בין השמשות, און עראינערונגען פוןווירקליכע געשעהענישען, וואָס זיינען געווען אזוי בלייך און אונקלאָר אין מיין זכרון, אז זיי האָבען אויסגעזעהען ווי שאָטענס פון פערגעסענע חלומות. דער וואַרימער ריח פון דעם פרישען היי האָט ארויסגערופען די פאָרשטעלונג פון הייסע זון־שטראַהלען און געוועקט אונקלאָרע פערלאַנגען און בענקענישען נאָך עפּעס אונבעשטימטעס און אונבעגרייפליכעס, וואָס די נשמה האָט ערגעץ־וואו אמאָל עמפּפונדען אָבער שפּעטער כמעט אינ־גאַנצען פערגעסען . . . און מיר האָט זיך גערוכט, אז אַלץ וואָס איך האָב דעמאָלט געטראַכט און געפיהלט האָב איך שוין איינמאָל פריהער געטראַכט און געפיהלט אונטער עהנליכע אומ־שטענדען.

אומזיסט זיינען געווען מיינע בעמיהונגען צו בעפרייען זיך פון דער אונרוהיגער שטימונג און צו קאָנצענטרירען מיינע געדאַנקען אויף עפּעס רעאַלעס. איך האָב געפּרובט מאַכען אַ סך הכל פון אַלעס וואָס איך האָב אויפגעטהון מיט מיין נסיעה, צו מאַכען פּלענער פאַר דער צוקונפטיגער ארבייט. אָבער מיינע געדאַנקען האָבען זיך גלייך איבערגעריסען, די פערפּלאָנטערטע מחשבות האָבען געהוזשעט ביי מיר אין קאָפּ ווי אַ מחנה פליגען און האָבען פערטריבען דעם שלאָף פון מיינע ברעמען. אַ הילכיגער קרעה פון אַ האָהן האָט דורכגעריסען די שטילקייט וואָס האָט געהערשט ארום. עס איז געווען האַלבע נאַכט. דער דאַך פון שייער האָט געדריקט, אַזוי ווי ער וואָלט מיר געלעגען אויפ׳ן קאָפּ. עס האָט זיך געוואָלט ארויסגעהן אונטער׳ן הויכען, אויסגעשטערענטען הימעל, טיעף אריינאָטהעמען די פרייע פרישע לופט, אָבער איך האָב מורא געהאַט, אז אַ סאָלדאַט פון דער גרענעץ-וואַך זאָל זיך נישט אָנדרעהען, און איך האָב נישט געוואַגט ארויסצוגעהן דרויסען. ערשט ווען די שטראַהלען פון דער אויפגעהענדער זון זיינען אריינגעדרונגען צו מיר אין שייער דורך די ברייטע שפּאַלטען צווישען די ברעטער, בין איך ענדליך אנדרעמעלט געוואָרען.

ווען דער לאָטיש האָט מיך אויפגעוועקט און איך בין ארויס דרויסען, איז שוין די זון געשטאַנען הויך אין קלאָרען בלאָהען הימעל און האָט בעגאָסען די ערד מיט איהרע הייסע שטראַהלען. עס האָט געבלאָזען אַ ווייך, אנגענעהם ווינטעל און געוויעגט דאָס ברייטע קאָרן-פעלד וואָס האָט זיך וויט אויסגעשפּרייט פאַר מיינע אויגען, און וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ ים פון פליסיגען גאָלד, אויף וועלכען עס האָבען זיך ווייך און ריטמיש געשאָקעלט, אין אַ רוהיגען דרימעל, די אינדען. הינטער דעם קאָרן-פעלד איז געלעגען אַ טונקעל וועלדעל. אין דעם דאָזיגען וועלדעל, אין גאַנצען אַ צוויי וויאָרסט פון מיר, איז, ווי דער לאָטיש האָט מיר געזאָגט, געווען דער רוסיש-דייטשער גרענעץ.

די גאַנצע צייט וואָס איך בין פערבליבען אין רוסלאַנד האָב איך כמעט ווי פערגעסען, אז איך בין „נישט-לעגאַל" און איך האָב זיך געפיהלט אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ כשר׳ער

אונטערטהאן. נאָר יעצט, ווען איך בין געווען אזוי נאָהענט פון גרענעץ, האָב איך דערפיהלט א שטארקען פערלאנג ארויסצו־כאפען זיך וואָס גיכער פון דעם לאנד, וואו יעדער קליינער טשינאָווניק קאָן ארויפלעגען אויף מיר זיין שווערע לאפּע און מיך אריינוואַרפען אין טיורמע. עס האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אריבערכאפּען זיך אויף דער אנדער זייט גרענעץ, אין דאָס „פרייע" דייטשלאנד. אין פערגלייך מיט דעמאָלדיגען רוסלאנד איז אפילו פּרייסען, פון וואנען מען האָט מיך ארויס־געשיקט מיט א יאָהר אָנדערהאלבען פריהער, געווען פאר מיר א פרייע מדינה. איך האָב געבעטען דעם לאָטיש, אז מיר זאָלען זיך גלייך לאָזען אין וועג.

„מיר האָבען נאָך צייט", — האָט ער געענטפערט מיט א ברייטען געגעץ. — „אריבערגעהן דעם גרענעץ איז ביי מיר א שפּיי. איך בין שוין ביינאכט געווען אויף יענער זייט און אריבערגעבראכט צוויי פּעקלעך סחורה. קומט, לאָמיר טרינקען טהעע."

מיר האָבען אָבגעטרונקען טהעע. דער לאָטיש האָט אריינ־געקעהרט עטליכע קעלישקעס פון דער דייטשער „נאַליווקע", אריינגערוקט א האק הינטער זיין גארטעל, אזוי ווי ער וואָלט געגאנגען אין וואלד האָלץ האקען, און מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג.

# דרייצענטער קאפיטעל

א שפּאציר פון רוסלאנד אין דייטשלאנד. — צוריק אין בערלין. — ביי עטינגער׳ען.

מיט לייכטע שנעלע טריט זיינען מיר געגאנגען אויף א שמאָלער סטעזשקע ביים ברעג פון קאָרן־פעלד. די שווערע צייטיגע זאנגען האָבען זיך געוויגט אונטער׳ן ווארימען, אנ־גענעהמען ווינטעל. דאָ און דאָרט האָבען פון צווישען די־גאָלדענע זאנגען חנ׳עוודיג ארויסגעקוקט בלאָהע קעפּלעך פון גראציעזע קאָרן־בלימלעך. אויף א ווײלע האָב איך אינגאנצען פערגעסען, אז איך גערה באלד „גנב׳ענען דעם גרענעץ“. איך האָב מיט פערגעניגען איינגעאָטעמט די פרישע, ווארימע לופט, געקוקט אויפ׳ן קלאָרען בלאָהען הימעל און אויף די פעלדער מיט זייערע צייטיגע תבואות, און מיר האָט זיך געדאכט, אז איך גערה אזוי שפּאצירען צווישען די פעלדער פון דעם פלעשטשעניצער גראף טישקעוויטש, אין א זומערדיגען שבת נאָכמיטאָג. אויפ׳ן הארצען איז געווען גרינג און פרעהליך, פונקט ווי אין די גוטע אַלטע קינדער־יאָהרען . . .

מיר זיינען דערגאנגען ביז צום סוף פון קאָרן־פעלד, נאָהענט פון דעם טונקעל־גרינעם וועלדעל. דער לאָטיש איז מיטאמאָל געבליבען שטעהן און צוגעהערט זיך. ער האָט אויסגעזעהן ווי א געיעג־הונט וואָס דערשמעקט, אז די ווילדע חיה איז נאָהענט. מיר האָט זיך געדאכט, אז זיינע אויערען האָבען זיך פערשפּיצט. איך האָב זיך אויך איינגעהערט, און מיינע אויגען האָבען זיך בעמיהט דורכצודרינגען דורך די גרינע בוימער טיעף אין וואלד. ארום איז געווען שטיל און רוהיג. בלויז א לייכטען גערויש פון בלעטער אין וואלד האָט דאָס פרישע לינדע ווינטעל גע־בראכט צו מיינע אויערען. עס האָט זיך געדאכט, אז די בלעט־

טער שושקען זיך אין דער שטיל, ווי קליינע קינדער וואָס האָבען מורא זיי זאָלען נישט אויפוועקען דעם טאַטען.

אָבער באַלד האָב איך דערהערט דעם קלאַנג פון טריט און דאָס קנאַקען פון טרוקענע צווייגלעך ערגעץ ווייט אין וואַלד. דער לאַטיש האָט מיר געהייסען בעהאַלטען זיך אין קאָרן און וואַרטען אויף איהם. ער איז אַוועק אין וואַלד אריין. איך בין אריין צווישען דעם קאָרן און האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד. די הויכע זאַנגען האָבע מיך איינגאַנצען פערשטעלט. איך האָב געהערט ווי די טריט פון דעם לאַטיש דערווייטערען זיך. ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם און געפייפט אַ פרעהליך ליעדעל. עס זיינען פערביי עטליכע מינוט. פלוצלינג האָב איך דערהערט אַ געשפּרעך פון צוויי מענער־שטימען. די ווערטער האָב איך נישט געקאָנט הערען, נאָר איך האָב פערשטאַנען, אַז דאָס האָט מיין לאַטיש גערעדט מיט איינעם פון די גרענעץ־סאָלדאַטען. באַלד איז ווידער געוואָרען שטיל. אונגעפעהר אַ האַלבע שעה בין איך אַזוי אָבגעזעסען אין דעם קאָרן, וואַרטענדיג מיט אונגעדולד אויף מיין פיהרער. ענדליך איז ער געקומען און מיר געהייסען געהן נאָך איהם.

מיר זיינען אריין אין וואַלד און אַוועקגעלאָזט זיך איבער אַ שמאָלער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געצויגען צווישען געדיכטע קוסטעס. מיין פיהרער האָט זיך געלאָזט לויפען און איך נאָך איהם. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט פון לויפען און אויפרעגונג, דער שוויים איז גערונען איבער מיין געזיכט. איך האָב אָבער נישט געטראַכט וועגען דער געפאַהר און האָב זיך געפיהלט ווי אַ איינגעל אַ שטיפער. מיר זיינען דערלאָפען צו אַ שמאָלען גראָבען. אַ שפּרונג — און איך בין געווען אין דייטשלאַנד.

דאָס אויסזעהן פון דעם וואַלד האָט זיך מיט אַמאָל אומגעביטען. אויף דער רוסישער זייט איז ער געווען פערוואַקסען מיט קוסטעס און די בוימער זיינען געווען קליין און קרום. אויף דער דייטשער זייט זענען די קוסטעס געווען אויסגעהאַקט און די בוימער — הויך און שלאַנק. מיר זיינען אָבגעגאַנגען נאָך עטליכע טריט און האָבען זיך געזעצט אָברוהען

אויפ׳ן ווייכען מאָך, אונטער א בוים. אָבגערוהט א ווײלע, האָבען מיר זיך ווידער אװעקגעלאָזט אין וועג אריין. מיר זיינען באלד ארויס פון וואלד און ארויף אויף א ברייטען האר־טען שאָסע. אינגיכען זיינען מיר צוגעקומען צו א קרעטשמע, וואו מיין פיהרער איז הפנים געוועזן אַן אָפטער גאַסט. דער באלעבאָס, א פעטער דייטש מיט א פאָרצעלאַיענער ליולקע אין מויל, האָט אונז גלייך אָנגעגאָסען צוויי גלעזער ביער און אונז געלאָזט וויסען, אַז מיטאָג איז פארטיג. מיר זיינען ביידע געוועזן גוט אויסגעהונגערט פון דעם לאַנגען שפּאַציר און מיר האָבען זיך נישט געלאָזט בעטען. איך האָב בעצאָהלט דעם לאַטיש די פינף רובעל, אויסגעביטען א טייל פון מיין רוסיש געלד אויף מארקען, און בין אוועק צום וואָקזאל, וואָס איז גע־וועזן נישט ווייט פון דער קרעטשמע. באלד איז אָנגע־פאָהרען דער צוג וואָס האָט מיך אוועקגעפיהרט אין בערלין. אינגיכען בין איך שוין געוועזן אין שארלאָטענבורג, ביי עטינ־גער׳ן, וועלכער — ווי דער לעזער פון מיינע עראינערונגען געדענקט מסתמא — איז מיט א צוויי מאָנאַטען פריהער גע־וועזן ביי מיר אין װלאדיסלאוואָװ׳ער ארעסט־שטיבעל און האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל אָבצאָהלען די תרי״ג רובעל שטראָף אין דער טאמאָזשנע און איבערלאָזען דאָרט מיינע זאַכען. מען קען זיך גרינג פאָרשטעלען, ווי צופרידען איך בין געוועזן וואָס איך האָב נישט געפאָלגט זיין עצה.

איך האָב גלייך געשיקט א דעפּעשע צו מיינע פריינד אין בערן, אַז איך בין בשלום געקומען צוריק אין אויסלאַנד, און האָב אויף מאָרגען בעקומען פון זיי אַן ענטפער מיט א ווארי־מען ברוך־הבא.

## ערשטער קאַפּיטעל

ביי איסאַי אייזענשטאַדט'ען. — בעגעגען זיך מיט לעניז'ען. — זיין אויס־זעהן. — זיין קוק אויף רוסלאַנד.

פון עטינגער'ן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז איסאַי אייזענ־שטאַדט איז אין בערלין, און בין אוועק זעהן זיך מיט איהם.

ווי איך האָב שוין פריהער דערצעהלט, איז אייזענשטאַדט צום סוף פון די ניינציגער יאָהרען געוואָרען אַ הייסער מאַרק־סיסט, ער איז אָבער נישט געווען אַזוי איינזייטיג ווי די אַנדערע חברים זיינע. ער האָט בעזעסען גענוג טאָלעראַנץ אום צו רעספּעקטירען די אַנשויאונגען פון די געגנערס פון עקאָנאָ־מישען מאַטעריאַליזם, און ער האָט נישט געהאַלטען די סאָציאַ־ליסטישע טהעטיגקייט פון די אַנטי־מאַרקסיסטען פאַר שעדליך. אייזענשטאַדט, וועלכער איז אויך געווען אַ פריינד פון חנן ראַפּאַפּאָרט, האָט מיט אינטערעס זיך צוגעהערט צו מיינע דערקלערונגען וועגען דעם פּראָגראַם פון די סאָציאַליסטען רע־וואָלוציאָנערען. ער איז מיט אונז נישט געווען איינפערשטאַ־נען, אָבער ער האָט צוגעגעבען, אַז אונזער ארבייט וועט סוף־כל־סוף ברענגען איהרע נוצען און איז געווען צופריעדען וואָס מיר האָט זיך איינגעגעבען אריינצופיהרען אין רוסלאַנד אונזער ליטעראַטור.

אַ גאַנץ אַנדער סאָרט טיפּ איז געווען ניקאָלאַי לענין, מיט וועמען איך האָב זיך צום ערשטען מאָל בעגעגענט טאַקע ביי אייזענשטאַדט'ען, אין בערלין.

לענין איז שוין דעמאָלט געווען בעוואוסט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און האָט געהערט צו די עקסטרעמסטע מאַרקסיסטען. זיין אויסערליך אויסזעהן האָט נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ בעזונדערס שטאַרקער פּערזענליכקייט, זיין

געזיכט האָט אויסגעדריקט מעהר עקשנות איידער רוהיגע קראַפט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענשען וואָס איז פול מיט גאַל. זיין מיט זומער־שפּרינקלעך בעדעקטער פּנים איז געווען בלייך און געלבליך. זיינע אויגען האָבען נישט געהאַט דעם גלאַנץ פון שפּראָצענדער ענערגיע און אויך נישט דעם שטראַהל פון רוסישער גוטמוטיגקייט. זיי זיינען דאָס רוב געווען וואַסערדיג, מוטנע און מיעד. נאָר דאַן ווען ער פלעגט זיך צוהיצען אין אַ טעאָרעטישער דיסקוסיע — און דאָס פלעגט טרעפען זעהר אָפט — פלעגט זיך אין זיי אָנצינדען אַ האַלב־בעס׳דיג, האַלב־סאַרקאַסטיש פייערל. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט זעהר ווייניג האָאָר אויפ׳ן קאָפּ און זיין ברייטער, הויכער שטערן האָט דאַריבער אויסגעזעהען נאָך העכער, און צוגעגעבען דעם פּנים זיינעם אַ שטאַרק אינטעליגענטען אויסדרוק. ווען מיר ווען צוגעבען צו די דאָזיגע שטריכען אַ ברייטע, עכט־רוסישע נאָז, אַ ביסעל בולט׳ע טאַטערישע באַקען־ביינער און אַ קאַפּריזנעם איינגעשפּאַרטען מויל, וועלען מיר האָבען אַ בעגריף פון לענין׳ס געזיכט.

אַ פּאָאָר מינוט נאָך דעם ווי אייזענשטאַדט האָט מיר פאָר־געשטעלט לענין׳ען, האָט זיך אָנגעהויבען צווישען אונז אַ הייסע דעבאַטע וועגען די אויפגאַבען פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערען. לענין האָט זיך גלייך צוהיצט. ער האָט געשטעמפּעלט אַלס רעאַקציאָנער אָדער אוטאָפּיסטיש יעדע בעהויפּטונג מיינע וואָס האָט, לויט זיין מיינונג, נישט געשטימט מיט מאַרקס׳ גע־שיכטס־פילאָזאָפישע לעהרען. אפילו אייזענשטאַדט, וועלכער איז, אַלס מאַרקסיסט, געשטאַנען אין אַלגעמיין אויף לענין׳ס זייט, האָט אָפט געמוזט צוגעבען אַז לענין איז צו קאָנסעקווענט און דערפיהרט דעם מאַרקסיזם צו אַן אבסורד. . .

לויט לענין׳ס מיינונג, איז אין רוסלאַנד געווען בלויז איין אויפגאַבע: צו פערשפּרייטען די אידעען פון מאַרקסיסטישען סאָציאַליזם צווישען דעם שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט און צו דערוועקען אין איהם דאָס קלאַסען־בעוואוסטזיין. טעראָר האָט ער געהאַלטען פאַר שעדליך, ווייל דער טעראָריסטישער קאַמף וועט אָראָבפיהרען דעם ארבייטער פון ריכטיגען וועג פון קלאַסען־

קאמף און וועט איהם צונויפמישען מיט די בורזשואזע עלע־מענטען. די ארבייט צווישען דער אינטעליגענץ האט לענין גע־האלטען פאר נישט וויכטיג.

ווען איך האב געפרעגט: „און וואס איז וועגען דאס רוסישע פויערטום?", האט ער מיט כעס אויסגערופען: „וועל־כעס פויערטום? נישטא שוין מעהר אין רוסלאנד קיין פויער־טום אלס א קלאס. איהר ליעגט נאך, הפנים, אין די ווינ־דעלעך פון די אמאליגע נאראדניקעס. דאס רוסישע קרעס־טיאנסטווא האט זיך שוין כמעט אינגאנצען דיפערענצירט. איין טייל פון איהם ארבייט דאס רוב אין שטאדט און געהערט דעריבער צום שטאדטישען פראלעטאריאט; א צווייטער טייל ארבייט פאר די פאמיעשטשיקעס און פאר די רייכע פויערים און געהערט דאריבער צום דארפישען פראלעטאריאט; דער דריטער טייל בעשטעהט פון רייכערע פויערים, וועלכע האבען מעהר ערד איידער זיי קענען בעארבייטען מיט זייערע אייגענע הענט. זיי דינגען צו ארבייטער, דאריבער מוזען זיי צוגערעכענט וועד רען צו דעם קלאס פון קליין־בירגער. קיין אייגענטליכע אונ־אבהענגיגע קרעסטיאנעס, ס'הייסט אזעלכע וואס דינגען נישט קיין ארבייטער און וואס פארדינגען זיך נישט צו אנדערע, איז שוין מעהר אין רוסלאנד נישטא. קארל מארקס האט שוין לאנג בעוויזען, אז די ממוצע־קלאסען מוזען פערשווינדען. אזוי ווי דער זעלבסטשטענדיגער פויער איז א ממוצע צווישען דעם קאפיטאליסט און דעם פראלעטאריער, מוז ער, לויט דעם געזעץ פון עקאנאמישער ענטוויקלונג, אונטערגעהן און פער־שווינדען."

לענין האט זיך בעמיהט צו בעווייזען מיט ציפערען, אז זיין בעהויפטונג איז ריכטיג, אבער זיינע ציפערען האבען בלויז בעוויזען, אז א קליינער טייל פון די פויערים זיינען געווארען פראלעטאריזירט און אז נאך א קלענערער טייל זיינען אריין אין די רייהען פון די קאפיטאליסטען. צו בעהויפטען, אז דאס רוסישע פויערטום איז אינגאנצען פערשוואונדען, איז, זעלבסטפערשטענדליך, געווען לעכערליך. אבער לענין האט גע־הערט צו יענעם טיפ פאנאטיקער, פאר וועלכע זייער טעאריע

איז וויכטיגער איידער די פאַקטען פון דער ווירקליכקייט. זיי וועלען אריינשפּארען דאָס לעבען אין דעם סדום־בעטעל פון זייערע פּרינציפּען און אויב דאָס דאָזיגע בעטעל איז צו־קורץ און צו־שמאָל, איז ביי זיי רעכט אָבצוהאַקען פון דעם לעבען די הענט און פיס. ער איז געווען פון יענעם סאָרט „גלייכע“ קעפּ, וואָס קענען זיך נישט קיין בייג טהון אויף אַ זייט און מוזען אייביג דענקען און ווירקען בלויז אין גלייכע ליניעס. דערינען בעשטעהט זייער קראַפט, אָבער אויך זייער גרויסע געפאַהר פאַר דער בעוועגונג. דאָס לעבען איז צו־קאָמפּליצירט און פיעלזייטיג, אַז מען זאָל עס קענען שטופּען פאָרוועררטס אויף אַ מאַטעמאַטיש־גלייכער ליניע. דאָס לעבען איז נישט קיין געאָמעטריע, און אין דער גאַנג פון דער געשיכטע איז דער גלייכער וועג נישט אימער דער קירצעסטער . . .

## צווייטער קאַפּיטעל

וואָס איז פאַנאַטיזם? — לעניןס גייסטיגער טיפּ און זיינע אַנשויאונגען. — די איצטיגע לאַגע אין רוסלאַנד.

אין פערלויף פון די צוויי וואָכען וואָס איך בין פערבליבען אין בערלין האָב איך זיך בעגעגענט מיט לעניןען כמעט יעדען טאָג. אַמאָל פלעגען מיר זיך טרעפען ביי די אייזענשטאַדטס, וואו ער איז געווען אַן אָפטער גאַסט, אַמאָל ביי איהם אין דער היים. יעדע בעגעגעניש אונזערע פלעגט זיך ענדיגען מיט אַ הייסען ויכוח וועגען די גרונד־פּרינציפּען פון מאַרקסיזם און וועגען די אויפגאַבען פון די סאָציאַליסטען אין רוסלאַנד.

איך געדענק שוין נישט איצט די איינצעלהייטען פון אונזערע דעבאַטען, אָבער דער תוך פון זיי איז פערבליבען אין מיין זכרון. לעניןס פערזענליכקייט, זיין גאַנצער מהות, שטעהט קלאָר פאַר מיינע אויגען. ער געהערט צו יענע ענגע, אָבער גאַנצע, נאַטורען וועלכע ווייסען נישט פון קיין שום ספקות און ווידערשפּרוכען. אַלץ איז פאַר זיי קלאָר און דייטליך. אין זייער ברוסט ראַנגלען זיך קיינמאָל נישט קיין צוויי נשמות. די קאָמפּליצירטקייט און פערפלאָנטערטקייט פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און פון געשיכטליכע פּאַסירונגען איז פאַר זיי צוגלידערט און צוטיילט אין איינפאַכע עלעמענטען. אין זייערע קעפּ איז אַלעס קלאַסיפיצירט און פאַנאַנדערגעלייגט אין בעזונדערע קעסטעלעך, מיט צעטעלעך צוגעקלעפּט צו יעדען, ווי רפואות אין אַן אַפּטייק. צו דיסקוטירען מיט אַזאַ סאָרט מענשען איז אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט. זיי זיינען אַזוי זיכער אַז זיי האָבען דעם גאַנצען אמת, אַז אַלע אַרגומענטען שפּרינגען פון זיי אָב ווי אַן אַרבעס פון וואַנט.

יעדער דענקענדער מענש האָט געוויסע איבערצייגונגען. ער אַרבייט אויס מיט זיין קריטישען פערשטאַנד אַ בעשטימטע וועלט־אַנשויאונג, וועלכע ווערט פאַר איהם געוויסערמאַסען אַ

רעליגיע. אָבער מענשען מיט ברייטערע קעפּ האָבען צו דער זעלבער צייט דאָס בעוואוסטזיין, אז זיי זיינען נישט מעהר ווי מענשען און אז זיי קאָנען מאַכען א טעות פּונקט ווי יעדער אנדערער. דאריבער האָבען זיי א געוויסע מאָס רעספּעקט פאר די מיינונגען און איבערצייגונגען פון די אָנהענגערס פון אַן אנדער וועלט־אנשויאונג. זיי פערשטעהען, אז געזעלשאפטליכע פראגען זיינען צו קאָמפּליצירט און פערפלאָנטערט, אז מען זאָל קאָנען אויף זיי ענטפערען מיט דער זעלבער זיכערקייט ווי אויף א פראגע פון אריפמעטיק. דעריבער הערען זיי זיך צו צו אן ארגומענט פון זייערען א געגנער און זיי זיינען אימער בערייט ווידער און ווידער צו אנאליזירען זייערע אייגענע אר־גומענטען כדי צו זעהן אויב אין זיי האָט זיך נישט ארייגגע־גנב'עט א טעות. אמת, עס טרעפט זעהר זעלטען אז אונטער דעם איינפלוס פון א נייעם ארגומענט זאָלען מיר איבערארביי־טען אונזערע א מיינונג. דאָס רוב געפינען מיר א תירוץ אויף דעם געגנער'ס קשיה און מיר בלייבען ביי אונזער גלויבען. אונזער אלגעמיינע וועלטאנשויאונג איז איבערהויפּט נישט א רע־זולטאט אויסשליסליך פון אונזער קריטישען פערשטאנד. אונ־בעוואוסט ווירקען דאָ זעהר שטארק אונזערע געפיהלען, אונזערע סימפּאטיען און אנטיפּאטיען, וועלכע קיינע ארגומענטען קענען נישט איבערמאַכען, אין דעם ליגט די ערקלעהרונג פון דעם פאקט וואָס מיר האָבען אזוי פיעל פערשידענע ריכטונגען אין דער סאָציאָלאָגיע און אין דער געשיכטס־פילאָזאָפיע. דענקער, וואָס פערשטעהען דאָס, בעציהען זיך מיט מעהר אָדער וועניגער טאָלעראנץ צו זייערע געגנער.

גאנץ אנדערש איז די בעציהונג צו א געגנער ביי א מענשען פון לענין'ס שניט. זיי זעהען נישט און ווילען נישט זעהען די פּיעלזייטיגקייט פון דער פראגע. זיי דענקען אין גלייכע ליניען. א פילאָזאָפיש פּראָבלעם איז פאר זיי נישט א לעבע־דיגער בוים פון וועלכען עס געהען זיך פאנאנדער בויגיגע צווייי־גען און צווייגלעך אין פערשיעדענע ריכטונגען, נאָר א גלייכער טעלעגראַף־סלופּ. פאר זיי איז דעריבער אלעס איינפאך און קלאָר ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער. פון אזעלכע דענקער

קאָן מען, זעלבסטפערשטענדליך, נישט ערוואַרטען קיין טאָלע־ראַנץ און רעספּעקט פאַר אַ מיינונג וואָס איז פערשיעדען פון זייערע.

אין לענין׳ס גייסטיגען טיף און אין זיינע אנשויאונגען ליגט די ערקלערונג פון זיינע איצטיגע האַנדלונגען אין רוסלאַנד. פיעלע קאָנען נישט פערשטעהען, ווי אַזוי האָט ער געוואַגט אין אַזאַ וויכטיגען מאָמענט אַרויסצורופען אַ ברודער־קריעג אין די רייהען פון די רוסישע סאָציאַליסטען. אין פלוג איז עס כמעט אונבעגרייפליך ווי אַזוי אַ מענש קאָן נעהמען אויף זיך אַזאַ מורא׳דיגע אחריות. מיר האָבען מיטאַמאָל ערהאַלטען אין רוסלאַנד אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. אין דער שפּיצע פון דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג האָבען זיך געשטעלט סאָציאַליסטען, וואָס האָבען נאָר געוואַרט, אַז אין לאַנד זאָל אריינגעבראַכט ווערען אַ ביסעל אָרדנונג, כדי אָנצופאַנגען אַ רייהע פון סאָציאַלע רעפאָרמען וועלכע האָבען געקאָנט, אָהן בלוט־פערגיסונג, פיהרען דירעקט צום סאָציאַליזם. אין אַזאַ צייט קומט לענין מיט זיינע חברים און הייבט אויף אַ קאַמף געגען דער רעגיערונג, אַ קאַמף וואָס קאָן פיהרען צו אַ זיעג פון די מעסיגע עלעמענטען אין רוסלאַנד און צו דער זעלבער צייט, פערשטאַרקען די מאַכט פון די האָהענצאָלערנס אין דייטשלאַנד און דעם דרוק פון דייטשען מיליטאַריזם אויף דער גאַנצער וועלט. פיעלע האָבען גאָר נישט געקענט גלויבען, אַז אַן אויפריכטיגער רעוואָלוציאָנער זאָל קענען מאַכען אַזאַ געוואַגטען, ריזיקאַלישען שריט, אפילו ווען ער זאָל האָבען אַ האָפנונג גלייך איינצופיהרען אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג אין רוסלאַנד. זיי זיינען דעריבער געווען געניינט צו גלויבען, אַז לענין איז אַ דייטשער אַגענט. איך בין זיכער, אַז דער דאָזיגער חשד האָט קיין שום בעגרינדונג. די ערקלעהרונג פון לענין׳ס פּאָליטיק ליעגט אין איהם גופא, אין דעם טיף פון זיין פערזענליכקייט, אין זיין אונגעהייערען פאַנאַטיזם, אין זיין ענגען מאַרקסיזם.

לענין האָט קודם כל נישט געקענט אָבשעצען דעם פולען ווערט פון די ערהאָבערונגען וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט געמאַכט. איך געדענק, אַז ווען איך האָב זיך בעמיהט צו

בעוויזען לענין'ען די נויטווענדיגקייט פון אַ טעראָריסטישען קאמף כדי צו ערָאבערען פּאָליטישע פרייהייט, האָט ער דארויף געענטפערט, אַז די ערָאבערונג פון פּאָליטישער פרייהייט איז איבערהויפּט נישט אונזער אויפגאַבע.

„די געשיכטע פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער האָט אונז בעוויזען, אַז ווען די בורזשואַזיע ענטוויקעלט זיך אין אַ מעכ־טיגען קלאַס, הייבט זי אָן אַ קאמף אנטקעגען דעם מאָנאר־כיסטישען אבסאָליוטיזם", — האָט לענין ארגומענטירט. — „ווען די ענטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע קרעפטען וואקסען אריבער די פּאָליטישע רעגירונג־פּאָרמען פון אַ לאנד, און דער אבסאָ־ליוטיזם ווערט אַ סתירה פאר די ווייטערע ענטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָן־קרעפטען, פאנגען די קאפּיטאליסטען אָן אַ קאמף פאר פּאָליטישער מאכט, וועלכער ענדיגט זיך מיט דעם צוזאַ־מענברוך פון דעם מאָנארכיזם. אזוי האָט פּאסירט אין ענג־לאנד, אזוי האָט פּאסירט אין דער צייט פון דער גרויסער רע־וואָלוציע אין פראנקרייך, און דאָס זעלבע וועט אויך פּאסירען אין רוסלאנד. דאָס פּאָלק האָט אימער געהאָלפען דער בור־זשואַזיע אין קאמף געגען דעם מאָנארכיזם, דענקענדיג, אַז עס קעמפּט פאר זיינע אייגענע אינטערעסען. אָבער אין דער אמת'ן, האָט עס נאָר פערשטארקט די מאכט פון די קאפּיטאליסטען. אונזער אויפגאַבע איז, דאריבער, נאָר צו פאַרבערייטען דעם פּראָלעטאריאַט, צו ענטוויקלען זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין און, ווען די בורזשואַזע רעוואָלוציע וועט קומען, דארפען מיר זעהן צו פערכאַפּען פאר דעם ארבייטער־קלאַס אזוי פיעל מאכט ווי עס איז נאָר מעגליך." די דאָזיגע אנשויאונגען דערקלעהרען זעהר פיעל אין זיין שפּעטערדיגער פּאָליטיק צו פארכאַפּען פאר דעם פּראָלעטאריאט אזוי פיעל פּאָליטישע און עקאָנאָמישע מאכט, ווי פיעל עס איז נאָר מעגליך.

על פּי מארקסיסטישען דין איז די רוסישע פּאָליטישע רע־וואָלוציע געווען אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע. די וואָס האָבען זיך געשטעלט אויף דער שפּיצע פון דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג זיינען, דאריבער, בעוואוסט אָדער אונבעוואוסט, פערטרעטערס פון די קאפּיטאליסטען. סאָציאליסטען ווי קערענסקי זיינען

נאָך געפעהרליכער איידער די נישט־סאָציאַליסטישע מיטגליע־דער פון דער רעגיערונג, ווייל, בעוואוסט אָדער אונבעוואוסט, נארען זיי אָב און פעררעטען דעם פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָ־לעטאַריאַט מוז דאריבער אָרגאַניזירט ווערען און ארויסגעפיהרט ווערען אין קאַמף געגען דער רעגיערונג. אויב דאָס וועט נישט געטהאָן ווערען, וועט זיך אין רוסלאַנד ווידערהאָלען די געשיכטע פון פראַנקרייך אין דער ענד פון 18־טען יאָהרהונדערט און די בורזשואזיע וועט פערכאַפּען די גאַנצע מאַכט.

לענין, דער עקסטרעמסטער צווישען די אָנהענגערס פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, האָט נישט געקאָנט אַנדערש דענ־קען. ווען מיר נעהמען נאָך אין אָנבעטראַכט זיין אונגעהייערען פאַנאַטיזם, זיין עקשנות, און דעם דראַנג נאָך מאַכט וואָס איז געוועהנליך, אין אַזעלכע כאַראַקטערען, די אונבעוואוסטזיניגע טרייבקראַפט — ווען מיר נעהמען דאָס אַלץ אין אָנבעטראַכט, ווערט פאַר אונז קלאָר ווי אַזוי ער האָט זיך דערוועגט צו נעהמען אויף זיך די גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט.

עס איז שווער צו שרייבען עראינערונגען פון אַמאָליגע יאָהרען אין יעצטיגען קריטישען מאָמענט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. עס איז כמעט אַ פּסיכאָלאָגישע אונמעגליכקייט צו פערשרייבען מיט דער רוהיגקייט פון אַן אַנאַלען־שרייבער געשעהענישען, וואָס האָבען פּאַסירט מיט עטליכע און צוואַנציג יאָהר צוריק, אין אַ צייט, ווען רוסלאַנד שטעהט אין די פלאַמען פון אַ בירגער־קריעג, און די ברענענדע פראַגען ווענען דער צוקונפט פון לאַנד עגבערען אין מוח און לאָזען ניט רוהען. לענין אין בערלין, מיט אַזוי פיעל יאָהרען צוריק, שיינט אַזוי אונבעדייטענד אין פערגלייך מיט לענין'ען אין פּעטראָגראַד אויף דער שפּיץ פון דער רעגירונג, אַז אַלע מיינע אָנשטרענגונגען צו קאָנצענטרירען מיין געדאַנק אויף דער פערגאַנגענהייט, בלייבען מאַכטלאָז, און איך קען זיך ניט אָפּרייסען פון דער געגענ־וואַרט.

שרעקליך טראַגיש איז יעצט די לאַגע אין רוסלאַנד. דער אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע איז געווען אַזוי שעהן! אַזאַ גרויסער זיעג מיט אַזוי ווענינ קרבנות! עס האָט זיך געוואָלט

האָפען, אַז אין רוסלאַנד וועלען זיך ניט איבער'חזר'ן די שרעק־ליכע געשעהענישען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע; אַז די פערשיידענע פּאַרטייען — וועניגסטענס די סאָציאַליסטישע, וועלען געפינען אַ וועג אויסצוגלייכען זייערע סכסוכים און וועלען ארבייטען צוזאַמען אויף דער אויפבויאונג פון אַ נייע רוסלאַנד. ווי עס זעהט אויס, איז די אידעע פון סאָציאַליזם אַזוי שטאַרק פערשפּרייט אין דער בעפעלקערונג אַז די רעאַקציאָנערע עלעמענטען וואָלטען ניט געוואַגט אויפצוהויבען די קעפּ, ווען אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואָלטען געאַרבייט האַרמאָניש צוזאַמען.

עס האָט זיך געוואָלט גלויבען, אַז מיר האָבען וואָס עס איז געלערענט פון דער געשיכטע, אַז דער געזונדער רוסישער פערשטאַנד און די רוסישע גוטמוטיגקייט וועט ניט דערלאָזען, אַז איין גרופּע רעוואָלוציאָנערען זאָל פערכאַפּען די מאַכט און האַקען די קעפּ פון די אָנהענגער פון אַנדערע גרופּעס; עס האָט זיך געגלויבט, אַז מיר וועלען אין גיכען אריין אין גן־עדן פון סאָציאַליזם ניט דורכגעהענדיג דורך דעם גיהנום פון רויטען טעראָר.

מיט אַמאָל אָבער איז דער זיסער חלום פערשוואונדען. לענין און זיינע חברים זיינען געקומען און האָבען אָנגעפאַנגען אַ פּראָפּאַגאַנדע געגען דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג; אַ פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט געמוזט אַפּעלירען צו די ראַדיקאַלסטע, אָבער קורצזיכטיגע, עלעמענטען פון דעם שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט. צו איהם זיינען, נאַטירליך אויך צוגעשטאַנען דער לומפּען־פּראָלעטאַריאַט און אַלע פּראָסטע לומפּען, וואָס זיינען צו יעדער צייט גרייט צו מאַכען „סמוטעס", כדי צו „כאַפּען פיש אין מוטנעם וואַסער". די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג האָט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט אָנווענדען געגען די דעמאַגאָגישע אַגיטאַטאָרס די מיטלען פון דעם אַלטען, נאָר־וואָס צעפאַלענעם רעזשים. די אַגיטאַציע האָט זיך שנעל פערשפּרייט. די באָלשעוויקעס האָבען פערכאַפּט די מאַכט און טהוען וואָס זיי ווילען, ניט רעכענענדיג זיך מיט די מיינונגען פון די אַנדערע פּאַרטייען. אונטער די אומשטענדען איז אונמעגליך צו האָפען, אַז די אויפ־

בויאונג פון א נייער רוסלאנד וועט אנגעהן אויף א רוהיגען, פרידליכען אופן.

אויף ווי ווייט איך קען לענין'ען איז אונמעגליך פון איהם צו ערוואַרטען, אז ער זאָל זוכען א פעראייניגונג מיט די אנ־דערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. א מענש פון לענין'ס שניט מוז זיין אָדער א דיקטאַטאָר, אָדער שטעהן אין אָפּאָזיציע, ווייל מענשען פון דעם סאָרט קאָנען ניט נעהמען אין אָנבעטראַכט קיינעמ'ס מיינונג. דעריבער קאָנען זיי אַרבייטען צוזאַמען נאָר מיט די, וואָס זיינען מיט זיי אינגאַנצען איינפערשטאַנען אָדער וואָס פאָלגען זיי בלינד אין אַלע איינצעלהייטען.

דער גייסט פון אונטאָלעראַנץ האָט פון שטענדיג אָן שטאַרק געהערשט צווישען די מאַרקסיסטען און די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טען, און אַם שטאַרקסטען צווישען די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען. אָבער צווישען אַלע רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טען, וואָס איך האָב זוען בעגעגענט, איז לענין געווען דער איינ־געֿעקשן'סטער.

איך געדענק, אז איינמאָל נאָך א הייסער דעבאַטע מיט פּלעכאַנאָוו'ן, וועלכער האָט אין דער דיסקוסיע געגאָסען פעך און שוועבעל אויף די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, האָט חנן ראַפּאָפּאָרט געזאָגט צו מיר:

— אויב עס וועט קומען א צייט, ווען די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטען וועלען פערכאַפּען די מאַכט אין רוסלאַנד, וועט פּלע־כאַנאָוו נאָך אַרויסגעבען א בעפעהל, אז מען זאָל הענגען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

— איך ווייס ניט וועגען פּלעכאַנאָוו'ן, אָבער אויב לענין זאָל שטעהן אויף דער שפּיץ פון א רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, וואָלט אונזער לעבען ווירקליך געווען אין געפאַהר — האָב איך דעמאָלט געענטפערט.

צו יענער צייט, אין דער שווייץ, ווען קיינער פון אונז האָט גאָרניט געהאָפט צו דערלעבען אַן אמת'ע זיעגרייכע רע־וואָלוציע אין רוסלאַנד, איז דאָס אַלץ געזאָגט געוואָרען מעהר אין שפּאַס איידער אין ערנסט. ווי איך זעה אָבער איצטער, איז מיין בעמערקונג וועגען לענין'ען געווען גאָרניט ווייט פון אמת.

## דריטער קאַפּיטעל

בערלין. — דער „טהיערגאַרטען". — די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. — דער פּרייסישער מיליטאַריזם. — גרייט זיך צו אַ צווייטער נסיעה קיין רוסלאַנד.

אין בערלין האָב איך אייגענטליך ניט געהאַט קיין בעזונדערע אויפגאַבען. איך האָב זיך דאָרט אָבגעשטעלט אויף עטליכע טעג, בלויז ווייל איך האָב ליעב געהאַט די דייטשע הויפּטשטאָדט מיט איהרע ברייטע, ריינע גאַסען, מיט איהר פּאַרק „טהיערגאַרטען", וואָס ציהט זיך אויף מיילען פון דעם בולוואַר „אונטער־דען־לינדען" ביז שאַרלאָטענבורג, בעדעקענדיג אַ גרויסען שטח מיט זיינע ברייטע אַלעען און שאָטענדיגע וועגעלעך, מיט זיינע טייכלעך, אָזיערעס און בריקלעך. עס האָט זיך מיר אויך געוואָלט בעזוכען די „קעניגליכע אָפּערא" און דעם „דייטשען טעאַטער", וואו זאַרמאַ האָט דעמאָלט אַזוי וואונדערבאַר געשפּיעלט די ראָלע פון ראוטענדעליין, אין הויפּטמאַן'ס „פערזונקענע גלאָקע". בערלין האָט מיך אויך צוגעצויגען מיט די גרויסע פערזאַמלונגען, וואו מען האָט אָפט געקאָנט הערען די אַלטע וועטעראַנען פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. הגם די איינזייטיגקייט פון די פיהרער, זייער פערביסענער האַס צו די אונאָבהענגיגע סאָציאַליסטען און זייער שטרעבען צו אונטערדריקען יעדע פרייע קריטיק האָבען מיך אימער אָבגעשטויסען, האָב איך דאָך אַלע מאָל מיט גרויס פערגעניגען געהערט די פייערדיגע רעדעס פון אויגוסט בעבעל, די קלוגע, זאַכליכע, מיט אידישען וויץ אָפט דורכגעוועבטע פאָרטרעגע פון פּאול זינגער, און די רעפעראַטען פון ווילהעלם ליעבקנעכט, וואָס זיינען אימער געווען דורכגעדרונגען מיט רוהיגער, וויסענשאַפטליכער, טיעף־עהרליכער איבערצייגונג.

עס זיינען דעמאָלט געווען אַנדערע צייטען אין בערלין. די סאָציאַליסטישע פיהרער זיינען נאָך ניט אַראָבגעזונקען צו זייער

איצטיגען שאָווינּיזם. זייערע רעדעס זיינען געווען פול מיט בייסענדען סאַרקאַזם און מיט האַס צום דייטשען מיליטאַריזם, און זיי האָבען פּאַראויסגעזאָגט, אַז ער מוז סוף־כּל־סוף פיהרען צו אַ שרעקליכען וועלט־קריעג.

איך געדענק מיט וואָס פאַר אַ האַס איינער פון די אינ־טעליגענטע בערלינער סאָציאַל־דעמאָקראַטען, מיט וועמען איך האָב זיך בעגעגענט ביי אייזענשטאַדט'ען, האָט גערעדט וועגען דער אייזערנער דיסציפּלין אין דער פּרייסישער אַרמעע. דער דאָזיגער גענאָסע, וועלכער האָט נאָר וואָס געהאַט געענדיגט שטודירען מעדיצין, איז געווען אַ ווייך־סענטימענטאַלע, פּאָע־טישע נאַטור. די אידעע פון סאָציאַליזם איז געווען טיעף איינגעוואָרצעלט אין זיין נשמה, און ער האָט זיך געגרייט אוועקצוגעבען אַלע זיינע קרעפטען דעם קאַמף פאַר זיינע אידע־אַלען. אום וואָס גיכער אָפּצוזיצען (?) דעם מיליטער־דיענסט, איז ער גלייך פון אוניווערזיטעט אַריינגעטראָטען אין דער אַר־מעע, אַלס פריייווילליגער אָפיציר. ער האָט מיר דערצעהלט, אַז פאַר אַ זייטיגען מענשען איז אוממעגליך צו האָבען אַ פולען בעגריף פון דער אונגעהייערער קראַפט, וואָס די מיליטערישע דיסציפּלין האָט, ניט נאָר איבער דעם פּראָסטען המון, נאָר אפילו איבער די געבילדעטע אָפיצירען און סאָלדאַטען.

„איין מאָנאַט צייט איז גענוג, אום צו פערוואַנדלען אַ מענשען אין אַ בלינדע געצייג" — האָט ער געזאָגט. — „די דיסציפּלין כאַפּט איהם גלייך אַריין אין איהרע שטאָלענע לאַ־פּעס, און קוועטשט אַרויס פון איהם יעדע זעלבסטשטענדיגקייט. ער ווערט איינפאַך היפּנאָטיזירט און פערלירט אינגאַנצען זיין ווילען, וועניגסטענס אויף אַזוי לאַנג ווי ער בלייבט אין דיענסט. פון אָנהויב האָב איך געמאַכט אַ פערזוך צו קעמפען אינערליך געגען דער דאָזיגער מאַכט, און זיך געמיהט ניט צו פערלירען מיין אינערליכען „איך". אָבער באַלד האָב איך איינגעזעהן אַז דאָס איז אוממעגליך, אַז כּל זמן איך בין אין דיענסט און מוז מיט דער פּינקטליכקייט פון אַ מאַשין שנעל ערפילען די בע־פעהלען פון מיינע העכערע בעאַמטע, וועט מיין אייגענער ווילען בלייבען פּאַלשטענדיג פּאַראַליזירט. איך בין זיכער, אַז אויב

אונזער פאָלק זאָל אַרויסגעשיקט ווערען אַנטקעגען סטרייקענדע
אַרבייטער, און איך זאָל דערהערען דעם בעפעהל: „שיס!“,
וועלען אַלע מיינע איבערצייגונגען ניט העלפען און איך וועל
שיסען אויף מענער, אויף פרויען און קינדער, גלייך מיט אַלע
אַנדערע סאָלדאַטען. מיין בעהויפּטונג מוז אייך שיינען ווילד
און אונגלויבליך. עס איז אָבער דער טרויעריגער, ביטערער
אמת.“

אויב די דיסציפּלין אין דער דייטשער אַרמעע איז געווען
אונגעהייער שטאַרק, האָט אָבער, אויף דער אַנדער זייט, אויך
אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי געהערשט אַ מעכטיגע
דיסציפּלין. איך דענק דעריבער, אַז אויב אַלע סאָציאַליסטישע
פיהרער וואָלטען אין אָנהויב פון דער מלחמה געבליבען טריי
צו זייערע פּרינציפּען און וואָלטען בעשלאָסען, אַז זייערע אָנ־
הענגער טאָרען ניט נעהמען קיין אַנטייל אין אַן אַנגרייפענדען
קריעג, וואָלט זיך זיי איינגעגעבען אַרויסצורופען אַן אַלגעמיי־
נעם אַרבייטער סטרייק, וועלכער וואָלט גלייך פּאַראַליזירט די
טהעטיגקייט פון דער רעגיערונג. אַ בעדייטענדער טייל, וועני־
גיגסטענס פון די סאָלדאַטען סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וואָלט דאַן
וואהרשיינליך געווען אַוועקגעלעגט דאָס געוועהר, דער בישוף פון
מיליטערישען היפּנאָז וואָלט צורונען געוואָרען, און אַ גרויסער
טייל פון דער גאַנצער אַרמעע וואָלט צוגעשטאַנען צו זיי. די
סאָציאַליסטען פון די איבעריגע לענדער וואָלטען געוויס נאָכגע־
טהאָן דעם ביישפּיעל פון די דייטשע חברים, און די מלחמה וואָלט
געווען טויט איידער זי איז געבאָרען געוואָרען. אַזאַ געוואַגטער
קאָנסעקווענטער שריט וואָלט נאַטירליך געפיהרט צו אַ רעוואָלוציאָן
אין דייטשלאַנד, וועלכע וואָלט זיך וואהרשיינליך געענדיגט מיט
דעם נידערשטורץ פון די האָהענצאָלערן און מיט דער גרינדונג
פון אַ רעפּובליק.

די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פיהרער, וועלכע האָבען
אימער געפּרעדיגט פּאַרזיכטיגקייט און האָבען זיך בעמיהט צור־
ריקצוהאַלטען דאָס פּאָלק פון רעוואָלוציאָנערע אויסברוכען,
האָבען אָבער ניט געקאָנט האָבען דעם נויטיגען מוט צו אַזאַ
ראַדיקאַלע האַנדלונג, און זיי האָבען גערעכטפערטיגט זייער

פרינציפּענלאָזיגקייט מיט דער געפאַהר פון אַן אינוואַזיאָן פון דעם רוסישען קאָזאַק. זיי האָבען אונטערשטיצט די רעגירונג און דערמיט געצוואונגען די סאָציאַליסטען פון פראַנקרייך און פון די איבעריגע אייראָפּעאישע לענדער צו טהאָן דאָס זעלבע. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דעריבער, נאָך מיין מיי־נונג, ביז אַ געוויסען גראַד, פעראַנטוואָרטליך פאַר דער לעצטער מלחמה.

איך האָב פערבראַכט ביי אַ וואָך צייט אין בערלין און האָב שוין געוואָלט פאָהרען צוריק אין בערן. ווען איך בין געקומען זעגענען זיך מיט אייזענשטאַדט'ען האָט ער ביי מיר געפרעגט, אויב איך וואָלט קאָנען אָבלעגען מיין פאָהרען אין דער שווייץ און אַריבערפיהרען פאַר איהם אַ ביסעל סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ליטעראַטור, וואָס זיינע חברים אין רוסלאַנד דאַרפען זעהר האָבען. ער האָט מיר בעוויזען די רשימה פון די ביכער וואָס זיי האָבען פערלאַנגט, און האָט מיר דערצעהלט, אַז ער האָט געמאַכט אַ פערזוך אַריבערצושמוגלען די ביכער מיט דער הילף פון דייטשע גנאָסען, וועלכע וואוינען אויף דער רוסישער גרעניץ, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען.

אין דער רשימה זיינען געווען אויסגערעכענט איניגע פּאָ־פּולערע בראָשורען וועגען סאָציאַליזם, ווי דיקשטיין'ס „פון וואָס איינער לעבט" און אַנדערע. עס האָט אָבער אויך ענטהאַלטען אַ צעטעל פון ביכער, וואָס זיינען געווען פול מיט שאַרפער פּאָלעמיק געגען די ניט־סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען, ווי פּלעכאַנאָוו'ס „נאַשי ראַזנאָגלאַסיאַ" צום ביי־שפּיעל. איך האָב זיך אָבגעזאָגט צו פיהרען די ביכער מיט דעם פּאָלעמישען כאַראַקטער, האָב אָבער איינגעוויליגט אָבצו פיהרען אין רוסלאַנד די אַרבייטער ליטעראַטור.

איך מוז זיך דאָ מתודה זיין, אַז איינער פון די מאָטיוון, וואָס האָבען מיך בעוועגט צו העלפען די סאָציאַלדעמאָקראַטען אין טראַנספּאָרט אָנגעלעגענהייטען, איז געווען אַ ריין מאַטער־יאַליסטישער. אייזענשטאַדט איז געווען צופרידען ניט נאָר צו דעקען די הוצאות פון מיין צווייטער נסיעה אין רוסלאַנד, נאָר אויך אַ טייל פון די קאָסטען פון מיין ערשטער נסיעה. פון

אונזערע רוסישע חברים האָב איך געקראָגען ווענינ מאַטעריעלע שטיצע פאַר אונזער „סאָיוז", און עס איז געווען זעהר וויכ־טיג, אז איך זאָל ברענגען אין דער שווייץ וואָס מעהר געלד, כדי מיר זאָלען קאָנען אָנגעהן מיט אונזער צייטונג „רוסקי ראַ־באָטשי", און מיט דעם טראַנספּאָרט פון רעוואָלוציאָנערער לי־טעראַטור.

ווי דער לעזער געדענקט מסתמא, זיינען מיינע טשעמאָ־דאַנעס גוט דורכגעקוקט געוואָרען אויף דער טאַמאָזשנע, ווען מען האָט מיך אויף מיין ערשטער נסיעה אַרעסטירט נעבען גרעניץ, און די בעאַמטע האָבען ניט ענדעקט די ליטעראַטור וואָס איז געווען בעהאַלטען צווישען די דאָפּעלטע ווענטלעך. איך האָב דעריבער בעשלאָסען דעם צווייטען מאָל צו פיהרען די בראָשורען מיט „מענדעלעיעוו'ס ספּאָסאָב" גלייך איבער דער טאַמאָזשנע, אָהן דער הילף פון אַ קאָנטראַנבאַדיסט.

איך האָב געדאַרפט געפינען אין בערלין אַ פערטרויענס־ווערטהען טשעמאָדאַנשטשיק און אויך קריגען אַ פּאַספּאָרט פאַר אריבערפאָהרען דעם גרעניץ. איך האָב גערעכענט, אז אין דעם וועט מיר אם בעסטען קאָנען העלפען חבר בוכהאָלץ, וועמען איך האָב געקענט, ווען ער האָט שטודירט אין בערנ'ער אוני־ווערזיטעט. בוכהאָלץ איז מיט עטליכע חדשים פריהער אוועק־געפאָהרען פון בערן און ער האָט זיך בעזעצט אין בערלין, וואו ער האָט גענומען אַן אַנטייל אין דער אַרבייט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. איך בין אוועק צו בוכ־האָלצ'ען.

## פערטער קאַפּיטעל

ווילהעלם בוכהאָלץ. — זיינע מרה־שחורה׳דיגע שטימונגען. — זיין פרוי ריוואַטשקאַ.

ווילהעלם בוכהאָלץ, וועלכער האָט שפּעטער געשפּיעלט אַ גאַנץ בעדייטענדע ראָלע אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט געשטאַמט פון דייטשע עלטערן. ער איז אָבער געבאָרען געוואָרען אין רוסלאַנד, דוכט זיך אין צאַריצין, און ער האָט בעקומען אַן עכט רוסישע ערציהונג. אין סוף פון די אכציגער אָדער אין אָנהויב פון די נײַנציגער יאָהרען איז ער אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דעם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט פאַר בעטייליגען זיך אין אַ סטודענטען־דעמאָנסטראַציע, און איז געקומען אין דער שווייץ, וואו זיין שוועסטער, די איצטיגע פרוי דר. קאָניקאָוואַ, פון באָסטאָן, האָט דעמאָלט גענומען אין ציוריך אַ שטאַרקען אָנטייל אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די רוסלענדער סטודענטען און אויך צווישען די דייטשע ארבייטער.

ווען איך בין געקומען אין בערן, אין 1893, איז בוכהאָלץ געווען אַ סטודענט פון פילאָזאָפישען פאַקולטעט. זיין אויסזעהן האָט צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט פון מיין ערשטער בעגעגעניש מיט איהם. זיינע לאַנגע, געקרייזעלטע האָאָר, זיינע בלאַהע, דאָס רוב אומעדיגע, אויגען, האָבען צוגעגעבען זיין פּנים אַן אויסדרוק פון אַ פריהצייטיג ענטוויקעלט קינד. עס זיינען געווען צייטען, ווען זיין פּנים איז געווען בעלויכטען מיט אַ פרעהליכען, נאַאיוו־קינדערשען שמייכעל. דאָס רוב אָבער איז אויף זיין געזיכט געלעגען אַ טיעפע בענקעניש און אונבעפרידיגטקייט. עס איז געווען עפּעס טראַגישעס און פּאַטעטישעס אין דעם אויסדרוק פון אייביגער זוכעניש, וואָס איז געלעגען אין זיינע קינדערשע אויגען.

בוכהאָלץ איז געווען גוט בעלעזען אין דער רוסישער און אין דער דייטשער ליטעראטור, האָט גערן געלעזען פּאָעזיע און וואהרשיינליך בשתיקה אליין געשריבען קורצע שורות. ער האָט בעזעסען פיעל וויסען אין געשיכטע, פּאָליטישער עקאָנאָמיע און פילאָזאָפיע. ער האָט געהאט אַן אָראַטאָרישען טאַלאַנט און פלעגט אָפט ארויסטרעטען אויף די סטודענטישע פערזאמלונגען פון דער רוסישער קאָלאָניע. אַלס אַן איבערצייגטער מארקסיסט האָט ער געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען. אויף די פערזאמלונגען פלעגט ער מיט גרויס התלהבות פערטיידיגען די פּרינציפּען פון עקאָנאָמישען מאַטע־ריאַליזם געגען דער קריטיק פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען. מען האָט אָבער אימער געפיהלט, אַז דער פּאַטאָס, וואָס ער פלעגט אריינלעגען אין זיינע ארגומענטען, איז געווען מעהר אַ מיטעל צו אונטערדריקען די ספקות, וואָס פלעגען, געגען זיין ווילען, ארויפשווימען אין זיין בעוואוסטזיין, צו פערשטארקען זיין אייגענע איבערצייגונג, איידער צו איבערצייגען זיינע צוהערער. איך האָב אימער געפיהלט, אַז אין הארצען נאָגען איהם צווייפ־לונגען אין דער ריכטיגקייט פון זיינע איבערצייגונגען, וועלכע ער האָט געפּרעדיגט מיט אַזאַ היץ, כמעט מיט כעס.

ווען איך האָב זיך מיט איהם בעפריינדעט, האָב איך אויס־געפונען, אַז דער איינדרוק, וואָס זיינע אויפגערעגטע רעדעס האָבען אויף מיר געמאַכט, איז געווען אַ ריכטיגער. ער האָט ניט געהערט צו דעם געוועהנליכען טיפּ פון דעם רוסישען מארקסיסט, וועלכער דענקט סכעמאַטיש, פאַר וועמען אַלץ איז איינפאַך און קלאָר, און וואָס געהט ארום מיט דער זעלבסטצופרידענהייט פון אַ מענשען, וואָס טראָגט ביי זיך אין קעשענע דעם דיינעם, אונ־צווייפעלהאַפטען אמת. בוכהאָלץ האָט ניט געהערט צו דער פּע־דאנטען טיפּ פון געטהע׳ס וואגנער, וועלכער זאָגט צו פאוסט׳ען: „צוואר וויים איך פיעל, דאָך מעכט איך אַלעס וויסען“; ער האָט שטענדיג געזוכט און געצווייפעלט, און אין הארצען זיך שטענדיג געראַנגעלט מיט זיינע ספקות, ווי עס ראַנגעלט זיך אַ פרומער, רעליגיעזער מענש מיט אַ קריטישען פערשטאַנד, וועמען עס פאַלען אָפט אריין אין קאָפּ מחשבות זרות און ספקות אין זיין אמונה.

און ניט נאָר אין זיינע איבערצייגונגען האָט בוכהאָלץ גע־צווייפעלט. אויף איהם פלעגט אָפט אויך אָנפאַלען אַן אונצו־פרידענהייט מיט זיך זעלבסט, אַ צווייפעל אין זיינע מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע כחות. ווען דאָס פלעגט געשעהען, פלעגט ער ווערען זעהר מרה־שחורה'דיג, ניט וועלען רעדען מיט קיינעם, און אָפליגען גאַנצענע טעג אויף דער סאָפא און טראַכטען. ווען עס פלעגט אויף איהם אַנפאַלען די מרה־שחורה, פלעגט ער זיך ענטזאַגען צו עסען, און מאַנכעסמאָל הונגערען טעג, ביז זיינע פריינד פלעגט זיך ווי עס איז איינגעבען איינצורעדען איהם צו נעהמען עפּעס אין מויל. עס קאָן זיין, אַז עס איז געווען אַ ביסעל פּאָזע אין דיזע קאַפּריזנע שטימונגען זיינע; מען האָט אַן אַנ־דערסמאָל געקענט בעמערקען, אַז בוכהאָלץ'ען איז געווען אַ ביסעל אַנגענעהם, ווען זיינע פריינד און פריינדינעס פלעגען אַרום איהם אַרומגעהן, בעמיהען זיך צו טרייסטען און איינרעדען איהם, אַז ער זאָל עסען. עס איז אָבער קיין צווייפעל ניט, אַז צום גרעסטען טייל זיינען די דאָזיגע שטימונגען געווען ערנסט און אויפריכ־טיג; עס איז אין זיי געווען אַן אמת'ער טיעפער טרויער, אַ בענקעניש נאָך דאָס פאָלקאָמענע, און אַ ביטערע אונצופרידענ־הייט מיט דער בעשרענקטקייט פון דאָס מענשליכע וויסען און פיהלען.

בעת איך בין אָנגעקומען אין בערנער אוניווערזיטעט, האָט בוכהאָלץ שוין דאן געהאַלטען ביים ענדיגען, און ער האָט זעהר פלייסיג געאַרבייט אויף זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע. ער האָט גע־לעזען און געשריבען גאַנצענע נעכט. אין עטליכע חדשים האָט ער שוין געהאַט כמעט פאַרטיג די גאַנצע דיסערטאַציע, און ווי זיינער אַ פריינד, פאַר וועמען ער האָט עס געלעזען, האָט מיר דערצעהלט, איז די אַרבייט געווען אויסגעצייכענט. אָבער אין אַ שטימונג פון פערצווייפלונג האָט בוכהאָלץ דורכגעקוקט, וואָס ער האָט אָנגעשריבען, און איז געבליבען אַזוי אונצופרידען מיט דער אַר־בייט, אַז ער האָט עס אַריינגעוואָרפען אין פייער. ווען ער איז געקומען צו זיין נאָרמאַלען צושטאַנד, האָט ער אָנגעהויבען צו שרייבען פון דאָס ניי. אַ פריינד זיינער האָט איהם שוין דאַן גע־היט און פלעגט ביי איהם צונעהמען אַלץ, וואָס ער פלעגט אָנ־

שרייבען. ענדליך האָט בוכהאָלץ געהאַט די דיסערטאַציע פאַרטיג. ער האָט אויסגעהאַלטען דעם דאָקטאָר־עקזאַמען, און זיך בעזעצט אין בערלין.

שפּעטער האָט בוכהאָלץ געהייראַט אַ רוסיש־אידיש מיידעל (ער אַליין איז געווען אַ ליטוואַק), זעהר אַ שעהנע ברונעטקע, מיט אַ רוהיגען ווייכען כאַראַקטער און אַ זעלטען־זיסער שטימע. ריוואָטשקאַ, ווי בוכהאָלץ און אַלע זיינע פריינד פלעגען זי רופען, האָט געהאַט אויף איהם אַ גוטע בערוהיגענדע ווירקונג. זי פלעגט זינגען מייסטערהאַפט רוסישע לידער, און ווען בוכהאָלץ פלעגט ווערען מרה־שחורה'דיג, פלעגט זי פאַר איהם זינגען שטונדען־לאַנג. ער פלעגט וויינען ווי אַ קינד, הערענדיג איהר געזאַנג. דער אומעט פלעגט ביסלאַכוויין פערשווינדען פון זיין געזיכט און ער פלעגט ווערען באַלד צוריק פרעהליך און ענערגיש. אין מיינע שפּעטערע וויזיטען נאָך בערלין האָב איך אָפט בעזוכט בוכהאָלץ'ען און פלעג אימער זיין טיעף געריהרט פון די אידיליש־נאַאיווע פערהעלטניסען צווישען איהם און ריוואָטשקאַ'ן. זיי האָבען ביידע געמאַכט דעם איינדרוק פון ערוואַקסענע קינדער.

אין דער צייט, ווענען וועלכער איך שרייב איצט, איז נאָך בוכהאָלץ ניט געווען פערהייראַט. ער האָט געוואוינט אין אַ מעבלירטען צימער ביי אַן איינפאַכער אַרבייטער־פאַמיליע, ער־געץ אין מאָאַביט, אַ פאָרשטאָדט פון בערלין. ווען איך בין צו איהם געקומען, איז ער געווען אין איינער פון זיינע שווערמוטיגע שטימונגען. איך האָב איהם געפונען ליגענדיג אויף דער סאָפאַ מיט פערבראָכענע הענט און פערוויינטע אויגען. ער האָט מיך צוערשט נישט בעמערקט. מיט אַ קול אין וועלכען עס האָט גע־קלונגען אַ טיעפער וועהטאָג, האָט ער פערצווייפעלט געשריען:

— פרוי מילער, איך האָבע קיינע וועלט־אַנשויאונג! פרוי מילער, איך האָבע קיינע איבערצייגונגען!

איך האָב גראָד געקענט די דאָזיגע פרוי מילער, און האָב אַמאָל אַ קורצע צייט געוואוינט ביי איהר. זי איז געווען אַ גאַנץ ביטרע, ניט מיאוס'ע ווייבעל, אין די מיטעלע יאָהרען. איהר מאַן, אַ מולער, איז געווען פיעל עלטער פון איהר. ער איז געווען ניט גאָר גלייכגילטיג צו אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, איבערהויפּט

צו װײס־ביער. דעריבער פּלעגט זי יעדען שבת, נאָך דער ארבײט, געהן איהם בעגעגענען און צונעהמען בײ איהם יעדען פּעניג. זי איז געװען זעהר װײט פון אירגענד װעלכער װעלט־אנשויאונג, און איהר אײנציגע איבערצײגונג איז געװען, אז מען דאַרף ארויס־קריגען פון מאַן און פון קװאַרטיראַנט װאָס מעהר מאַרקען און פּעניגע. די סצענע איז מיר דעריבער פאַרגעקומען א ביסעל קאָמיש.

פרוי מילער איז אװעק פון פענסטער, װאָס זי האָט געהאַל־טען אין װאַשען, און איז צוגעגאַנגען צו בוכהאָלץ'ען.

— זײַען זי דאָך ניכט קײן קינד, הערר בוכהאָלץ! — האָט זי צו איהם געזאָגט — װאָצו ברויכען זי אײנע װעלט־אנשױ־אונג? היער איזט איהר פרײנד, הערר ראָזענבאום!

ערשט דאַן האָט מיך בוכהאָלץ בעמערקט, און האָט זיך א ביסעל פערשעהמט. איך האָב איהם ערקלערט, אז איך װיל, ער זאָל מיר העלפען געפינען צװישען די געגאָסען א צופערלע־סיגען טשעמאָדאַנשטשיק און צו קריגען א פּאַספּאָרט, אום אריבערצופאָהרען דעם גרעניץ.

צוערשט האָט ער זיך ענטזאָגט מיר צו העלפען.

— װער װײס, צו װעט די גאַנצע רעװאָלוציאָנערע ארבײט אין רוסלאַנד ברײנגען װעלכע עס איז נוצען? — האָט ער גע־זאָגט — אפשר איז גאָר רוסלאַנד נאָך ניט צײטיג פאַר סאָצי־אַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע? איך װײס ניט צי איך האָב א מאָ־ראַלען רעכט צו זײן אײך בעהילפיג אין אײער אונטערנעהמונג, װאָס קען זיך ענדיגען מיט אײער ארעסט.

איך האָב איהם געענטפערט, אז איך האָב ניט קײן צײט אויסצוהערען די אַלע נאַרישקײטען, און געגעבען איהם אביסעל מוסר, פאַרװאָס ער לאָזט זיך בעהערשען פון יעדער שטימונג. ער איז באַלד געװאָרען ערנסט, האָט זיך אָנגעטאָן, און איז אװעק מיט מיר אין דער רעדאַקציע פון דעם בערלינער „פאָרװערטס“.

## פינפטער קאַפּיטעל

מיט בוכהאָלצען אין „בערלינער פאָרווערטס". — געפינען אַ טשעמאָדאַנער־מאַכער. — וויליג איין אריבערצופיהרען לעניןס דייטשע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור.

ווען בוכהאָלץ איז אַרויס מיט מיר אין גאַס, איז געווען מיטאָג־צייט. עס איז געווען אַ שעהנער זומער־טאָג. די טראָטואַרען זיינען געווען פול מיט שפּאַצירענדע מענער און פרויען. בוכהאָלץ איז געגאַנגען אומעטיג און פערטראַכט, אַזוי ווי ער וואָלט קיינעם ניט בעמערקט. איך האָב זיך בעמיהט איהם אויפצומינטערען און אַריינציהען איהם אין אַ געשפּרעך. איך האָב גענומען דערצעהלען איהם וועגען זיינע פריינד אין בערן און וועגען דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין דער דאָרטיגער רוסישער קאָלאָניע. ער האָט אָבער גאָרניט געענטפערט. ער איז געגאַנגען מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ, מיט אונזיכערע שריט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען שכור׳לאַך. מיר האָט אויסגעוויזען, אַז ער האָט זיך גאָרניט צוגעהערט צו מיינע רייד. ווען איך האָב איהם אָבער אָנגעהויבען צו דערצעהלען וועגען מיין נסיעה קיין רוסלאַנד, ווי אַזוי מען האָט מיך אַרעסטירט נעבען גרעניץ, מיט די טשעמאָדאַנעס, און דערנאָך בעפרייט, — איז ער געוואָרען אויפמערקזאַם. ער איז באַלד געוואָרען לעבעדיגער, זיין גאַנג איז געוואָרען פעסטער און זיכערער און ער האָט זיך אַ פּאָאָר מאָל אפילו פאַנאַנדערגעלאַכט. מיר זיינען פערבייגעגאַנגען אַ רעסטאָראַן. בוכהאָלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען טראַכטען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך עפּעס געוועלט דערמאָהנען.

— איהר ווייסט, איך בין שרעקליך הונגעריג — האָט ער צו מיר געזאָגט, ווי איינער, וואָס האָט פּלוצלונג אויסגעפונען וואָס איהם פעהלט — איך האָב שוין כמעט צוויי טעג ניט געגעסען.

ווי איך האָב שוין דערצעהלט, פלעגט בוכהאָלץ אויפהערען צו עסען, ווען די מעלאַנכאָלישע שטימונג פלעגט אויף איהם אָנפאַלען. מיר זיינען אריין אין רעסטאָראַן און זיך געזעצט עסען מיטאָג. בוכהאָלץ האָט געגעסען מיט אַן אונגעהייערען אַפּעטיט און איך האָב איהם געדאַרפט דערמאָהנען, אַז ער זאָל עסען לאַנגזאַמער. באַלד האָט זיך בעוויזען פאַרב אויף זיין בלייכען פּנים, זיינע בלאָהע אויגען האָבען גענומען לייכטען און ער איז געוואָרען לעבעדיג און פרעהליך.

מיר זיינען אַוועק אין דער רעדאַקציע פון „בערלינער פאָר־ווערטס“, וואו בוכהאָלץ איז געווען גוט בעקאַנט. מען האָט אונז דאָרט זעהר פריינדליך אויפגענומען, און ווען מיר האָבען ערקלעהרט דעם ציעל פון אונזער בעזוך, האָט אונז איינער פון די מיטאַרבייטער געגעבען עטליכע אַדרעסען פון גענאָסען־טשעמאָדאַנשטשיקעס און אַן עמפּפעהלונגס־בריעף צו אַ סאָציאַ־ליסט אין קעניגסבערג. דער מיטאַרבייטער פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פאַרטיי־אָרגאַן האָט מיר פערזיכערט, אַז דער קעניגסבערגער חבר וועט פאַר מיר קריגען אַ פּאַספּאָרט אום אריבערצופאָהרען דעם גרעניץ.

פון דער רעדאַקציע פון דעם „בערלינער פאָרווערטס“ זיינען מיר גלייך אַוועק צו די טשעמאָדאַנשטשיקעס, וואָס מען האָט אונז רעקאָמענדירט. מיר האָבען בעשלאָסען פאָרזיכטיג אויס־צו קלייבען דעם מאַן, וועמען מיר זאָלען פערטרויען דעם סוד. מיר האָבען געוואוסט, אַז אין בערלין זיינען דאָ גענוג רוסישע שפּיאָנען, און אַז זינט דער סאָציאַליסטען־געזעץ איז אָפּגע־שאַפט געוואָרען, האָבען די דייטשע גענאָסען פערגעסען די וויכטיגקייט פון קאָנספּיראַציע.

דער ערשטער גענאָסע, צו וועלכען מיר זיינען אריין, האָט געהאַט אַ גרויסע טשעמאָדאַנען־פאַבריק, אין וועלכער עס האָבען געאַרבייט פיעלע אַרבייטער. איך האָב איהם ניט געזאָגט וועגען דעם פּלאַן פון די טשעמאָדאַנעס, נאָר האָב גערעדט מיט איהם וועגען אַ קופערט מיט אַ דאָפּעלטען באָדען. ער האָט זיך אונ־טערגענומען צו לאָזען עס מאַכען פאַר מיר. אָבער ער האָט אויף מיר געמאַכט ניט קיין גוטען איינדרוק. אַ חוץ דעם האָב איך

געזעהן, אז דער בעל הבית אליין ארבייט ניט און אז ער וועט עס איבערגעבען צו די ארבייטער. פערלאָזען זיך אויף זיי, אז זיי יועלען עס האלטען בסוד, האָב איך, זעלבסטפערשטענד־ליך, ניט געקאָנט.

מיר זיינען אוועק צו א צווייטען, וועלכער האָט געהאט א קליין געשעפט, און האָט געטאָן די גאנצע ארבייט מיט דער הילף פון איין־איינציגען ארבייטער. סיי דער בעל־הבית, סיי דער ארבייטער, האָבען זיך ארויסגעצייגט צו זיין ערנסטע, אי־בערגעגעבענע סאָציאל־דעמאָקראטען. דער אייגענטימער פון גע־שעפט איז געוועזן שוין אַן עלטערער מענש, וועלכער האָט גע־ארבייט אין דער פארטיי נאָך אונטער דעם סאָציאליסטען־געזעץ. ער האָט געהאט א זעהר סימפּאטיש און ענערגיש געזיכט, און האָט אויסגעזעהן א ביסעל עהנליך צו בעבעל'ן. איך האָב איהם ערקלערט, וואָס איך פערלאַנג פון איהם, האָב זיך בעמיהט צו מאכען פאר איהם קלאָר, ווי וויכטיג עס איז, אז דער „ספּאָסאָב מענדעליעיעווא" זאָל בלייבען א סוד. ער האָט מיר פערזיכערט, אז ער פערשטעהט זעהר גוט, וואָס קאָנספּיראציע מיינט, און אז קיינער, א חוץ איהם און זיין ארבייטער, וועט וועגען דעם ניט וויסען. מיר האָבען אָפּגערעדט, אז דעם זעלבען אָבענד זאָל איך ברייננגען צו איהם מיינע טשעמאָדאַנעס און די ביכער.

איך בין אוועק אין שאַרלאָטענבורג צו פרוי רודאָלף, מיט וועלכער דער לעזער איז שוין בעקאַנט פון פריהער. ווי גע־וועהנליך אין מיינע בעזוכען אין בערלין, בין איך אויך דאָס מאָל פערפאָהרען צו איהר, ווען איך בין געקומען צוריק פון רוסלאַנד. ביי פרוי רודאָלף האָב איך, ערשטענס, געקענט קריי־גען א צימער און עסען פאר זעהר ביליג, און צווייטענס, האָט זי ניט געפאָדערט, אז איך זאָל מעלדען מיין פּאַס אין דער פּאָליציי. הגם איך האָב שוין דאַן געהאַט מיין טערקישען פּאַס־פּאָרט, אויף וועלכען די בערלינער פּאָליציי האָט זיך ניט גע־קאָנט דערוואַרטען מיט צוויי יאָהר פריהער, האָב איך דאָך ניט געטאָרט אריינפאָהרען צוריק קיין פּרייסען אָהן א ספּעציעלער ערלויבניש, וויל מען האָט מיך פון דאָרט אמאָל געהאט ארויס־געשיקט.

בוכהאָלץ איז מיטגעגאַנגען מיט מיר, כדי צו העלפֿען מיר ברייגנען די טשעמאָדאַנעס צו אייזענשטאַדט'ען, ביי וועמען איך האָב געדאַרפֿט נעהמען די ביכער. ווען מיר זיינען געקומען צו די אייזענשטאַדט'ס, האָבען מיר דאָרט געטראָפֿען לענין'ען. ער האָט ביי מיר געפֿרעגט, ווען איך וועל זיין פֿערטיג צו פֿאָהרען אין רוסלאַנד מיט דער ליטעראַטור. איך האָב פֿערשטאַנען, אַז אייזענשטאַדט האָט איהם דערצעהלט וועגען מיין אונטערנעהמונג און וועגען מיין מעטאָדע אַריבערצופֿיהרען די ביכער. איך בין געווען זעהר אונצופֿרידען, וואָס אייזענשטאַדט האָט איהם פֿערטרויט מיין סוד. איך האָב לענין'ען ניט חושד געווען, אַז ער וועט מיר פֿער'מסר'ען פֿאַר דער רוסישער אָדער פֿאַר דער דייטשער רעגירונג, — מיט דער רוסישער רעגירונג, וועלכע איז נאָך דאַמאָלס ניט געווען אין די הענט פֿון די באָלשעוויקעס, איז לענין אַליין געווען ניט גאָר שוה־בשוה. אָבער ווי צופֿערלעסיג לענין זאָל ניט זיין, האָט אייזענשטאַדט ניט געהאַט קיין רעכט צו ברעכען דעם דין פֿון דער רעוואָלוציאָנערער קאָנספּיראַציע, וועלכער זאָגט, אַז דער זיכערסטער חבר מעג וויסען וועגען די געהיימניסע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט נאָר אויף ווי וויט דאָס איז נויטיג פֿאַר דער אַרבייט. ווען איך האָב אויסגעדריקט אייזענשטאַדט'ען מיין אונצופֿרידענהייט, האָט ער זיך ענטשולדיגט און ערקלעהרט, אַז לענין דאַרף אויך אַריבערשיקען אין רוסלאַנד אַ ביסעל סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, און אַז ער האָט איהם דעריבער דערצעהלט וועגען מיין פּלאַן, דענקענדיג, אַז איך וועל גאָר ניט האָבען דאַגעגען.

לענין האָט מיר ערקלעהרט, אַז ער קלייבט זיך אין גיכען צו פֿאָהרען אין רוסלאַנד, און אַז ער וויל אַריבערשיקען אַהין זיינע דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ביכער, וועלכע די רוסישע צענזור לאָזט ניט דורך. די דאָזיגע ביכער זיינען בעשטאַנען פֿון קאַרל מאַרקס', קאַאוטסקי'ס, ליבקנעכט'ס און בעבעל'ס ווערק, און פֿון פֿערשיידענע סאָציאַליסטישע פּעריאָדישע אויסגאַבען, הויפּטזעכליך פֿון עטליכע יאָהרגענג פֿון דעם זשורנאַל „די נייע צייט". די בעציהונג פֿון דער רוסישער פּאָליציי צו

סאָציאַליסטישע ביכער אין פרעמדע שפּראַכען איז געווען ניט אזוי שטרענג, ווי צו סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין רוסיש. „די נייע צייט", צום ביישפּיעל, איז יאָהרען־לאַנג דורכגעגאַנגען דורך דער רוסישער צענזור, און אַן אַנדערסמאָל פלעגט זי נאָר פערגיסען מיט טיפּאָגראַפּסקע פאַרב אַן אַרטיקעל װעגען רוס־לאַנד. אין די יאָהרען, ווען איך בין געווען אין ווילנא, פלעגען מיר רעגעלמעסיג ערהאַלטען „די נייע צייט", און מיר האָבען אפילו געפונען אַ מיטעל צו מאַכען לעזבאַר די אַרטיקלען, וואָס די צענזור פלעגט פערמעקען. מיר פלעגען איינרייבען די פער־מעקטע זייטען מיט אַ דינעם, װייסען פּוידער, און די בוכ־שטאַבען פלעגען ווערען קענטיג, און אַנשטאָט צו האָבען די אַרטיקלען שוואַרץ אויף ווייס, פלעגען מיר זיי האָבען ווייס אויף שוואַרץ. עס איז אפילו ניט געווען גרינג צו לעזען דיזע געפּוידערטע אַרטיקלען, אָבער ווער האָט דעמאָלט געטראַכט וועגען שאַנעווען די אויגען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען איבערצוכיטרעווען די רוסישע צענזור. אין אָנהויב פון די ניינציגער יאָהרען איז די צענזור געוואָרען שטרענגער און „די נייע צייט" האָט מען שוין מעהר אין רוסלאַנד ניט אַריינגעלאָזט.

איך האָב איינגעווילגט אַריבערצושמוגלען פאַר לענין'ען זיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ביבליאָטעק.

לענין, וועלכער האָט דאַמאָלס געוואוינט ניט ווייט פון די אייזענשטאַדט'ס, האָב באַלד געבראַכט זיינע ביכער. איך האָב זיי אַריינגעלעגט אין איינעם פון מיינע טשעמאָדאַנעס. די בראָשורען, וועלכע איך האָב געדאַרפט אַריבערפיהרען פאַר איי־זענשטאַדט'ען, האָב איך אַריינגעלעגט אין די איבעריגע צוויי, און האָב זיי, מיט בוכהאַלץ'ס הילף, אַוועקגעטראָגען צום טשע־מאָדאַנען־מאַכער.

# זעקסטער קאַפּיטעל

מאָד פאַרטיג די טשעמאָדאַנעס. — אַ שמועס מיט'ן דייטשען גענאַסע. — קריג אין קעניגסבערג אַ דייטשען פּאַס. — פאָהר אַפּען דורך דער טאַמאָזשניע.

ווען איך בין געקומען שפּעט אין אָבענד צום טשעמאָ־דאַנען־מאַכער, האָט ער שוין געוואַרט אויף מיר. ער האָט פער־שלאָסען די טהיר, אַראָפּגעלאָזט די פאָרהאַנגען איבער די פענס־טער און מיר האָבען גענומען אויספּאַקען די בראָשיורען און ביכער. דער אַלטער סאָציאַל־דעמאָקראַט האָט בעקוקט די ליטע־ראַטור מיט גרויס אינטערעס. רוסיש האָט ער, זעלבסטפער־שטענדליך, ניט געקאָנט לייענען און ער האָט מיך פאַנאַנדער־געפרעגט וועגען דעם אינהאַלט פון די רוסישע בראָשיורען. ווען ער האָט דערזעהן לעניןס דייטשע ביכער, האָט ער זיך דער־פרעהט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אונערוואַרטעט בעגעגענט מיט גוטע, אַלטע פריינד. ער האָט מיר גענומען דערצעהלען וועגען די אַמאָליגע יאָהרען, ווען אין דייטשלאַנד האָט נאָך געהערשט דער סאָציאַליסטען־געזעץ און די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען געמוזט דרוקען זייער ליטעראַטור אין דער שווייץ און זי אַריבערשמוגלען אין דייטשלאַנד. פאַר זיי איז די אויפגאַבע געווען פיעל לייכטער ווי פאַר אונז. ערשטענס, האָבען זיי גע־האַט אַ סך גענאָסען אויף ביידע זייטען פון דעם דייטש־שווייצאַרישען גרעניץ, און צווייטענס, איז אַפילו אין יענע צייטען דער סאָציאַליזם ניט פערפאָלגט געוואָרען אין דייטשלאַנד אַזוי שטרענג ווי אין רוסלאַנד. זאָגאַר אין פּרייסען, וואו דער געזעץ געגען די סאָציאַליסטען איז געווען שטרענגער, איידער אין אַנ־דערע טיילען פון דייטשען קעניגרייך, האָט מען געקענט האַל־טען אָפען אין ביכער־שראַנק סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, אָהן דער געפאַהר אַרעסטירט צו ווערען פאַר דעם דאָזיגען חטא און

צו שמאַכטען יאָהרען אין געפענגניס. אין פערגלייך מיט רוס־לאַנד איז אפילו דאַמאָלט פּרייסען געווען אַ פרייע מדינה.

דער גאַנצער האָט גערעדט מיט ליעבע וועגען „די גוטע אַלטע צייטען“, ווען די בעוועגונג איז געווען יונג און פול מיט ענטוזיאַזם. זיינע רייד האָבען געמאַכט דעם אַנדרוק, אַז איהם האָט כמעט ווי פערדראָסען, וואָס דער סאָציאַליסטען־געזעץ איז אָבגעשאַפט געוואָרען. ער האָט זיך בעקלאָגט, אַז זינט די בע־וועגונג האָט זיך אויסגעשפּרייט מעהר אין דער ברייט, איז זי געוואָרען פלאַכער, ווי אַ שטראָם, וועלכער רייסט זיך אַרויס פון אַן ענגער בערגיגער שלוכט אין פרייען אָפענעם טהאָל אריין.

„ניטאָ דער אַמאָליגער ברען, די אַמאָליגע איבערגעבענקייט“, האָט ער געזאָגט מיט אַ זיפץ, — „אויך די אַמאָליגע וואַרימ־קייט און פריינדשאַפט, וואָס עס האָט זיך געפיהלט צווישען חברים, איז פערשוואונדען. מען קומט זיך צוזאַמען אין אַ גרויסען, שעהנעם זאַל צו סאָציאַליסטישע פערזאַמלונגען, מען זעצט זיך אַוועק בעקוועם מיט אַ קופעל ביער, מען הערט אויס די פּאַרטרעגע פון די רעדנער, און דערנאָך געהט מען זיך פאַ־נאַנדער ווי פרעמדע, און יעדער איינער קעהרט זיך אום צוריק צו זיין אַלטעגליכער וואָכעדיגקייט. איך פערשטעה, אַז אייער רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז פיעל לעבעדיגער, אינטערעסאַנ־טער און וואַרימער. דערצעהלט מיר וועגען אייער רוסישער בע־וועגונג.“

פון אונזער וויטערדיגען געשפּרעך האָב איך געזעהן, אַז דער דייטשער חבר איז געווען בעקאַנט מיט דער טעטיגקייט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ.“ ער האָט מיט עהרפורכט דערמאָנט די נעמען פון סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, זשעליאַבאָוו און אַנדערע העלדען פון טעראָריסטישען קאַמף. ווען איך האָב איהם דער־צעהלט וועגען די גרונד־פּרינציפּען פון אונזער „סאָיוז“, איז ער גאָרניט אויפגערעגט געוואָרען פון אונזערע אַנטי־מאַרקסיסטישע טענדענצען, און ער האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז אונז וועט זיך איינגעבען ווידער אויפצואוועקען דעם אַקטיווען קאַמף געגען דעם צאַריזם. דער דייטשער חבר האָט בעסער פערשטאַ־נען די נויטווענדיגקייט פון טעראָר אונטער די דעמאָלדיגע אומ־

שטענדען אין רוסלאנד, איידער אונזערע אייגענע סאָציאַל־דע־מאָקראַטען.

ניט אונטערברעכענדיג אונזער געשפּרעך וועגען דער סאָציאַ־ליסטישער בעוועגונג אין דייטשלאַנד און אין רוסלאַנד, זיינען מיר אָנגעגאַנגען מיט אונזער אַרבייט. איך האָב פאַנאַנדער־געלעגט די ביכער און זיי אויסגעשפּרייט אין די טשעמאָדאַנעס. דער גענאָסע האָט פאַרבערייט פון טאָוועל די קעסטלעך וואָס האָבען גענוי אַריינגעפּאַסט אין מיינע טשעמאָדאַנעס און האָבען צוגעפּרעסט און בעדעקט די פערבאָטענע ביכער. כדי דער אינ־וועניגסטער טאָוועל זאָל זיך ניט אויסבויגען און אַרויסרופען דערמיט פערדאַכט אויף דער טאַמאָזשניע, האָט מען געמוזט דורכנעהמען מיט מעשענע וואַליזען־נעגעל ביידע טאָוולען, דעם אויסוועניגסטען און דעם אינוועניגסטען און צונויפציהען זיי פעסט צוזאַמען. פילע ביכער זיינען דורכגעלעכערט געוואָרען פון די נעגעל, און שפּעטער האָט זיך דעריבער צווישען די רוסישע חברים, וועלכע האָבען ניט געוואוסט וועגען „מענדע־לעיעוו׳ס מעטאָדע״, פערשפּרייט דער גלויבען, אז מיר שיקען אַריבער אונזער ליטעראַטור אין אַ וואָגען היי, און אז די גרע־ניץ־סאָלדאַטען לעכערען דורך די ביכער, ווען זיי שטעכען אַריין זייערע פּיקעס אין די היי צו זעהן, אויב דאָרט איז ניט בעהאַלטען קיין קאָנטראַבאַנדע.

אזייגער 1 פאַרטאָג האָבען מיר געהאַט אַלע ביכער „אַריינ־געסענדוויטשט״ אין די טשעמאָדאַנעס. מען האָט זיי נאָר גע־דאַרפט אויסקלעפּען אינוועניג כדי זיי זאָלען זיין אינגאַנצען פאַרטיג פאַר דער אינספּעקציאָן פון די רוסישע צאָל־בעאַמטע. דער טשעמאָדאַנען־מאַכער האָט מיר צוגעזאָגט דאָס צו טהאָן אין דער פריה און האָט מיר געהייסען קומען מיטאָג־צייט.

ווען איך בין געקומען אויף מאָרגען, האָב איך געפונען די טשעמאָדאַנעס אויסגעקלעפּט און אויסגעטריקענט. דער גע־נאָסע האָט זיך ענטזאָגט צו נעהמען געצאָהלט פאַר זיין אַר־בייט און האָט מיר גערעכענט נאָר פאַר דעם מאַטעריאַל וואָס ער האָט פערברויכט. איך בין איהם חושד, אז ער האָט מיך נאָך אָבגענאַרט און גערעכענט וועניגער איידער דער מאַטעריאַל

האָט איהם אַליין געקאָסט. מיר האָבען זיך וואַרים צוזעגענט. ביינאַכט בין איך אָבגעפאָהרען אין קעניגסבערג.

אין קעניגסבערג בין איך גלייך אַוועק צו דעם געגאָסע, צו וועמען איך האָב געהאַט די רעקאָמענדאַציע פון בערלינער „פאָרווערטס". דעמזעלביגען טאָג האָט ער פאַר מיר געקראָגען אַ פּאַספּאָרט פון אַ דייטשען האַנדעלס־רייזענדען. כדי אויס־צוזעהן ווי דער אמת'ער אייגענטימער פון פּאַס האָב איך גע־קויפט אַ גרויסען בונטען קראַוואַט, וועלכער האָט געלויכטען מיט אַלע זיבען קאָלירען פון דעם רעגענבויגען; בין אַוועק צו אַ פאַריקמאַכער, וועלכער האָט מיר פערדרעהט און פער־שפּיצט די וואָנצעס אַזוי, אַז ווילהעלם אַליין וואָלט מיר מקנא געווען. ער האָט מיר פערקעמט די האָאַר מיט אַ שייטעל אין מיטען און האָט זיי פעט אָנגעפּאָמאַדעוועט. איך האָב געקויפט אַ פלעשעל ביליגע פערפיום, האָב זיך בעשפּריצט, אַז עס האָט געהאַקט פון מיר אויף אַ מייל, און האָב זיך אַוועק־געלאָזען צום גרעניץ.

די גאַנצע צייט בין איך געווען רוהיג און ביי מיר איז ניט געווען קיין צווייפעל אַז אַלץ וועט אָראָבגעהן גלאַט. אָבער ווען דער צוג איז צוגעפאָהרען צום גרעניץ, האָט מיר דאָס האַרץ אָנ־געהויבען שטאַרק צו קלאַפּען. פערשידענע אונרוהיגע געדאַנקען האָבען זיך שנעל געטראָגען אין קאָפּ. אמת, איך בין געווען זיכער, אַז מיינע פערדרעהטע וואָנצעס, די פּאָמאַדע און פערפיום וועלען אַוועקנעהמען יעדען פערדאַכט, אַז איך בין אַ רעוואָלו־ציאָנער, אָבער די טשינאָווניקעס זוכען דאָך ניט נאָר טריפה ביכער. קען עס דען ניט זיין, אַז זיי וועט אריינפאַלען אַ חשד, אַז איך האָב בעהאַלטען אין מיינע טשעמאָדאַנעס זיידענס אָדער דימענטען. וואָס וועלען מיר דאַן העלפען מיינע פערשפּיצטע וואָנצעס און מיין רעגענבויגענדיגער קראַוואַט?

עס האָט זיך מיר דעמאָלט בעזונדערס ניט געוואָלט אַרעס־טירט ווערען. איך האָב געוואוסט, אַז איך האָב אייגענטליך קיין רעכט ניט געהאַט אונטערצונעהמען אַ צווייטע נסיעה אין רוסלאַנד, ניט בעראַטענדיג זיך מיט מיינע חברים. עס איז ביי מיר קיין ספק ניט געווען אַז ווען איך וואָלט זיי אָנגעפרעגט

וועגען דעם, וואָלטען זיי געווען ענטשידען דאַגעגען. א חוץ מיר האָבען מיר נאָך דעמאָלט אין אונזער אָרגאַניזאַציע ניט געהאַט קיינעם, וואָס זאָל זיין פּאַסענד פאַר קאָנספּיראַטיווע נסיעות אין רוסלאַנד, און מיט מיין אַרעסט וואָלט זיך אויף אַ צייט אָבגעריסען די מעגליכקייט צו מאַכען פערבינדונגען מיט רוסלאַנד, און צוצושטעלען אַהין אונזערע אויסגאַבען. דעריבער וואָלטען מיינע חברים פון „סאָיוז" בשום אופן ניט איינגעוויליגט, אַז איך זאָל שטעלען אין ריזיקע די וויכטיגע אַרבייט פון אונזער אָרגאַניזאַציע, כדי אַריבערצופיהרען ליטעראַטור פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. עס איז מיר מיט אַמאָל געוואָרען זעהר שווער און קאַלאַמוטנע אויפ'ן האַרצען.

א "נאָסילשטשיק„ (באַהן־טרעגער) איז אַריין אין וואַגאָן און צוגעגאַנגען צו מיר. איך האָב אָבגעטרייסעלט פון זיך די אומעטיגע גדאַנקען, געלאָזט זיך וויסען, אַז אמת איז אַ רעלאַטיווער בעגריף און, אַז אין די אומשטענדען בין איך אַן אמת'ער דייטש און האַנדעלס־רייזענדער, און מיינע טשעמאָדאַנעס זיינען געוועהנליכע כשר'ע טשעמאָדאַנעס אָהן אירגענד וועלכע „געפּיהלעכצען". איך האָב געהייסען דעם טרעגער נעהמען מיינע זאַכען און מיר זיינען אַריין אין „טאַמאָזשנע". ביי דער טהיר האָט אַ זשאַנדאַר ביי מיר גענומען דעם פּאַס. די צאָל־בעאַמטע זיינען אַרומגעגאַנגען מיעדע און פערשלאָפענע. מען האָט גלייך געזעהן, אַז זיי פוילען זיך צו אַרבייטען. וואַהרשיינליך האָבען זיי געמאַכט אַ קערטיל די פאָריגע נאַכט, און אפשר אַריינגעגאָסען אַ ביסעל מעהר ווי געוועהנליך. איך האָב אַרויסגענומען אַ בינטעל שליסלען פון קעשענע און אויפגעעפענט מיינע טשעמאָדאַנעס. איינער פון די בעאַמטע איז צוגעגאַנגען צו מיר. איך האָב גערעדט מיט איהם אין דייטש, אַריינבראָקענדיג אַ פּאָר ווערטער אין געבראָכענעם רוסיש. ער האָט אַ הויב געטאָן מיינע זאַכען אין איין טשעמאָדאַן, אין צווייטען, אין דריטען, האָט אַ ברייטען געניץ געטהאָן און אָנגעקלעפּט אויף זיי צעטלעך מיט דעם רוסישען אָדלער, וואָס דאָס האָט בעדייט, אַז ער האָט ערפילט זיין פליכט, און אַז מיינע זאַכען זיינען כשר.

דער זשאַנדאַר האָט מיר דערלאַנגט דעם פּאַספּאָרט און איך בין אַוועק אין בופעט, בעגלייט פון מיין „נאָסילשטשיק", וואָס האָט געטראָגען מיינע זאַכען. איך האָב אויסגעטרונקען אַ גלעזעל דייטשען קימעל, אַלס אַן אמת'ער פּאַטריאָט פון מיין פּאָטער־לאַנד, און, אום ניט צו פערשעהמען אונזער, דעמאָלט נאָך פריינד־ליכען, נאַכבאַר, האָב איך פערביסען מיט אַ רוסישען פּיראָזשאָק. איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף דעם רוסישען אָדלער, וואָס איז גע־ווען אָנגעקלעפּט אויף מיינע טשעמאָדאַנעס, און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז דער שעהנסטער פויגעל, וואָס איך האָב ווען אין מיין לעבען געזעהן.

„ווטאָראָי זוואָנאָק!" האָט אויסגערופען אַ טעמפּע, באַסאָווע שטימע. איך בין אריין אין וואַגאָן. דער נאָסילשטשיק, וועלכער האָט געקראָגען פון מיר מיט פינף קאָפּיקעס מעהר, איידער איהם האָט געקומט, האָט מיר געמאַכט „פּאָד־קאָזיראָק" און מיר גע־וואונשען אַ גליקליכע רייזע.

„טרעטי זוואָנאָק!" און איך פאָהר מיט מיינע דריי בעאָד־לערטע טשעמאָדאַנעס ווידער אַמאָל אין ווילנא.

## זיבעטער קאַפּיטל

אין ווילנא און צוריק דורך בערלין קיין בערן.

שנעל האָט זיך געטראָגן דער צוג צווישן גרינע פעלדער און לאָנקעס, צווישן סאָסנאָווע און בעריאָזאָווע וועלדלאַך. איך בין געזעסען ביים אָפענעם פענסטער פון וואַגאָן און האָב געקוקט אויף די ליעבע, בעקאַנטע לאַנדשאַפטען, וועלכע האָבען זיך געבאָדען אין די ווארימע שטראַהלען פון דער זומערדיגער זון. מיט פערגעניגען האָב איך איינגעאָטהעמט די ווארימע שמעקעדיגע לופט. אן אנגענעהמער געפיהל פון נצחון האָט אָנגעפיהלט דאָס הארץ. מיט ליעבע האָב איך געקוקט אויף מיינע טשעמאָדאַנעס, וואָס האָבען זיך אַזוי רוהיג און קלוג אויפגעפיהרט אויפ׳ן גרע־ניץ און האָבען ניט אַרויסגעגעבען אונזער סוד צו די בעאַמטע פון דער טאַמאָזשנע. דער רוסישער אָדלער האָט מיט זיינע פליגלען בעשיצט די סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פון אַלע וויי־טערע גע־פאַהרען. עס פלעגט אָפט טרעפען, אַז די רוסישע בעאַמטע פלעגען אָפּשטעלען פּאַסאַזשירען אין קאָוונע, און אפילו אין ווילנא, און דורכקוקען זייער באַגאַזש, כדי צו זעהן, אויב זיי פיהרען דייטשע סחורה וואָס איז אַריבערגעשמוגעלט געוואָרען איבער׳ן גרעניץ. אָבער די אָדלערס, וואָס זיינען געווען אָנגעקלעפּט אויף מיינע טשעמאָדאַנעס, האָבען עדות געזאָגט, אַז מיינע זאַכען זיינען דורכגעקוקט געוואָרען און דעריבער בין איך געווען פערזיכערט פון אַלע וויי־טערע אונאַנגענעהמליכקייטען.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַנציע נעבען אַ קליין דערפעל. עטליכע פויערטעס זיינען צוגעגאַנגען צו די אָפענע פענסטער פון וואַגאָן און האָבען אָנגעבאָטען די פּאַסאַזשירען מילך, קוילעטשען, עפּעל און בלומען. איך האָב געקויפט אַ גרויסען בוקעט לאַנדישען („לילים אָוו דהי וואַלי"), וועלכע וואַקסען ווילד אין די דאָרטיגע וועלדער, און ווערען דעריבער פערקויפט שפּאָט־

ביליג. די לאַנדישען האָבען אָנגעפילט דעם וואַגאָן מיט זייער צאַרטען ריח און האָבען אַ ביסעל פערטריבען דעם אונאַנגענעה־מען גערוך פון מיין ביליגען פערפיום.

אַ רוסישער יונגערמאַן, וואָהרשיינליך אַ קופּעץ, וועלכער איז געזעסען נעבען מיר, האָט געמאַכט אַ פּערזוך צו פערפיהרען מיט מיר אַ געשפּרעך, און גענומען מיך פערנאַנדערפרעגען, מיט וואָס איך האַנדעל. איך האָב איהם געענטפערט קורץ, און ער האָט זיך באַלד פון מיר אָפּגעטשעפּעט. איינגעוויעגט פון דעם שאָקעל פון וואַגאָן בין איך אין גיכען איינגעשלאָפען זיצענדיג. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען פאַרנאַכט. די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידריג אויף'ן הימעל, האָט זיך בעהאַלטען הינטער אַ וועלדעל און איז באַלד אונטערגעגאַנגען. פון ערגעץ האָט זיך אָנגעטראָגען אַ טומאַן און איינגעוויקעלט די געגענד אין אַ גראָ־העןן נעבעל. מיין פרעהליכע שטימונג איז מיט אַמאָל פערשוואונ־דען; אַ געפיהל פון איינזאַמקייט און בענקשאַפט האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ: עס האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער קומען צוריק אין בערן און זעהען זיך מיט מיינע פריינד.

אין ווילנא בין איך געקומען שפּעט אין אָווענד. איך האָב ניט געוואָלט געהן אַזוי שפּעט צו מיינע חברים און איך בין פער־פאָהרען אין אַ האָטעל. איך האָב געהאַט אַ כשר'ען דייטשען פּאַספּאָרט, און האָב ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבען צו מעלדען איהם אין דער פּאָליציי.

אין דער פריה האָב איך געבראַכט מיינע טשעמאָדאַנעס צו פּאַטי סרעדניצקאיא'ן, וואו איך האָב אויסגעפּאַקט די רוסישע בראָשורען, וואָס אייזענשטאַדט האָט געשיקט. לענין'ס דייטשע ביכער האָב איך ניט אַרויסגענומען פון זייער בעהעלטעניש, ווייל ער האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל זיי לאָזען איינגעפּאַקט אין טשעמאָדאַן, כדי ער זאָל זיי קענען פיהרען ווייטער אָהן געפאַהר.

דעם זעלביגען טאָג בין איך אָפּגעפאָהרען צוריק קיין אויס־לאַנד. אָהן שוועריגקייטען בין איך אַריבער צוריק דעם גרעניץ און בין אין אָווענד געקומען אין קעניגסבערג. דער דייטשער גע־נאָסע, וועלכער האָט געקראָגען פאַר מיר דעם פּאַספּאָרט, האָט

זיך זעהר דערפרעהט, װען איך בין צו איהם געקומען. ער האָט געקוקט אויף מיר, אזו װי איך װאָלט ארויס א לעבעדיגער פון א לייבען־גרוב. ער האָט בעטראַכט די שטעמפּלען פון דער רוסישער טאַמאָזשנע אויף'ן פּאַס און די יאַװוקע פון דער װילנער פּאָליציי, װי עפּעס זעלטענע קוריאָזיטען. ער האָט מיך אײנגעלאַדען איבער־צונעכטיגען ביי איהם. איך האָב זיך אָבער געאײלט צו פאָהרען צוריק קיין בערן. איך בין אװעק צום װאָקזאַל און באַלד האָב איך געדרעמעלט אויף דער הארטער באַנק אין װאַגאָן פערטער קלאַס אויף'ן װעג קיין בערלין.

דער צוג איז אָנגעקומען אין בערלין א זײגער זעקס אין דער פריה. עס איז געװען א גראָהער רעגענדיגער פריהמאָרגען. די גאַ־סען זיינען געװען פול מיט ארבייטער, װאָס האָבען זיך געאײלט אין די פאַבריקען. איך בין גלייך אװעק צו די אייזענשטאַדטס, װעלכע האָבען זיך זעהר דערפרעהט צו זעהען מיך אזוי גיך צוריק. אין א פּאָאָר שטונדען ארום איז געקומען לענין. װען איך האָב איהם איבערגעגעבען, אז זיינע ביכער זיינען אין א זיכערען פּלאַץ אין װילנא, האָט זיך א צופרידענער שמייכעל צוגאָסען איבער זיין געזיכט, און איך גלויב, אז אין דעם מאָמענט האָט ער אויף א װיילע פערגעסען, אז איך בין א געגנער און אן אפּיקורס, װאָס לייקענט אין דער הייליגער תורה פון קאַרל מארקס. אָבער װען ער האָט מיר געגומען בעצאָהלען פאַר'ן אריבערפיהרען זיינע ביכער, האָט זיך זיין געזיכט בעדעקט מיט א װאָלקען פון אונצופרידענ־הייט. איך האָב געװאוסט אז לענין נויטיגט זיך ניט אין קיין געלד און איך האָב ניט פערשטאַנען די אורזאַכע פון זיין געפיהל. ער האָט מיר אָבער באַלד אליין ערקלערט דעם סוד.

— איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, — האָט ער געזאָגט צו מיר — אז איך גיב אייך דאָס געלד מיט א שװערען הארצען. איך װייס, אז דאָס געלד װעט געהן אויף דער פּראָפּאַגאַנדע פון אייע־רע אידעען, און איך בעטראַכט די אַנזיכטען פון די סאָציאַליס־טען־רעװאָלוציאָנערען פאַר שעדליך; אייער פּראָפּאַגאַנדע װעט אריינברייגגען א „סומבור" אין די קעפּ פון די ארבייטער און װעט אראָפּפיהרען פיליכט אייניגע פון זיי פון דעם װעג פון ריינעם פּראָלעטארישען סאָציאַליזם; איך פיהל דעריבער, אז איך האנדעל

געגען מיינע פּרינציפּען, העלפענדיג איך אינדירעקט צו פערשפּרייטען אייערע קליין־בירגערליכע אידעען.

די סומע, וואָס לעניִן האָט מיר בעצאָהלט, איז געווען ניט גרויס; דאכט זיך, אין גאנצען פינף און זיבעציג מארק; אָבער פאר אונזער דעמאָלדיגען ביודזשעט איז דאָס געווען אַ בעדייטענדע סכום. איך גלויב אז לעניִן׳ס געוויסען פּלאָגט איהם נאָך יעצט, ווען ער דערמאָהנט זיך וועגען דער מאַטעריעלער שטיצע, וואָס ער האָט אונז געגעבען מיט עטליכע און צוואנציג יאָהר צוריק. פיליכט טראכט ער, אז ער איז אַליין שולדיג אין דעם, וואָס די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען ערוועהלט אַ סך מעהר דעלעגאטען צו דער קאָנסטיטואירענדער פערזאמלונג, איידער די באָלשעוויקעס. דער מאַטעריעלער פאַקטאָר שפּיעלט דאָך אזא וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע!

אין אָוועגד האָב איך פערלאָזען בערלין. ענדליך בין איך געפאָהרען צוריק אין דער שטילער רוהיגער שווייץ. פאר די צוויי יאָהר וואָס איך האָב דאָרט געלעבט, האָב איך זיך צוגעבונדען צו דער שעהנער קליינער מדינה, און איך האָב זיך געפיהלט אזוי ווי איך וואָלט געפאָהרען צוריק אהיים. איך בין געקומען אין באזעל און אריין מיט מיינע זאכען אין דער שווייצארישער טאמאָזשנע. אָהן שרעק און הארצקלאַפּעניש האָב איך אויפגעעפענט מיינע טשעמאָדאנעס. די אַטמאָספערע פון דער פרייער רעפּובליק איז געווען זעהר אנגענעהם. נאָך דעם רוסישען גרעניץ האָט זיך מיר גערדאכט אז דער שווייצארישער גרעניץ איז גאָר קיין גרעניץ ניט, נאָר אַ געאָגראַפישע אבסטראקציע.

מיט עטליכע שטונדען שפּעטער בין איך געזעסען ביי די זשיטלאָווסקי׳ס צווישען מיינע חברים און זיי דערצעהלט די איינצעלהייטען פון מיין נסיעה. מיר זיינען אַלע געווען אין אַ יום־טוב׳דיגער שטימונג. אַלע מיינע פריינד זיינען שוין אַ לאנגע צייט ניט געווען אין רוסלאנד, און זיי האָבען מיך פונאנדערגעפרעגט וועגען אַלע קלייניגקייטען אין אונזער אַלטער היים. איך האָב זיך געפיהלט, אזוי ווי איך וואָלט געקומען צוריק פון אַ לאנגער נסיעה צום נאָרד־פּאָל. די זיסע וואַרימקייט פון פריינדשאַפט, וואָס האָט מיך ארומגערינגעלט, איז געווען אזוי ליעב און אנגענעהם נאָך די אַלע וואנדערונגען.

ווען איך האָב דערצעהלט מיינע חברים וועגן מיין צווייטער נסיעה אין רוסלאַנד מיט לענינ'ס און אייזענשטאַדט'ס ביכער, האָבען זיי מיר שטאַרק אויסגערעדט דערפאַר. אַלע זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז איך בין בעגאַנגען אַ פערברעכען געגען דער דיסציפּלין פון אונזער אָרגאַניזאַציע, און אַז איך האָב ניט גע־טאָרט אונטערנעהמען די ריזיקע אָהן דער איינווילינונג פון די איבעריגע מיטגליעדער פון אונזער „סאָיוז". חנן ראַפּאַפּאָרט האָט זיך באַמיהט צו מאַכען אַ שטרענגע געזיכט און האָט בעמערקט, אַז אייגענטליך האָט מען מיך געדאַרפט אויסשליסען פון דער אָר־גאַניזאַציע פאַר אַזאַ „גאַרושעניע דיסציפּליני". איך האָב זיך ער־קלערט שולדיג, און מיינע פריינד האָבען מיר מוחל געווען דעם חטא, נעהמענדיג אין אָנבעטראַכט מיינע „זאַסלוגעס" פאַר אונ־זער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבען געפיהלט, אַז הגם די פערבינדונגען, וואָס איך האָב געמאַכט אין רוסלאַנד, זיינען געווען נאָך זעהר אונבעדייטענד, האָט דאָך דער „סאָיוז רוסקיך סאָציאַליס־טאָוו רעוואָלוציאָנעראָוו" בעקומען אַ פעסטען באָדען אונטער די פיס, און מיר זיינען געווען זעהר אָפּטימיסטיש וועגען דער צו־קונפט. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבען מיר פערבראַכט צוזאַמען און געמאַכט פּלענער ווי צו פערברייטערען אונזער אַרבייט.

מיט אַ געמיש פון פרייד און אומעט דערמאָן איך זיך איצ־טער וועגען די גוטע אַלטע יונגע צייטען, ווען דער נוקלעאוס פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען איז בעשאַפען גע־וואָרען. וועלכע וואונדערבאַרע קרעפטען זיינען שפּעטער צוגעצוי־גען געוואָרען צו אונזער פּאַרטיי, וועלכע גלענצענדע העלדען־טהאַ־טען זיינען געטהאָן געוואָרען! און וויפיעל פון די העלדען זיינען געפאַלען אין דעם קאַמף און ניט דערלעבט צו זעהן דעם גרויסען זיעג און די נייע רוסלאַנד! און וואָס וועט אייגענטליך זיין די נייע רוסלאַנד? ווער וויים? ווער וויים?...

# ערשטער קאַפּיטעל

בּערנער אוניווערזיטעט. — די רוסישע סטודענטען־קאָלאָניע. — דעבאַטען. — זשיטלאָווסקי און פּלעכאַנאָוו. — אין טעריטע. — אויפ'ן „ראָנדע־זשאַמאַן“ און „ראָשע־די־נע“.

דאָס לעבען אין בערן איז די ערשטע צייט, נאָך מיין קומען צוריק געווען זעהר אָנגענעהם. בעת איך בין געווען אין רוסלאַנד, פלעג איך דאָס רוב פערגעסען, אַז איך בין אין געפאַהר. ערשט דאַן, ווען די געפאַהר איז אַריבער, האָב איך גענומען פיהלען, אַז מיינע נערוועז זיינען געווען שטאַרק אָנגעשטרענגט די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב דאָרטען פערבראַכט. יעדען פריהמאָרגען פלעג איך זיך אויפכאַפּען אין בערן מיט אַ בעזונדער אָנגענעהמען געפיהל פון פרייהייט און זיכערקייט. דער ערשטער געדאַנק, וואָס פלעגט מיר קומען, ווען איך פלעג עפענען די אויגען, איז געווען, אַז די לאַפּע פון דעם רוסישען זשאַנדאַר האָט דאָ קיין מאַכט ניט איבער מיר און אַז קיינער קען מיך דאָ ניט אָנכאַפּען ביים קאָלנער און שלעפּען אין געפענגעניס אַריין.

צו גוטס ווערט מען אָבער שנעל געוועהנט. איך בין אין גיכען צוריק צוגעוועהנט געוואָרען צו דער אַטמאָספערע פון דער פרייער רעפּובליק און מיר האָט זיך גענומען דאַכטען, אַז איך לעב אונטער געוועהנליכע נאָרמאַל־מענשליכע צושטענדען. איך האָב ווידער גענומען בעזוכען די פאָרלעזונגען אין אוניווערזיטעט. מיט אַ בעזונדער פערגעניגען האָב איך געהערט די גלעצענדע, הגם אַביסעל אויבערפלעכליכע, פאָרטרעגע איבער פילאָזאָפיע, פון פּראָפעסאָר שטיין, און פּראָפעסאָר וואָקער'ס פייערדיגע פאָרלעזונגען איבער געשיכטע. פּראָפעסאָר וואָקער פלעגט רעדען וועגען היסטאָרישע געשעהענישען, וואָס האָבען פאַסירט מיט דריי טויזענד יאָהר צוריק, מיט אַזאַ היץ, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס האַנדעלט זיך וועגען אַ ברענענדער טאָג־פראַגע. ער האָט גע־

האט א זעלטענעם טאלאנט צו מאָהלען פּאָרטרעטען פון היסטאָ־רישע פּערזענליכקייטען. מיט עטליכע קורצע שטריכען פלעגט ער בעשרייבען א מענשען אזוי, אז ער פלעגט שטעהן א לעבעדיגער פאר די אויגען.

אין בערן זיינען צו יענער צייט געווען א פינף־זעקס הונ־דערט סטודענטען און סטודענטקעס פון רוסלאנד. דאָס גרעסטע טייל פון זיי זיינען געווען מעהר אָדער ווייניגער בעוואוסטזיניגע סאָציאליסטען. עטליכע מאָל אין וואָך פלעגען פאָרקומען אין דער רוסישער קאָלאָניע פערזאמלונגען, אויף וועלכע עס פלעגען הויפּטזעכליך דיסקוטירט ווערען פראגען פון סאָציאליזם און פון דער טאקטיק פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. די סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען האבען אָנגעפיהרט א טעטיגע פּראָפּאגאנדא אין דער קאָלאָניע. חיים זשיטלאָווסקי און חנן ראפּאָפּאָרט פלעגען לייענען רעפעראטען פאר דעם ברייטען פּוב־ליקום, וועלכע פלעגען אימער פיהרען צו הייסע דעבאטעס מיט די סאָציאל־דעמאָקראטען. איך און די אנדערע אונזערע חברים, וועלכע זיינען ניט געווען קיין עפענטליכע רעדנער, האבען אָר־גאניזירט קליינע „קרוזשקי", וואו מען פלעגט לעזען צוזאמען און דיסקוטירען דיזעלבע ברענענדע פראגען. אייניגע פון די מיטגלידער פון די דאָזיגע „קרוזשקי" האבען באלד אָנגעהויבען צו סימפּאטיזירען מיט אונזער פּראָגראם און העלפען אונז אין אונער ארבייט. זיי האבען פערשפּרייט אונזער צייטונג „רוסקי ראבאָטשי", געזאמעלט געלד, געהאָלפען אראנזשירען „וועטשע־רינקעס", און אזוי ווייטער. דורך אייניגע פון זיי האבען מיר שפּעטער אריבערגעשיקט אין רוסלאנד טשעמאָדאנעס מיט לי־טעראטור.

מיר זיינען נאָך אלץ געווען די מינאָריטעט אין דער קאָ־לאָניע, אָבער די צאָהל פון אונזערע אָנהענגער איז שוין געווען א גאנץ בעדייטענדע. פערגעסענדיג, אז די ריכטיגקייט פון א נייער אידעע הענגט ניט אָפּ פון דער צאָהל פון איהרע אָנהענ־גער, פלעגען די סאָציאל־דעמאָקראטען אין אָנהויב אונז אָפט פּאָרוואַרפען, אז מיר, סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען, האבען אין גאנצען אָנדערטהאלב מיטגליעדער. איך געדענק, ווי איינמאָל

האָט פּלעכאַנאָוו, דיסקוטירענדיג אויף אַ פערזאַמלונג מיט זשיט־לאָווסקי׳ן, געזאָגט:

— ווען הערר זשיטלאָווסקי זאָגט: „מיר סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען״, דערמאָנט ער מיך אָן אַן אַנעקדאָט, וואָס איינער פון די פערשיקטע אין סיביר האָט מיר דערצעהלט: איינמאָל אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט האָט דער „פּאָליטישער״ דערהערט אַ שטאַרקע קלאַפּעריי אין טהיר.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער געפרעגט.

— מיר — האָט אַ שטימע געענטפערט פון דרויסען.

— ווער מיר? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— מאָרדווא — האָט דיזעלבע שטימע געענטפערט.

— וויפיעל זייט איהר? — האָט געוואָלט וויסען דער פערשיקטער.

— אָדנא (איינע) — האָט מען איהם געענטפערט.

מיט דעם אַנעקדאָט האָט פּלעכאַנאָוו געוואָלט זאָגען, אַז דער „סאָיוז רוסקיך סאָציאַליסטאָוו רעוואָלוציאָנעראָוו״ בעשטעהט אייגענטליך פון איין איינציגען מיטגליעד. דערצו האָט פּלע־כאַנאָוו מיט דעם „מאָרדווא״ נאָך געוואָלט אָנדייטען, אַז דער איינציגער מיטגליעד, וועלכער האָט זיך „פערראייניגט״ אין דעם „סאָיוז רוסקיך״, איז אייגענטליך ניט קיין „רוסקי״. עס קאָן זיין, אַז טאַקע פאַר אָט דעם חטא, וואָס פּליעכאַנאָוו איז אַמאָל בעגאַנגען מיט זיין אָפּלאַכען פון דער קליינער צאָהל מיטגלידער פון אונזער אָרגאַניזאַציע, האָט איהם גאָט בעשטראָפט און ער איז אַליין געבליבען אין דער מינדערהייט און איז געוואָרען, נעבעך, אַ „מענשעוויק״.

ווי געזאָגט, איז די צאָהל פון אונזערע אָנהענגער שנעל געוואַקסען, און עטליבע מאָנאַטען נאָך מיין קומען צוריק פון רוסלאַנד זיינען מיר שוין געווען אַ מאַכט אין דער בערנ׳ער קאָלאָניע, מיט וועלכער די סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען זיך געמוזט רעכענען. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבען זיך געמוזט אָבזאָגען פון זייער חזקה, וואָס זיי האָבען געהאַט משנים קדמוניות אויף דעם ניי־יאָהרס־באַל אין בערן, און זיי זיינען געווען געצוואונגען אריינצונעהמען די סאָציאַליסטען־

רעוואָלוציאָנערען אין שותפות און צו טיילען זיך מיט אונז מיט דעם גרויסען פּראָפיט, וואָס דער באַל האָט אַריינגעבראַכט. איך געדענק ווי היינט דעם וואונדערבארען ווינטערדיגען פריהמאָרגען, ווען וויערא סעווערינאָווגא זשיטלאָווסקאיא און איך זיינען געגאַנגען אהיים פון דעם ערשטען ניי־יאָהרס־באַל, וואָס מיר האָבען געגעבען בשותפות מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. דער פראָסט האָט געברענט גאָר אויפ׳ן רוסישען שטייגער, און דער שנעע האָט געקנאַקט אונטער די פיס. די שפּיצען פון די אַלפּען־בערג האָבען זיך איינער נאָך דעם אנדערען אָנגעצונדען און געגליהט מיט די זעלטענסטע אונבעשרייבליכע קאָלירען. מיר זיינעןביידע געווען זעהר מיעד נאָך דער לאַנגער שלאָפלאָזער נאַכט. מיר האָבען זיך גוט אָנגעהאָרעוועט, צוגרייטענדיג אַלעס פאַר דער וועטשער־רינקא. איך אַליין האָב ניט ווייניגער ווי דרייסיג מאָל אָנגע־שטעלט דעם גרויסען סאַמאָוואַר, אויפבלאָזענדיג דעם פייער מיט דער כאָליאַווע פון אַ שטיוועל. אָבער מיט וואָס פאַר אַ טריאומף האָב איך געטראָגען דאָס בלעכענע קעסטעל, אין וועלכער עס איז געלעגען אונזער חלק פון דעם רויב, וואָס מיר האָבען אָנגע־רויבט פון די רוסלענדער סטודענטען און סטודענטקעס! אַ גאַנ־צער אוצר איז געווען אין דער קעסטעל: פינף און ניינציג פראַנק, נאָך מיט עטליכע סענטימס! דאָס האָט געמיינט אַ גאַנצער נומער „רוסקי ראבאָטשי“. היינט דער מאָראַלער ערפאָלג! גרויס איז געווען דער זיעג פון די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנע־רען! ווער וואָלט עס דעמאָלט געקאָנט גלויבען, אַז צוואַנציג יאָהר שפּעטער וועט קומען אַ לענין און אַ טראָצקי און האָבען די ניט געהערטע חוצפה פונאנדערצוטרייבען מיט באַיאָנעטען 250 פון אונזערע חברים, וועלכע דאָס רוסישע פאָלק וועט אויס־קלייבען אַלס זיינע פערטרעטער אין דער קאָנסטיטוּאירענדער פערזאַמלונג? ווען עמיץ וואָלט אונז דאַן נביאות געזאָגט, אַז צוואַנציג יאָהר שפּעטער וועט ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו זיצען אַ גע־פאַנגענער אין סיביר, און זיין מאַכט וועט איבערגעהן בירושה צו ניקאָלאַי לענין, וואָלטען מיר איהם געהאַלטען פאַר משוגע.

פון רוסלאַנד האָבען מיר געהערט גוטע ידיעות. אונזערע חברים זיינען דאָרט געווען טהעטיג, האָבען פערשפּרייט אונזערע

אידעען און ערוואַרבען נייע אַנהענגער. פון פּאָלטאַווע האָט מען געבעטען נאָך ליטעראַטור. פון קיעוו און כאַרקאָוו האָט מען אונז געלאָזט וויסען, אז דאָרטען זיינען דאָ עטליכע טיכטיגע טהוערס, וואָס סימפּאַטיזירען מיט אונזער פּראָגראַם, און אז זיי וואָלטען זיך וועלען זעהן מיט אַ פאָרשטעהער פון אונער „סאָיוז" און פערבינדען מיט אונז ענגע בעציהונגען. אַלע האָבען זיך בעקלאָגט אויף דעם מאַנגעל אין סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. פון די נייע נומערען „רוסקי ראַבאָטשי", וואָס מיר האָבען פאַר די לעצטע צייט אַרויסגעגעבען, האָבען מיר אַריבערגעשיקט אין רוסלאַנד נאָר אַן אונבעדייטענדע צאָהל עקזעמפּלאַרען.

איך האָב פאָרגעשלאָגען מיינע פריינד, אַז איך זאָל ווידער פאָהרען אין רוסלאַנד, כדי צו ברענגען אַהין אונזער ליטעראַטור און צו מאַכען נייע פערבינדונגען. פון אָנהויב זיינען זיי געווען דאַגעגען און האָבען געוואָלט, אַז איך זאָל אָבלעגען די נסיעה. זיי האָבען אָבער באַלד איינגעזעהן, אַז אָהן ברייטערע פערבינ־דונגען מיט רוסלאַנד האָט אונזער אַרבייט אין אויסלאַנד אַ גאַנץ קליינע בעדייטונג און אַז מיר מוזען נעהמען די ריזיקע, אויב מיר ווילען אויפבויען עטוואָס וויכטיגעס. זיי האָבען אָנ־גענומען מיין פּאָרשלאַג.

דער ווינטער־סעמעסטער אין בערנ'ער אוניווערזיטעט האָט זיך געענדיגט און די סטודענטען האָבען געהאַט זייער זעקס־וואָכיגען בין־הזמנים, וועלכען זיי קריגען יעדען פריהלינג.

חנן און פּאַני ראַפּאָפּאָרט האָבען זיך בעזעצט אויף דער פעריען־צייט אין דער מאַלערישער שטעדטעל טעריטע, אויפ'ן גענפער זעע. זיי האָבען מיך איינגעלאַדען צו קומען אויף אַ פּאָר וואָכען, איידער איך פאָהר אָב נאָך רוסלאַנד. טעריטע איז איינגאַנצען אַ פינף שטונדען רייזע פון בערן, אָבער דער קלימאַט איז דאָרטען אַ סך וואַרימער. ווען איך בין געקומען צו דער זשענעווער אָזיערע, איז שוין דאָרטען געווען אמת'ער פריהלינג. די גאַנצע געגענד איז געווען בעגאָסען מיט זונענ־שיין און וואַרימקייט. די זעלטענע טיעפע בלויקייט פון הימעל האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט די בלויע וואַסערען פון אָזיערע, וועלכע איז געלעגען רוהיג, ווי אין אַ פער'כשופ'טען שלאָף,

ארומגערינגעלט מיט דער יונגער פרישער גרינקייט פון די בוימער און גראָזען. אין דער ווייט האָבען זיך געהויבען צום הימעל די ריעזען־שפּיצען פון די שנעע־בערג.

צוויי וואָכען האָב איך פערבראַכט ביי די ראַפּאַפּאַרטס. גאַנצענע טעג האָב איך ארומגעוואַנדערט אין דער אומגעגענד, ארויפגעקלעטערט אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון ראָשע־די־נע, פון וואַנען עס עפענט זיך אַ ברייטע פּאַנאָראַמע אויף צעהנדליגער מיילען ארום. איך האָב בעשטיגען דעם דאַן־דע־זשאַמאַן, וואָס שטעהט אָבגעזונדערט פון די איבעריגע בערג און זעהט אויס ווי אַ פינגער פון אַן אונגעהייערען גיגאַנט. אָפט פלעג איך דינגען אַ שיפעל און זיך ארומשיפען אויף די שטילע וואַסערען פון דער אָזיערע. איין מאָל בין איך אריבערגעפאָהרען די גאַנצע ברייט פון דער אָזיערע און בין אריבער אויף דער אַנדער זייט, אין פראַנקרייך. קיינער האָט מיר אפילו ניט אָבגעשטעלט אויף דער שווייץ־פראַנצויזישער גרענעץ. „אין וואָס פאַר אַ פאַר־קעהרטער וועלט מיר לעבען!“ — האָב איך געטראַכט. — „די פראַנצויזען, וועלכע האָבען אין דער היים פולע פּרעס־פרייהייט און נויטיגען זיך ניט אין אויסלענדישער ליטעראַטור, האָבען אַזאַ גרינגען גרעניץ. און רוסלאַנד, וואו יעדעס פרייע וואָרט איז שטרענג פערבאָטען, און וועלכע דאַרף דעריבער בעקומען איהר סאָציאַליסטישע ליטעראַטור פון דער שווייץ, האָט אַ גרעניץ, וואָס איז אַזוי שווער אריבערצוגעהן!“

איך האָב זיך אָבגעזעגענט מיט מיינע בעליעבטע ערטער אין דער אומגעגענד פון טעריטע און בין אַוועק צוריק אין בערן, צוגרייטען זיך צו מיין נסיעה קיין רוסלאַנד.

## צווייטער קאפיטעל

גרייט זיך ווידער אין וועג. — פאק איין ליטעראטור אין 7 טשעמאדאנעס. — ווידער אין פאלטאווע.

אין בערן האב איך שוין געפונען די ליטעראטור, וואס מיר האבען אויסגעשריבען פון זשענעווא פון בוכאנאווסקי'ן, וועלכער האט פערוואלטעט די דרוקעריי און דעם פערלאג פון דער „גרופע אלטע נאראדאוואלצעס". א פאר טעג שפעטער האבען מיר ער־האלטען די ביכער און בראשיורען, וואס מיר האבען בעשטעלט ביי דעם „פאנד וואלנאי רוסקאי פרעסי" אין לאנדאן, און אלע פערבאטענע שריפטען פון גראף לעוו טאלסטאי, וועלכע דאקטאר וואלקענשטיין פון פאלטאווע האט מיך געבעטען איך זאל איהם ברענגען. די „אלטע נאראדאוואלצעס" און דער לאנדאנ'ער „פאנד" האבען צו יענער צייט ניט געהאט קיין אייגענעם טראנספארט, און דעריבער פלעגען נאר איינציגע עקזעמפליארען פון זייערע אויסגאבען אריינגעבראכט ווערען אין רוסלאנד דורך צופעליגע רייזענדע, וועלכע האבען געהאט דעם מוטה מיטצו־נעהמען אהיים פון אויסלאנד א פאר ביכלעך אין בוזים־קעשענע. א בעדייטענדע צאהל ביכער פלעגען פערקויפט ווערען צו דער רוסישער שטודירענדער יוגענד אין אויסלאנד און צו טוריסטען ראדיקאלען אדער צו געוועהנליכע רוסישע „אביוואטעלעס", וואס זיינען געווען נייגעריג צו זעהן, וואס די „ניהיליסטען" דרוקען אין אויסלאנד. דער גרעסטער טייל פון די אויסגאבען פון „פאנד" און פון די „אלטע נאראדאוואלצעס" איז געבליבען ליגען אין זייערע סקלאדען אויף די פאליצעס. דעריבער זיינען די ביידע ארגאניזאציעס געווען זעהר צופרידען אונז צו געבען זייער ליטעראטור.

אונזערע אנהענגער אין רוסלאנד האבען נאך דאמאלט ניט געפיהרט קיין אגיטאציע צווישען די ברייטע מאסען. זייער

הויפּט ארבייט איז בעשטאַנען אין פּראָפּאגאנדא צווישען דער שטודירענדער יוגענד און צווישען די אינטעליגענטערע ארביי־טער און פּויערים. דעריבער האָבען זיי פערלאַנגט הויפּטזעכליך ערנסטע סאָציאַליסטישע ביכער. דער גרעסטער טייל פון דער ליטעראַטור, וואָס איך האָב געדאַרפט ברענגען אין רוסלאַנד איז בעשטאַנען פון לאַווראָוו׳ס צוויי דיקע בענד „אָפּיט איסטאָ־ריאי מיסלי“, זיינע „היסטאָרישע בריעף“, פינף בענד „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי“, „מאַטעריאַלען פאַר דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג“, וועלכע די „גרופּע אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס“ האָט דאָמאָלט ארויסגעגעבען, „די ערינערונגען פון דעבאגאָרי־מאָקריעוויטש“, אַ שווערען באַנד „אויסגעקליבענע ארטיקלען פון „קאָלאָקאָל“ (די בעריהמטע צייטונג, וואָס אַלעק־סאַנדער הערצען האָט ארויסגעגעבען אין לאָנדאָן, אין די זעכ־ציגער יאָהרען), סטעפּניאַק׳ס „אונטערערדישע רוסלאַנד“, און אַנדערע. הגם דאָס רוב פון די ביכער זיינען ספּעציעל פאַר רוסלאַנד געווען געדרוקט אויף אַ זעהר דינעם פּאַפּיר, האָבען זיי דאָך געהאַט געוואוגען וואָס, און צוזאַמען מיט די קלענערע ארביי־טער בראָשורען, אונזער צייטונג „רוסקי ראַבאָטשי“ און אונזערע פּראָקלאַמאַציעס, האָט זיך אָנגעקליבען איבער דריי פּוד ליטע־ראַטור. חוץ די פּיער פּראָקלאַמאַציעס וועגען וועלכע איך האָב דערמאָנט אויבען, האָבען מיר אָבגעדרוקט אין צעהן טויזענד עקזעמפּליאַרען אַ קליינעם פלוג־בלאַט, וועלכער האָט ענטהאַלטען אינגאַנצען פּיער שורות אין גרויסע בוכשטאַבען: פאָדערט רעדע־פרייהייט! פאָדערט פּרעס־פרייהייט! פאָדערט פערזאַמ־לונגס־פרייהייט! פאָדערט אַ זעמסקי סאָבאָר! דער דאָזיגער פלוג־בלאַט האָט געדאַרפט פערשפּרייט ווערען צו דער קאָראָנאַ־ציע פון ניקאָלאַי דעם לעצטען, וועלכע מען האָט ערוואַרטעט אינגיכען.

פאַר אזוי פּיעל ליטעראַטור האָט מען געמוזט האָבען ניט וועניגער פון זיבען טשעמאָדאַנעס. איך האָב זעלבסטפערשטענד־ליך ניט געקענט פאָהרען דורך דער טאַמאָזשנע מיט אזוי פּיעל זאַכען. דאָס וואָלט גלייך ארויסגערופען חשד. חוץ דעם האָב איך זיך געוואָלט ווידער זעהן מיט קאָנטראַבאַנדיסטען און מאַ־

כען א פערזוך צו געפינען צווישען זיי א צופערלעסיגען מאן, דורך וועלכען מיר זאָלען קענען אריבערשמוגלען ליטעראַטור אין פּעק. עס איז געוועו קלאָר, אַז ווען די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג וועט זיך פערנאַנדערוואַקסען און זיך נעהמען פער־שפּרייטען צווישען די מאַסען, וועלען מיר זיי מיט „סענדוויטשעס" ניט קענען אָנקאַרמענען. איך האָב דעריבער בעשלאָסען דאָס מאָל ווידער צו גנב'ענען דעם גרעניץ מיט דער הילף פון א קאָנטראַבאַנדיסט.

פאַר איהם האָב איך שוין געהאַט פאַרטיג א מעשה מיט מיינעם א שוואָגער, וועלכער האָט געמוזט אריבערגעהן דעם גרע־ניץ אין איילעניש און האָט איבערגעלאָזט זיינע זאַכען.

איך האָב ניט געוואָלט שלעפּען זיך מיט די ביכער אין ציוריך צו דעם געגאָסע, וועלכער האָט געמאַכט פאַר מיר די טשעמאָדאַנעס דאָס ערשטע מאָל, און איך האָב אויסגעזוכט א צופערלעסיגען טשעמאָדאַנשטשיק אין בערן. אין עטליכע טעג זיינען די זיבען טשעמאָדאַנעס געווען פאַרטיג, און זיי האָבען איינגעשלונגען די פעטע ביכער און די מאָגערע בראָשורען, און עס איז אויף זיי גאָרנישט געווען קענטיג. צוזאַמען מיט איינעם פון מיינע חברים בין איך אָבגעפאָהרען אין באַזעל, וואו מיר זיינען בשלום אריבער דעם שווייץ־דייטשען גרעניץ. מיין חבר האָט פון דאָרטען אָבגעשיקט פיער טשעמאָדאַנעס אין קעניגס־בערג און זיך אומגעקעהרט צוריק אין בערן. איך בין מיט די איבריגע דריי געפאָהרען ווייטער.

פיעלע איינצעלהייטען פון דיזער נסיעה אין רוסלאַנד זיינען ניט קלאָר אין מיין זכרון. איך געדענק אפילו ניט דעם נאָמען פון דער שטעדטעל, וואו איך האָב געפונען דעם קאָנטראָבאַנדיסט. אויסגעפונען וועגען איהם האָב איך אין א אידישער אכסניה אין קעניגסבערג. ער האָט געמאַכט אויף מיר זעהר א גוטען איינדרוק. איך האָב געפיהלט, אַז אויף איהם וואָלט מען זיך געקענט פערלאָזען, און אַז אויב ער וועט זיך אונטערנעהמען אריבערצושמוגלען ליטעראַטור וועט ער ניט פעררעטען. איך האָב מיט איהם פערפיהרט א געשפּרעך וועגען קאָנטראַבאַנדע, דערצעהלט איהם, אַז איך קלייב זיך צו עפענען א קראָם אין קאָוונא און אַז איך וואָלט וועלען איינקויפען סחורה אין דייטש־

לאַנד, אויב ער וועט זיך אונטערנעהמען איבערצופיהרען עס פאַר מיר ביליג. ער איז געווען בערייט עס צו טהאָן פאַר 25 רובעל א פוד. איך האָב איהם געזאָגט, אז איך רעכען, אז דאָס וועט זיך פאַר מיר לוינען. דאַן האָב איך איהם פערטרויט, אז איך האָב זיך אין צוג בעגעגענט מיט א רוסישען סטודענט פון ציריך, וועלכער האָט מיר דערצעהלט, אז ער וואָלט געצאָהלט 60—70 רובעל פאַר אריבערשמוגלען ביכער אין רוסלאַנד.

— אויף ביכער מוז הפנים זיין א גרויסע פּאָשלינע — האָב איך בעמערקט. — דער סטודענט האָט מיר געגעבען זיין אַדרעס און מיך געבעטען איהם אָנצושרייבען, אויב איך וועל געפינען א קאָנטראַבאַנדיסט, אויף וועלכען מען קען זיך פערלאָזען. אפשר וואָלטען מיר געקענט מאַכען מיט איהם א געשעפט און ביידע עפּעס פערדיענען? — האָב איך געפרעגט.

— איהר זייט א יאָלד — האָט דער קאָנטראַבאַנדיסט מיר געמאַכט א קאָמפּלימענט. — וואָס רעדט איהר וועגען פּאָשלינע? איך וויים וואָס פאַר א ביכער זיי דרוקען אין דער שווייץ. אייער סטודענט מוז זיין פון די ריכטיגע חברה־לייט, פון די „סיציליסטען“, וואָס שרייבען אנטקעגען דעם קיסר. ווען מען זאָל מיך אָבשיטען מיט גאָלד, וואָלט איך זיך ניט צוריהרען צו די ביכער. פאַר א יאָהרען האָט א פּאָליאַק געמאַכט א פערזוך אריבערצושמוגלען א פּאַק שווייצארישע ביכלעך. מען האָט איהם געכאַפּט און גלייך אַוועקגעפיהרט אין פּעטערבורג. ער איז ווי אין וואַסער אריין. מען האָט איהם מסתמא געהאַנגען אָדער פערמויערט אויף אייביג אין „קאַמעני מעשאָק“. איך וועל בעסער אריבערפיהרען 10 פּוד זיידענס איידער איין פּוד טריפה ביכלעך.

דעמזעלבען אָוונד האָט מיך דער קאָנטראַבאַנדיסט פאַר עטליכע און צוואַנציג רובעל אריבערגעפיהרט איבער'ן גרעניץ מיט מיינע און מיט מיין אויסגעטראַכטען שוואָגער'ס טשעמאָדאַנעס, ניט וויסענדיג, אַז דער נאַאיווער „יאָלד“ האָט געפיהרט מיט זיך איבער דריי פוד טריפה ביכלעך. מיר זיינען אריבער דעם גרעניץ מיט דעם וויסען פון די סאָלדאַטען, וועלכע דער קאָנטראַבאַנדיסט האָט געהאַט אונטערגעקויפט. איינער

פון די פיהרער איז געפאָהרען מיט מיר ביז קאָוונע, כדי צו העלפען מיר פיהרען די זאכען. פון קאָוונא האָב איך פינף טשע־מאָדאנעס אָבגעשיקט אין כארקאָוו „נא אימיא פרעדיאָוויטעליא קוויטאַנציאי", די איבעריגע האָב איך גענומען מיט זיך אין וואגאָן און בין אַוועק אין פּאָלטאַווא.

די פּאָלטאַווער חברים האָבען זיך זעהר געפרעהט מיט מיין קומען און מיט דער ליטעראַטור וואָס איך האָב געבראַכט. דר. וואָלקענשטיין איז געוועזן גליקלאַך ווי אַ קינד, ווען מיר האָבען אויסגעפּאַקט די ביכער, וואָס איך האָב געבראַכט ספּעציעל פאַר איהם. ער האָט דורכגעבלעטערט איין בוך נאָך דעם צווייטען און זיי צושטעלט אין זיין ביכער־שראַנק. ווי איך האָב שוין פריהער דערצעהלט, איז דר. וואָלקענשטיין געוועזן אַן איבער־צייגטער טאָלסטאָיסט און ער איז דעריבער געוועזן אַ פּרינצי־פּיעלער געגנער פון טעראָר. ער האָט אָבער צוגעגעבען, אַז אין אַלגמיין איז איהם די ריכטונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען געוועזן נעהנטער און סימפּאַטישער איידער די מאַטעריאַ־ליסטישע וועלט־אַנשויאונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. ער איז געוועזן פערזענליך בעפריינדעט מיט אונזערע פּאָלטאַווער חברים און איז אימער געוועזן בערייט צו העלפען זיי מיט וואָס ער האָט געקאָנט. ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט אָנשליסען אַן אונזער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט בעטראַכט דעם טעראָריסטישען קאַמף געגען דעם אַבסאָלוטיזם אַלס איינעם פון די וויכטיגסטע פּונקטען פון איהר פּראָגראַם.

אין אָווענד זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע מיטגליעדער פון אונזער פּאָלטאַווער גרופּע. מיר האָבען דיסקוטירט פער־שידענע טעאָרעטישע פראַגען, אויסגעאַרבייט פערשידענע פּראַק־טישע פּלענער, וועלכע האָבען זיך דאָס רוב שפּעטער אַרויס־געצייגט צו זיין זעהר ניט פּראַקטיש. אייניגע פון די פּאָלטאַ־ווער חברים האָבען גענומען אויף זיך צו פאָהרען צום גרע־ניץ און צו אָרגאַניזירען דעם טראַנספּאָרט פון ליטעראַטור אויף אַ גרעסערען מאַסשטאַב. אָבער דערפון האָט זיך גאָר ניט אויס־געלאָזען.

אויף מאָרגען בין איך אָבגעפאָהרען אין כאַרקאָוו.

## דריטער קאַפּיטעל

איז כּאַרקאָוו. — אַנטאַנינאַ וויקטאָראָוונאַ משאַנינאַ. — דער אַמאָליגער נאַראָדאָוואָלעץ.

ווען איך בין אַרויסגעפאָהרען פון פּאָלטאַווע, האָט געגאָסען אַ שטאַרקער רעגען. די גאַנצע וועג האָט געדונערט און גע־בליצט און דער ווינד האָט געשמיסען די שווערע רעגען־טראָפּענס אין די שויבען פון וואַגאָן. ערשט ווען דער צוג איז צוגעפאָה־רען צו כּאַרקאָוו, האָט אויפגעהערט צו רעגענען. דער הימעל האָט זיך אויסגעלייטערט און די רונדע, גאָלדענע קופּאָלען פון די קלויסטערס האָבען געשיינט אין דער זון מיט אַ בעזונדערער יום־טוב'דיגער ליכטיגקייט. די שטאָדט, אויסגעוואַשען פון שטאַרקען רעגען, האָט אויסגעזעהן פריש און יונג און פול מיט לעבען.

אַנטאָנינאַ וויקטאָראָוונאַ משאַנינאַ, צו וועלכער איך האָב געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע און אַ פּאַראָל, האָט דאַמאָלט גע־וואוינט אויף אַ דאַטשע ניט ווייט פון כּאַרקאָוו, און איך האָב געדאַרפט פאָהרען צו איהר צוויי סטאַנציעס מיט דער באַהן. דער צוג האָט ערשט געדאַרפט אָבגעהן אין אַ שטונדע און אַ האַלב אַרום. איך בין אַוועק בעקוקען די שטאָדט. איך האָב שפּאַ־צירט איבער די אויסגעוואַשענע, מיט זונען־ליכט בעגאָסענע, גאַסען פון כּאַרקאָוו, האָב זיך צוגעקוקט צו די קרעפטיגע ענער־גישע טיפּען פון די גרויס־רוסען און צו די געמיטליך־פוילע קליין־רוסען, און האָב ניט בעמערקט ווי די צייט איז אַריבער. דער שטאָדט־זייגער האָט געשלאָגען דריי, און איך האָב זיך דערמאָהנט, אַז אין אַ פערטעל שטונדע געהט אָפּ מיין צוג. איך בין געוועזן אויף דער אַנדערער עק שטאָדט. איך האָב צוגערופען אַ „וואַנקאַ", ווי זיי רופען אין כּאַרקאָוו אַן איזוואָש־ציק, און בין געקומען אויפ'ן וואָקזאַל צום צווייטען „זוואָנאָק."

איך בין אריין אין וואגאָן. אנטקעגנען מיר איז געזעסען א יונגע פרוי מיט קורץ־געשאָרענע האָאר און מיט א פּאָר שווארצע, פינקעלדיגע אויגען. איך ווייס ניט וואָרום, נאָר איך בין גלייך געווען זיכער, אז די קליינע סמוגלע ברונעטקע איז משאנינא. זי האָט באלד בעמערקט, אז זי האָט געצויגען מיין אויפמערקזאמקייט. זי האָט ברוגז'דיג צונויפגענומען די ברעמען, זיך אָבגעקעהרט צום פענסטער און פערדעקט איהר געזיכט מיט דער האנד.

ווען דער צוג איז צוגעפאָהרען צו דער סטאנציע, וואו איך האָב געדארפט אראָבגעהן, איז די יונגע דאמע אויף גיך צוגעגאנגען צו דער טהיר און ווארפענדיג אויף מיר א פערדעכטיגען בליק, איז זי ארויס פון וואגאָן. איך בין ארויס נאָך איהר, און האָב זי געזעהן געהענדיג מיט דראָבנע, אָבער זעהר שנעלע טריט אויף דעם שמאָלען דאָרפישען וועג. זי איז באלד פארשוואונדען אין וועלדעל, וואוהין דער וועג האָט זיך פערבויגען. איך האָב זיך געלאָזט שפּרייזען אין דערזעלביגער ריכטונג און האָב זי באלד אָנגעיאָגט. ווען זי האָט מיר דערזעהן, איז זי געוואָרען בלאַס און האָט אינסטינקטיוו אריינגעלעגט איהר האנד אין קעשענע פון איהר מאנטעל.

— קענט איהר מיר פיעלייכט זאָגען, וואו דאָ וואוינט אנטאָנינא וויקטאָראָוונא משאנינא? — האָב איך זי געפרעגט.

זי האָט זיך צומישט, א ווײַלע א טראכט געטהאָן, און בייז געענטפערט:

— איך בין משאנינא. מיט וועמען האָב איך די עהרע צו רעדען?

— „אָראנג־אוטאנג“ — האָב איך זיך פאָרגעשטעלט. דאָס איז געווען דער פּאראָל, וואָס איך האָב געהאַט פאַר איהר.

משאנינא האָט זיך צולאכט מיט א הילכיגען געלעכטער. אויסשטרעקענדיג מיר די האנד, האָט זי געזאָגט שוין מיט א פריינדליכען טאָן:

— עס פרעהט מיר זעהר אייך צו זעהן, הערר אָראנג־אוטאנג. ווייסט איהר, אז איהר האָט מיך גוט אָנגעשראָקען? איך קום גראָד איצט פון א קליינער סטודענטען־פערזאמלונג און איך האָב

ביי זיך אין קעשענע א העקטאָגראַפּישע בראָשורע. ארויסגעהענ־
דיג פון דער פערזאמלונג, האָב איך בעמערקט ארום הויז עטליבע
פּערדעכטיגע פּערזאָנען, טיפּישע „ארבעסנע מאַנטלען" *). בע־
מערקענדיג אין וואגאָן אז איהר קוקט זיך צו צו מיר, האָב איך
געמיינט אז איהר זייט איינער פון די דאָזיגע חברה־לייט. עס איז
מיר באמת איינגעפאלען דאָס הארץ, ווען איך האָב דערהערט
אייערע טריט הינטער מיר. ביי מיר איז געווען זיכער, אז איך
וועל שוין היינט נעכטיגען אין געפענגניס. איך בין אפילו ניט
פון די שרעקעדיגע. איך האָב קיין מורא ניט צו בעגעגענען אין
וואלד ניט נאָר אַן אָראַנג־אוטאַנג, נאָר אפילו א גאָרילאַ. אָבער
עס ווילט זיך זעהר ניט ארעסטירט ווערען גראָד איצט, ווען עס
הויבט זיך, דאכט זיך, אָן אינטערעסאנטע ארבייט. האָט איהר
אונז עפּעס געבראכט גוטע זאכען פון דער שווייץ? אָהן ליטע־
ראַטור איז אונמעגליך עפּעס צו טהאָן.

איך האָב אויסגערעכענט די גוטע זאַכען וואָס איך האָב
פאַר איהר אין די טשעמאָדאַנעס, און זי איז געווען העכסט
צופרידען.

— אויב אזוי, זייט איהר א גוטער גאַסט. — זי האָט א קוק
געטהאָן אויף מיר און צוגעגעבען מיט א שולדיג שמייכעל: איהר
זייט דאָך ניט בייז אויף מיר, וואָס איך האָב אייך גערעכענט
פאר א שפּיאָן. ווען איך קוק אויף אייך איצט, זעה איך ווי דום
דאָס איז געווען פון מיין זייט. איהר ווייסט דאָך דאָס רוסישע
שפּריכוואָרט: „דער שרעק האָט גרויסע אויגען".

מיר זיינען צוגעגאַנגען צו א קליין הילצערן הויז, משאנינא'ס
דאַטשע. א מיידעלע פון א יאָהר דריי, א פערקלענערטע קאָפּיע
פון משאנינא, איז ארויסגעלאָפען און איז ארויפגעפאלען דער
מוטער אויפ'ן האלז. מיר זיינען אריין אין הויז. באלד האָט אויפ'ן
טיש געזונגען דער סאַמאָוואַר און מיר האָבען געטרונקען טהעע
און געשמועסט ווי גוטע אלטע בעקאַנטע. די הויפּט טעמא פון
אונזער געשפּרעך איז געווען, זעלבסטפערשטענדליך, די רעוואָ־

*) "גאראכאוואיע פאלטא" איז געווען אין רוסלאנד א צונאמען
פאר א שפּיאָן.

לוציאָנערע בעוועגונג. אנטאָנינא וויקטאָראָוונא האָט מיר דער־צעהלט וועגען די קרעפטען אין כארקאָוו, וועלכע סימפּאַטיזירען מיט אונזער פּראָגראַם, און האָט מיך פאַנאַנדערגעפרעגט וועגען אונזער „סאָיוז“ אין דער שווייץ און וועגען אונזערע אָנהענגער אין רוסלאַנד. די צאָהל פון אונזערע אויסגעשפּראָכענע אָנהענגער אין כארקאָוו איז נאָך דעמאָלט געווען זעהר קליין. אָבער די אַלגעמיינע שטימונג ביי דער כארקאָווער ראַדיקאַלער יוגענד איז, נאָך משאַנינאַ'ס מיינונג, געווען זעהר אַ גינסטיגע פאַר אונזער ריכטונג.

אנטאָנינא וויקטאָראָוונא האָט מיר פאָרגעשלאָגען דורכצוגעהן זיך און צו מאַכען אַ בעזוך צו איהרען אַ פריינד, וועלכער האָט געוואוינט מיט זיין פאַמיליע אַ צוויי וויאָרסט פון איהר. ליידער קען איך זיך ניט דערמאָנען זיין נאָמען. משאַנינא האָט מיר דער־צעהלט וועגען איהם, אַז ער האָט אַמאָל געהערט צו דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, און אַז ער איז געווען אויף לאַנג פער־שיקט אין איינעם פון די פערוואָרפענע געגענדען אין סיביר, פון וואַנען ער איז געקומען ניט לאַנג צוריק זעהר אַן אויסגעמאַ־טערטער און פעסימיסטיש געשטימט. ער האָט זיך דערוויילע געהאַלטען פון וויטען פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. משאַנינא האָט אָבער געהאָפט, אַז ווען די סאָציאַל־רעוואָלוציאָ־נערע בעוועגונג וועט זיך פאַנאַנדערוואַקסען, און עס וועט זיך אָנהויבען אַן ערנסטער קאַמף, וועט ער צושטעהן צו אונז.

עס איז געווען אַ זעלטען שעהנער אָווענד, און דער שפּאַציער־גאַנג דורך דעם שטילען וואַלד איז געווען זעהר אַנגענעהם. ביי משאַנינא'ס פריינד זיינען מיר פערבליבען ניט לאַנג. ער האָט גע־רעדט זעהר ווייניג. די יאָהרען, וואָס ער האָט פערבראַכט אין וויטען צפון, האָבען אויף איהם איבערגעלאָזען טיעפע שפּורען. זיין געזיכט איז געווען אונבעוועגליך, איינגעפראָרען. אַ פערגלי־ווערטער קומער איז געלעגען אין זיינע אויגען. עס האָט זיך גע־דאַכט, אַז ער האָט מיטגעבראַכט פון סיביר די קאַלטע איינ־זאַמקייט און אַז זי האָט איהם אַרומגערינגעלט ווי אַ וואַנד און איהם געהאַלטען פערשלאָסען פון די מענשען אַרום איהם. מיין פאָרשלאַג ער זאָל זיך אָנשליסען אָן אונזער אָרגאַניזאַציע, האָט

ער ניט אָנגענומען, הגם ער האָט צוגעגעבן, אַז ער איז פּרינציפּיעל איינפערשטאַנען מיט אונזער ריכטונג.

אויף מאָרגען איז משאַנינאַ גאַנץ פריה אַוועקגעפאָהרען קיין כּארקאָוו. זי האָט זיך געוואָלט זעהן מיט איינינע פון אונזערע חברים און אָפּרעדען מיט זיי, וואו מיר זאָלען זיך בעגעגענען. איך בין פערבליבען אויף איהר דאַטשע און האָב פערבראַכט דעם פריהמאָרגען ארומשפּאַצירענדיג אין וואַלד מיט איהר מיידעלע און דער ניאַניאַ.

נאָך מיטאָג בין איך געקומען אין כּארקאָוו. משאַנינאַ האָט מיך בעגעגענט אויפ׳ן וואָקזאַל און האָט מיר איבערגעגעבען, אַז די חברים וואַרטען שוין אויף מיר אין „שווייצאַריע". אַזוי האָבען זיי גערופען אַ פערוואָרפענעם מאַהלערישען ווינקעל אין שטאָדטישען גאָרטען, וואו זיי פלעגען זיך אָפט צוזאַמענקומען.

מיר האָבען דורכגעשניטען דעם שטאָדטישען גאָרטען, אַריבערגעגאַנגען אַ טיעפען גראָבען און זיינען אַרויף אויף אַ קליין זאַמדיג בערגעל, בעוואַקסען מיט אַלטע סאָסנעס. פינף יונגע לייט, דאָס רוב פון זיי סטודענטען, זיינען געזעסען אונטער אַ בוים און געפיהרט אַ הייסען ויכוח. די ווערטער: „רעוואָלוציע", „טעראָר", „פּראָפּאָגאַנדע", האָבען זיך געטראָגען אין דער לופטען.

— מיר דאַכט, אַז איהר פערגעסט, אַז איהר זייט ניט אין דער אמת׳ער שווייצאַריע — האָב איך צו זיי געזאָגט.

זיי האָבען מיר ערקלערט, אַז פון בערגעל קענען זיי לייכט זעהן, אַז קיין פרעמדע מענשען זיינען ניטאָ אַרום און אַז דאָ געניסען זיי פולע רעדע־פרייהייט.

מיר האָבען פערבראַכט צוזאַמען אַ צוויי שטונדען. די יונגע חברים האָבען אויף מיר געמאַכט אַן אָנגענעהמען איינדרוק, הגם זיי זיינען געווען אַביסעל צו יונג, צו היציג און צו „ניהיליסטיש" אין זייער אויסזעהן. מיר האָבען זיך וואַרם צוזעגענט אין אַ געהויבענער שטימונג. איינער פון די סטודענטען האָט גענומען די קוויטאַנציע פון די טשעמאָדאַנעס וואָס איך האָב געשיקט פון קאָוונאַ, און איז אַוועקגעפאָהרען נאָך זיי. משאַנינאַ און איך האָבען געדאַרפט וואַרטען אויף איהם אין זיין וואוינונג

ניט ווייט פון דעם שטאָדטישען גאָרטען. עס זיינען פאַראיבער צוויי שטונדען און ער איז נאָך אַלץ ניט געקומען. מיר זיינען געוואָרען אונרוהיג, און איך האָב חרטה געהאַט, וואָס איך בין בעסער אַליין ניט געפאָהרען נאָך די זאכען. ענדליך איז דער סטודענט געקומען און מיט טריאומף אריינגעטראָגען די טשעמאָדאַנעס. מיר האָבען אויסגעפּאַקט די אינוועניגסטע טאָוו־לען. דער סטודענט איז געוועזען אויפ'ן זיבעטען הימעל. ער איז געוועזען באמת גליקליך, וואָס איהם איז אויסגעקומען צו ברענגען די ביכער. איך האָב צוטיילט די ליטעראַטור אין צוויי גלייכע חלקים. ווען משאַנינאַ און דער סטודענט האָבען דערהערט, אַז איך קאָן זיי לאָזען נאָר איין העלפט, ווייל איך דאַרף האָבען די צווייטע העלפט פאַר אַן אַנדער שטאָדט, זיינען זיי געוואָרען ענ־טוישט און האָבען גענומען בעטען, אַז איך זאָל זיי לאָזען אַ ביסעל מעהר. זיי האָבען געקוקט אויף די ביכער מיט אַזעלכע הונגעריגע אויגען, אַז איך האָב זיי געמוזט צואוואַרפען נאָך עטליכע ביכלעך.

מיט די איבעריגע ביכער בין איך אַוועק קיין קיעוו.

## פערטער קאַפּיטעל

קיעוו. — די ראָלע, וואָס קיעוו האָט געשפּיעלט אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. — סערגעי דיזשור. — דיאַקאָוו.

אין אַלע עפּאָכען פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג האָט קיעוו געשפּיעלט אַ זעהר בעדייטענדע ראָלע. ווען אין די זיבעציגער יאָהרען האָט די רוסישע ראַדיקאַלע יוגענד גענומען „געהן אין פאָלק", און יונגע מענער און פרויען פון אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט האָבען פאַרלאָזען זייערע וואַרימע, אָפט זייער רייכע היימען, זיך איבערגעטהאָן אין פּויערשע קליידער און זיינען אַוועק אַרבייטען אין די דערפער און אין די פאַבריקען און זאַוואָדען, איז קיעוו געווען איינער פון זייערע וויכטיגסטע צענטערען. אין קיעוו האָט זיך בעזעצט יאַקאָוו סטעפאַנאָוויטש מיט זיינע חברים, לעוו דייטש און באָכאַנאָווסקי'ן, און זיי האָבען פון דאָרטען פאַרבערייטעט דעם בעריהמטען טשיגירינער אויפשטאַנד. אין אַ פערוואָרפענעם טייל פון שטאָדט, וועלכען מען האָט גערופען „קיעווער שווייצאַריע", האָבען זיי אין זייער געהיימער דרוקעריי געדרוקט די פאַלשע צאַרסקע מאַניפעסטען וועלכע האָבען גערופען די פּויערים צום אויפשטאַנד אַנטקעגען די גוטסבעזיצער, און זיי אויפגעפאָדערט אָבצונעהמען ביי די פּאָמיעשציקעם די לאַנד, וואָס זיי האָבען פערכאַפּט להיפּוך צו דעם ווילען פון דעם „צאַר־באַטיושקאַ". ווען נאָך פיעלע אַרעסטען און דורכפאַלען האָבען די „נאַראָדניקעס" גענומען צווייפלען אין דער מעגליכקייט אָנצופיהרען אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און צו אָרגאַניזירען בונטען אונטער דעם אַבסאָלוטיסטישען רעזשים, און האָבען אָנגעהויבען צו גלויבען, אַז פּאָליטישע פרייהייט, וועלכע זיי האָבען פריהער בעטראַכט פאַר אַ „בורזשואַזנע" פאָדערונג, איז אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט פאַר אַ ברייטער אַרבייט צווישען די מאַסען, איז קיעוו געווען די

ערשטע שטאָדט, וואו עס האָט זיך גענומען שטארק פערשפּרייטען דיזע נייע אידעע, אויף וועלכער די פּעטערבורגער חברים האָבען נאָך אַלץ געקוקט, ווי אויף אַן אַנטי־סאָציאַליסטישע אַפּיקורסות. אין קיעוו האָבען זיך געבילדעט די ערשטע קרוזשקי פון די „פּאָ־ליטיקער" און פון די „סאָציאַליסטען־קאָנסטיטוציאָנאַליסטען". וואַליעריאַן אָסינסקי, איינער פון די שפּעטערדיגע גלענצענדסטע העלדען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", איז איבערגעגאַנגען צו דער נייער ריכטונג, אונטער דעם איינפלוס פון זיינע חברים אין קיעוו, וואוהין ער איז געקומען פון פּעטערבורג אין סוף פון דעם יאָהר 1877, כדי צו אָרגאַניזירען דעם בעריהמטען פּאָביעג פון סטעפאַנאָוויטשען, דייטש׳ען און באָכאַנאָווסקי׳ן פון קיעווער געפענגניס. ווי בעוואוסט איז דער פּאָביעג גלענצענד דורכגעפיהרט געוואָרען מיט דער הילף פון דעם רעוואָלוציאָנער מיכאַילאָ פראָ־לענקאָ, וועלכער איז צוליעב דעם צוועק אָנגעקומען אַלס אויפ־זעהער אין קיעווער טורמע מיט אַ פאַלשען פּאַספּאָרט. וואַליעריאַן אָסינסקי, וועלכער איז באַלד געוואָרען אַ שטארקער אָנהענגער פון טעראָר, האָט צו דערזעלבער צייט אָרגאַניזירט אין קיעוו די ערמאָרדונג פון דעם זשאַנדאַרמסקין אָפיציער געיקינג, וועלכער האָט געהאַט אַרעסטירט סטעפאַנאָוויטש׳ען און זיינע חברים, און דעם אַטענטאַט אויף דעם פּראָקוראָר קאָטליאַרעווסקי׳ן. באַלד נאָך דיזע אַטענטאַטען האָט אָסינסקי אין קיעוו אָרגאַניזירט ספּעציעל פאַר דער טעראָריסטישער טהעטיגקייט דעם „איספּאָלניטעלנעם קאָמיטעט", וועלכער האָט שפּעטער אונטער דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אויפגערודערט רוסלאַנד און אַרויסגערופען די בעוואונ־דערונג פון דער גאַנצער וועלט. די חתימה פון דעם קאָמיטעט האָט אין אָנפאַנג געהאַט די אויפשריפט: „איספּאָלניטעלנער קאָ־מיטעט פון דער רוסישער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי". די קיעווער אַטענטאַטען האָבען, צוזאַמען מיט וויערא זאַסו־ליטש׳עס שאָס אויף טרעפּאָוו׳ען, אַוועקגעלייגט דעם אָנהויב פון דעם לאַנגען טעראָריסטישען קאַמף, וואָס די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט אָנגעפיהרט מיט אַזאַ זעלטענעם מוטה, און וועלכער איז שפּעטער איבערגענומען געוואָרען ביי די סאָציאַליסטען רעוואָלו־ציאָנערען.

אין דער געשיכטע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָ־לוציאָנערען, וועט קיעוו אויך פערנעהמען א זעהר בכבוד'ען פּלאַץ. אונזער קיעווער קאָמיטעט איז געווען פון די ערשטע און פון די טהעטיגסטע. פון אָנפאַנג זיינען אָבער די קיעווער סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען ניט געווען אינגאַנצען איינפערשטאַנען מיט דער פּראָגראַם פון אונזער „סאָיוז". זיי האָבען פאָלשטענדיג איינגעשטימט מיט אונזערע אנזיכטען בנוגע צום רוסישען פּוי־ערטום, אָבער זיי זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט אונז אין דער פראַגע פון דער נויטווענדיגקייט פון טעראָריסטישען קאַמף, צו וועלכען זיי האָבען זיך אין אָנפאַנג פערהאַלטען, כמעט אַזוי נעגאַטיוו, ווי די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען. עס זיינען אַוועק יאָהרען איידער אונזערע קיעווער חברים האָבען געביטען זייער מיינונג וועגען דער פראַגע און האָבען איינגעוויליגט אריינצונעה־מען דעם פּונקט וועגען טעראָר אין זייער פּראָגראַם. צוליעב דיעזער פראַגע, זיינען פּאָרגעקומען הייסע ויכוחים צווישען די קיעווער סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען און אונזערע מאָסקאָווער חברים, וועלכע האָבען אַוועקגעשטעלט טעראָר אין דעם מיטעל־פּונקט פון זייער פּראָגראַם. דאָס איז אָבער געווען שפּעטער. צו דער צייט פון מיין ערשטען בעזוך אין קיעוו האָבען מיר נאָך אין מאָסקווע קיין גרופּע ניט געהאַט.

אונזער ערשטער אָנהענגער אין קיעוו, מיט וועמען מיר זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונגען איז געווען, סערגעי דיזשור. איך קען זיך יעצט ניט דערמאָהנען, ווער עס האָט איהם מיר רע־קאָמענדירט. עס איז מעגליך, אַז איך האָב אויסגעפונען וועגען איהם פון אונזערע פּאָלטאַווער חברים.

סערגעי דיזשור, דער זוהן פון א רייכען אידישען סוחר, האָט זייענדיג אין אוניווערזיטעט, געהערט צו די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טען. נאָר שפּעטער איז ער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זיי צו־ליעב פּראָגראַם פראַגען, הויפּזעכליך צוליעב דער פראַגע וועגען דער שטעלונג צום פּויערטום. ווען איך האָב זיך מיט איהם בע־קענט, האָט ער שוין געהאַט געענדיגט אוניווערזיטעט און האָט פּראַקטיצירט אין קיעוו אַלס אדוואָקאַט. ער איז געווען שטאַרק בעלעזען וועגען אַלע פראַגען, וואָס האָבען א שייכות צום

סאָציאַליזם, געהאַט אַ געזונדען לאָגישען קאָפּ און אַ גוטען אָראַ־טאָרישען טאַלאַנט. ער האָט דעריבער געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דער קיעווער סטודענטשעסטוואָ און אויך אויף די אַנ־דערע ראַדיקאַלע עלעמענטען פון דער געזעלשאַפט, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסע בעקאַנטשאַפט.

ווען איך בין געקומען פון כּאַרקאָוו אין קיעוו, בין איך גלייך אַוועק צו דיזשור'ען. ער האָט געוואוינט מיט זיינע עלטערען אין אַ גרויסער, רייך מעבעלירטער הויז. פון אָנפאַנג האָט ער אויף מיר געמאַכט ניט קיין אַנגענעהמען איינדרוק. עס קען זיין, אַז אין דעם איז געווען אַביסעל שולדיג די בורזשואַזנע אָבסטאַנאָווקע, זיין עלעגאַנטער אָנצוג און די גאָלדענע ברילען. זיין גאַנצער אויסזעהן האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַז ער געהערט צו די מענשען, פאַר וועלכע זייער פּערזאָן און זייער קאָמפּאָרט איז וויכטיגער פאַר אַלץ. זיין געזיכט איז געווען זעהר ריין ראַ־זירט, זיין ליסינע האָט געשיינט, ווי אַ העלפאַנד־ביינענער ביליאַרד קוגעל, און פון זיין גאַנצער ניט הויכער, פעטליכע פיגור און פון זיינע קלוגע, אָבער אַ ביסעל צו קאַלטע אויגען, האָט גע־שטראָמט אַ צופריעדענהייט מיט זיך. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט: „איהר זעהט, איך בין אַ זוהן פון רייכע עלטערען, קען מאַכען אַ גלענצענדע קאַריערע אַלס אַדוואָ־קאַט, און דאָך בין איך אַ סאָציאַליסט און נעהם אַן אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג".

נאָך דעם ווי איך האָב מיט איהם פערבראַכט אַ פּאָר שטונ־דען, האָב איך בעקומען וועגען איהם אַ סך אַ בעסערע מיינונג. איך האָב געפיהלט, אַז דער סאָציאַליזם איז פאַר איהם ניט אַ מאָדע זאַך, נאָר אַ טיעפע, ערנסטע איבערציינגונג, און אַז ער איז בעריט צו טהאָן זיין פליכט און צו אָפּפערען פיעלעס פאַר זיין אידעאַל.

ווי געוועהנליך, אין מיינע ערשטע בעגעגענישען מיט חברים אין רוסלאַנד, האָט זיך אונזער געשפּרעך געדרעהט הויפּטזעכליך אַרום פּראָגראַם פראַגען. דיזשור איז געווען איינפערשטאַנען מיט אַלע אַנזיכטען פון אונזער סאָיוז, אויסער אין דער פראַגע

פון טעראָר, אָבער דאָס האָט איהם ניט געשטערט צוצושטעהן צו אונז.

אין אָוועגד, האָט דיזשור צוזאַמענגערופען עטליכע פון זיינע פריינד, וועלכע האָבען אויך אויסגעדריקט דעם וואונש זיך אָנצושליסען אָן אונזער אָרגאַניזאַציע, און די קיעווער גרופע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען איז געגרינדעט געוואָרען. איך בין געווען זעהר צופרידען מיט דער גרופע, ווייל דאָס רוב פון די מיטגליעדער האָבען געמאַכט דעם איינדרוק פון ערנסטע, פעהיגע מענשען. א זעלטען גוטען איינדרוק האָט געמאַכט אויף מיר דיאַקאָוו, וועלכער האָט שפּעטער געשפּיעלט א בעדייטענדע ראָלע אין אונזער בעוועגונג. דיזשור האָט צוגעזאָגט צו העלפען אונזער סאָיוז מיט געלד, און ער האָט געהאַלטען וואָרט.

איך האָב איבערגענעכטיגט ביי דיזשור׳ען. אויף מאָרגען האָב איך געבראַכט פון וואָקזאַל מיינע זאַכען מיט דער ליטעראַטור, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזען פאַר דער נייער גרופע. מיר האָבען אָבגערעדט וועגען א שיפר און אנדערע קאָנספּיראַטיווע קלייניגקייטען, וועלכע זיינען אַזוי וויכטיג פאַר א געהיימער רעוואָלוציאָנערער ארבייט, און איך בין אוועק אין ראָסטאָוו.

ווי איך האָב ערוואַרט, האָב איך פון ראָסטאָוו קיין נחת ניט געהאַט. קאָזין איז אָבגעשטאַנען פון דער בעוועגונג. דער ארבייטער, ביי וועלכען איך האָב גענעכטיגט, ווען איך האָב בעזוכט ראָסטאָוו דעם ערשטען מאָל, און וועלכער האָט אַזוי פלייסיג שטודירט מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל“, איז געוואָרען א הייסער סאָציאַל־דעמאָקראַט. קיין נייע מענשען, וואָס זאָלען סימפּאַטיזירען מיט אונז האָב איך אין ראָסטאָוו ניט געקאָנט געפינען.

מיט מיין נסיעה קיין רוסלאַנד אין אַלגעמיין בין איך פון דעסטוועגען געווען צופרידען. איך האָב אריינגעפיהרט אין רוסלאַנד א היבש ביסעל ליטעראַטור, פערשטאַרקט אונזערע בעציהונגען מיט פּאָלטאַווע און האָב „איינגענומען“ אַזעלכע צוויי וויכטיגע שטעדט, ווי כאַרקאָוו און קיעוו.

איך האָב בעשלאָסען צו פאָהרען צוריק אין אויסלאַנד איבער א נייעם גרעניץ, האָפענדיג אַז מיר וועט זיך איינגעבען צו גע־

פֿינען אַ צופֿערלעסיגען קאָנטראַבאַנדיסט, װאָס זאָל אײַנװיליגען אַריבערפֿיהרען ליטעראַטור אין פּעק. צוליעב דעם צװעק בין איך אַװעק אין קאָװנע, װאו איך האָב גערעכענט אױסצוגעפֿינען מעהר װעגען דער קאָנטראַבאַנדע־אינדוסטריע אין פֿערשידענע גרעניץ־שטעדלעך.

## פינפטער קאַפּיטעל

אין קאָוונע. — ארקינא. — באַניעוואור. — די קאַראַאימקע. — אין טאָוריג. — געבאַפּט אויפ'ן גרעניץ.

אין קאָוונע האָב איך איפּגעזוכט מיינע אַ בעקאַנטע רענ־טיסטען, ארקינא. זי האָט ניט גענומען קיין אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. זי האָט אָבער סימפּאַטיזירט מיט אונז, און איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט זיך ניט אָבזאָגען מיר צו העלפען מיט וואָס זי וועט קענען. ווען איך בין געקומען צו פריילין ארקינא, האָב איך ביי איהר צופעליג געטראָפען מיינע אַן אַמאָליגע שילערין פון ווילנא, באַניעוואור, וועלכע האָט זיך געלערענט אין קאָוונער גימנאַזיע. זי איז געווען אַ שוועסטער פון מיינעם אַ ווילנער חבר, וועלכער איז געווען בעוואוסט צווישען אונז אונטער דעם נאָמען: „דער גרויסער“. ער האָט געקראָגען דעם צונעמעניש ניט ווייל ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער בעוועגונג, נאָר פּשוט ווייל ער איז געווען אַ הויכער און אַ דיקער. זיין פאָטער האָט געהאַט אַ קליידער־געשעפט. און, ווען אין ווילנא האָט זיך אָנגעהויבען צווישען די שניידער אַ קאַמף פאַר אַ קירצערען אַרבייטס־טאָג און פאַר העכערע שכירות, האָט באַניעוואור בשתיקה אָרגאַניזירט אַ סטרייק צווישען די בעלי מלאכות, וואָס האָבען געאַרבייט אין זיין פאָטער'ס געשעפט. דורך איהם האָב איך געקראָגען אַן „אוראַק“ ביי זיי אין הויז און האָב פאַרבעררייט זיין קליינע שוועסטער צום עקזאַמען אין גימנאַזיע. ווען איך האָב זי בעגעגענט אין קאָוונע, איז זי שוין געווען אין לעצטען קלאַס. צוזאַמען מיט עטליכע חבר'טעס איהרע האָט זי שוין געלייענט מירטאָוו'ס „היסטאָרישע בריעף“ און אַנדערע פערבאָטענע ביכער, און האָט געטרוימט פון רעוואָלוציאָ־נערער אַרבייט. זי האָט מיך בעקאַנט געמאַכט מיט איהרע חבר־טעס. זיי זיינען נאָך געווען זעהר יונג, כמעט קינדער, אָבער איי־ניגע פון זיי זיינען שוין געווען הייסע סאָציאַליסטקעס, און האָבען

זיך ערנסט געריסען צו ארבייטען פאר זייער אידעאל. זיי האבען מיך געבעטען צו פערשאפען זיי סאציאליסטישע ליטעראטור און צו ראטען זיי וואס צו טהאן. איך בין אימער געווען געגען דער צוציהונג פון צו יונגע קרעפטען צו דער בעוועגונג, און דעריבער האב איך זיי צוערשט געראטען, אז זיי זאלען זיך דערוייל בע־שעפטיגען אויסשליסליך מיט זעלבסטבילדונג, און אבווארטען אביסעל מיט אקטיווער ארבייט. זיי האבען אבער ניט געוואלט הערען דערפון. ספעציעל איינע פון זיי, א קאראאימקע, מיט שווארצע, ברענענדיגע אויגען, איז אויף מיר שטארק אנגעפאלען פאר מיין עצה און גע'טענה'ט, אז איך האב קיין רעכט ניט זיי צוריקצוהאלטען פון דער ארבייט. איך האב געמוזט זיי צוזאגען צו ברענגען ליטעראטור. זיי האבען געבילדעט א „קרוזשאק" מיט דעם ציעל צו פערשפרייטען סאציאליסטישע אידעען צווישען די מעהר ענטוויקעלטע שילערינס פון גימנאזיע, און אויך צו פערבינדען בעקאנטשאפט מיט די ארבייטערינס און ארבייטער און אנצופאנגען צווישען זיי א פארזיכטיגע פראפאגאנדע.

ארקינא האט מיר אנגעוויזען אויף אן אכסניה, וואס איז גע־שטאנען אין פערבינדונג מיט קאנטראבאנדיסטען אין עטליכע גרעניץ־שטעדלעך. נאך עטליכע געשפרעכען מיט דעם בעל־הבית פון דער אכסניה, האב איך זיך אבגעשטעלט אויף טאווריג (טאור־ראגען), וואו טויזענדער עמיגראנטען פלעגען אריבערגעפיהרט ווערען איבער'ן גרעניץ, און וואוהין הונדערטער פודען סחורה פלעגען ארייגגעשמוגעלט ווערען פון דייטשלאנד.

איך בין געקומען אין טאווריג און בין פערפאהרען אין א אידישער אכסניה. מיין טערקישען פאספארט האב איך דאס מאל ניט געהאט ביי זיך. איך האב אבער געהאט אן אינלענדישען פאס פון א קליין שטעדטעל ערגעץ ניט ווייט פון קאוונא, וועלכען איך האב געקראגען, איך געדענק שוין ניט דורך וועמען.

איך האב געזאגט דעם בעל־אכסניה, אז איך פאהר קיין אמעריקא און אז איך דארף אריבער דעם גרעניץ. באלד איז צו מיר געקומען א קאנטראבאנדיסט, א דארער אידעל, מיט א צו־שויבערטער רויטער בארד און זעהר ניט אנגענעהמע אויגען, וואס זיינען ביי איהם שטענדיג ארומגעלאפען פון נאז צו די

שלייפען און צוריק, ווי צוויי קליינע שוואַרצע מייזלעך, וועלכע זיינען געכאַפּט אין אַ פּאַסטקע. ער האָט פּערלאַנגט פּופּצעהן רובעל פאַר אַריבערפיהרען מיך. אַזוי ווי איך בין געפאָהרען לעדיג (מיינע זאַכען האָב איך פון קאָוונא אַבגעשיקט קיין בערלין), איז דאָס געווען אַ הויכער פּרייז. איך האָב זיך געפּראָוווט דינגען און האָב געזאָגט, אַז איך וועל זוכען אַ ביליגערען קאָנטראַבאַנדיסט. אָבער דער רויטער אידעל האָט בייז בעמערקט, אַז ער פיהרט דאָס געשעפט מיט פעסטע פּרייזען, און אַז קיין אַנדער קאָנט־ראַבאַנדיסט וועל איך אין שטעדטעל ניט געפינען, ווייל דער טאַוורינער גרעניץ איז אין זיינע הענד. איך האָב טאַקע באַלד אויסגעפונען, אַז דאָס איז אמת. איך בין געווען צו מיעד צו פאָהרען אין אַן אַנדער שטעדטעל און האָב איינגעוויליגט אויף זיין פּרייז. דער קאָנטראַבאַנדיסט האָט געמאַכט אויף מיר אַזאַ שלעכטען איינדרוק, אַז פון רעדען מיט איהם וועגען אַריבערשמוגלען ביכער האָט גאָר קיין פראַגע ניט געקאָנט זיין. איך האָב אָבער גערעכענט אַז עס איז ניט געווען קיין בעזונדער גרויסע ריזיקע צו גנב'ענען מיט זיין הילף דעם גרעניץ אין ליידיגען. איך האָב געהערט, אַז ער פיהרט אַריבער גרויסע פּאַרטיעס עמיגראַנטען און אַז עס טרעפט זעהר זעלטען מען זאָל וועמען פון זיי כאַפּען.

דער קאָנטראַבאַנדיסט האָט צוגעזאָגט מיך צו שיקען נאָך אין דעם זעלביגען אָווענד. צוזאַמען מיט מיר האָבען געדאַרפט געהן נאָך פיער פּאַרשוינען: אַ איד אין די מיטעלע יאָהרען מיט זיין אַלטער מוטער: אַ בלייכער ישיבה־בחור'ל און אַ פּאַפּיראָסען־מאַכערין. אַלע פיער זיינען געפאָהרען קיין אַמעריקא און זיי האָבען אויסגעזעהן זעהר אָרים און פערטרויערט. יעדערער פון אונז האָט איינגעלייגט צו 15 רובעל ביי דעם בעל־אכסניה און מיר האָבען אָבגערעדט, אַז ער זאָל ניט אָוועקגעבען די געלד צום קאָנטראַבאַנדיסט, ביז ער וועט ניט בעקומען פון אונז קיין צעטעלע, אַז מיר זיינען בשלום אַריבער קיין דייטשלאַנד. דער בעל־אכסניה איז געווען אַ פרומער איד מיט אַ לאַנגער גראָהער באָרד און האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן עהרליכען מאַן.

אַ זייגער ניין אין אָוועֶנד איז געקומען דער פיהרער, אַ יונגער פּאָליאַק, און געהייסען אונז נעהמען די זאַכען און געהן

מיט איהם. דער בחור איז מיר זעהר ניט געפעלען געוואָרען. מיר איז געוואָרען שווער אויפ׳ן הארצען, אַזוי ווי איך וואָלט געפיהלט, אַז עס וועט ניט אָראָבגעהן גלאַט. איך האָב שוין חרטה געהאַט, וואָס איך האָב זיך פערבונדען מיט דעם רויטען אידעל. קיין קאָנקרעטע אורזאַכע צו בייטען מיין בעשלוס האָב איך אָבער ניט געהאַט. דער קאָנטראַבאַנדיסט האָט מיך פערזיכערט, אַז ער האָט אָבגעמאַכט מיט די סאָלדאַטען און אַז איך וועל האָבען אַ „גרינגען גרעניץ".

מיר האָבען זיך געלאָזען אין וועג. איך האָב קיין זאַכען מיט זיך ניט געהאַט. דער ישיבה־בחור און די מיידעל האָבען געהאַט קליינע קלומקעס. אָבער דער איד מיט זיין מוטער האָבען געטראָ־גען אויף די פּלייצעס גרויסע זעק מיט סוכאַרעס און אַנדערע עסענוואַרג. צוליעב זיי האָבען מיר אַלע געמוזט געהן לאַנגזאַם. עס איז געווען אַ וואָלקענדיגע שטאָק־פינסטערע נאַכט. מיר זיינען געגאַנגען און געגאַנגען איבער גערטנער און פעלדער, געקראָכען איבער פּארקאַנעס, און ווידער געגאַנגען, ביז מיר זיינען ענדליך אַרויס אויף אַ שמאָלען שטויביגען וועג. דער פיהרער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען, און ווען איך האָב ביי איהם אַ פרעג געטהאָן, צי איז נאָך ווייט צו געהן, האָט ער בייז געהייסען זיין שטיל. מיט׳ן וועג איז געווען אביסעל גרינגער צו געהן. באַלד אָבער האָט זיך דער פיהרער אָבגעקערט פון וועג און מיר האָבען זיך גענומען שלעפּען איבער אַ זומפּ, בעוואַקסען מיט לאַנגע, בלאָטנע גראָז. די פיס האָבען געזונקען אין דער ווייכער, נאַסער ערד און זיך געפּלאָנטערט אין די לאַנגע פייכטע גראָז. איך האָב זיך געפיהלט ווי אין אַ שווערען חלום, ווען מען מוז אַנטלויפען פון עפּעס אַ שרעקליכער געפאַהר און די פיס זיינען ווי אָנגעגאָסען מיט בליי און ריהרען זיך ניט פון אָרט. די אַלטע אידענע האָט שווער געאָטעמט און איז עטליכע מאָל געפאַלען פון מיעדקייט.

מיר זיינען ווי עס איז דערגאַנגען צום צווייטען ברעג פון זומפּ און זיינען אַריין אין אַ דונקעלען וואַלד.

דער פיהרער האָט אונז געהייסען זיך אָבשטעלען און וואַר־טען אויף איהם. אַליין איז ער אוועק טיעפער אין וואַלד אַריין. מיר זיינען געבליבען שטעהן ווי אַ סטאַדע פערבלאָנדזעטע

שעפּסען. איך ווייס ניט ווי לאַנג מיר האָבען געוואַרט אויף איהם, אָבער עס האָט אויסגעזעהן ווי אַן אייביגקייט. אַלע זיינען מיר געווען אַזוי אומגעדולדיג און אויפגערעגט, אַז קיינעם איז ניט איינגעפאַהלען זיך צוצוזעצען. מיר זיינען געשטאַנען און גע־וואַרט, זיך צוגעהערט צו יעדען שאָרך אין וואַלד און זיך אָנגע־שטרענגט דורכצודרינגען די דריקענדע פינסטערניש פון דער נאַכט. ענדליך האָבען מיר דערהערט פאָרזיכטיגע טריט און אַ שטילען פייף. דער פיהרער איז צוגעגאַנגען צו אונז און געהייסען אונז לויפען נאָך איהם. מיר האָבען זיך געלאָזט לויפען איבער אַ שמאָלער, האַרטער סטעזשקעלע וואָס האָט זיך געדרעהט צווישען די בוימער און קוסטעס פון וואַלד. באַלד האָבען מיר אָבער בע־מערקט אַז די אַלטע אידענע איז געבליבען פון הינטען.

מיר האָבען געמוזט וואַרטען אויף איהר. זי איז געקומען אַ פערסאָפּעטע און געזאָגט אַז זי קען בשום אופן ניט לויפען ווייטער. דער פיהרער איז געוואָרען בייז און געשאָלטען מיט מיאוסע ווערטער. מיר האָבען גענומען די אַלטע אונטער די הענט און ווייטער געלאָפען.

מיט אַמאָל האָב איך בעמערקט, אַז אונזער פיהרער איז פערשוואונדען געוואָהרען, אַזוי ווי די ערד וואָלט איהם איינ־געשלונגען. באַלד האָט זיך דערהערט אַ בעפעהלענדער געשריי: „סטאָי!“ און אַ שאָס פון ביקס. פיער סאָלדאַטען זיינען אויס־געוואַקסען ווי פון דער ערד און האָבען אונז פערצאַמט דעם וועג. איך האָב זיך אַ קעהר געטהאָן אָן אַ זייט, האָפענדיג זיך צו בעהאַלטען צווישען די געדיכטע קוסטעס, אָבער אַ שטאַרקע האַנד האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים אַרבעל און איך בין געבליבען שטעהען. די אַלטע אידענע און דאָס מיידעל האָבען אויפגעהויבען אַ ביטערען געוויין, וועלכער האָט אָנגעפילט דעם וואַלד מיט טרויעריגע קלאַנגען.

איך האָב גענומען בעטען די סאָלדאַטען זיי זאָלען אונז אָפּ־לאָזען און זיי געגעבען אָנצוהערעניש, אַז מיר וועלען זיי גוט בעצאָהלען. זיי האָבען אָבער ניט געוואָלט הערען דערפון. זיי האָבען אָנגעצונדען אַ לאַנטערנע, בעקוקט די זאַכען, מיט וועלכע זיי זיינען געבליבען זעהר אונצופרידען, און אונז אַוועקגעפיהרט אין קאָרדאָן.

# זעקסטער קאַפּיטעל

אין קאָרדאָ. — אין אַרעסט־שטיבעל. — מיט׳ן עטאַפּ קיין ראַסיין.

ווען מיר זיינען געקומען אין קאָרדאָ, איז שוין געווען אַ זייגער צוויי פאַרטאָג, מען האָט אונז אַריינגעפיהרט אין אַ לאַנגען צימער, וואו עס זיינען געשטאַנען אַ צעהן שמאָלע בעטלאַך, איבערגעדעקט מיט גראָהע געוואַנטענע קאָלדרעס. עטליכע סאָלדאַטען זיינען געזעסען אין אַ ווינקעל אויף אַ בעט און האָבען געראויכערט און געשמועסט. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט דעם ריח פון זשעגעכץ און מאַכאָרקע, צונויפגעמישט מיט דעם ספּעציפישען גערוך פון אַ רוסישער קאַזאַרמע. מען האָט אונז געזאָגט, אַז מיר וועלען מוזען וואַרטען ביז אין דער פריה, ווען דער אָפיציער וועט קומען.

איך בין געווען זייער מיעד און שלעפעריג. מיינע געדאַנקען האָבען זיך געפּלאָנטערט. איך האָב אפילו ניט געפיהלט קיין פּערדרוס איבער דעם אומגליק, וואָס האָט פּאַסירט, און ניט געטראַכט ווי אַזוי אַרויסצודרעהען זיך פון דער אונאָנגענעהמער לאַגע. איין וואונש האָט מיך בעהערשט: אויסצוציהען זיך אויף אַ בעט און שלאָפען. איינער פון די סאָלדאַטען, וועלכער האָט געדאַרפט געהן אויף דער וואַך, האָט מיר פאַרגעשלאָגען זיין בעטעל. איך האָב זיך געלייגט ניט אויסגעטאָנענערהייט און בין באַלד אנשלאָפען געוואָרען.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. באַלד איז געקומען דער אָפיציער. ער האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל און געהייסען אונז אָבפיהרען אין טאַווריג אין אַרעסט־שטיבעל. אונטער דער בעגלייטונג פון צוויי גרעניץ־סאָלדאַטען זיינען מיר אַוועק אין שטעדטעל. צוליעב די פרויען וואָס זיינען געווען מיט אונז, האָבען מיר געמוזט געהן לאַנגזאַם, און די פיער וויאָרסט צום שטעדטעל, האָבען אונז גענומען נאָ־

הענט פון צוויי שטונדען. די טאַווריגער אידען האָבען געקוקט אויף אונזער פּראָצעסיע גלייכגילטיג, אָהן נייגער. זיי זיינען שוין הפנים געוואוינט געווען צו אַזעלכע פּראָצעסיעס. נאָר איין פרוי וועלכע איז געשטאַנען ביי דער טיר פון איהר קליימעל און גע־שמועסט מיט אַ שכנה, האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר מיט רחמנות, ווען איך בין פערבייגעגאַנגען. זי האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט צו דער צווייטער:

„ער זעהט זיך אָן צו זיין אַ בעל־הבתי'שער בחור".

פון ארעסט שטיבעל האָב איך אָנגעשריבען אַ צעטעלע צו דעם בעל אכסניה און איהם געבעטען, ער זאָל גלייך קומען. דער וועכטער האָט פּאַר אַ קליינע בעלוינונג אַוועקגעטראָגען מיין בריוועל און געבראַכט אַן ענטפער, אַז ער וועט קומען. עס איז אַוועק דער גאַנצער טאָג און קיינער האָט זיך ניט בעוויזען. ערשט אין אָוונד איז געקומען דער בעל־אכסניה און מיר געזאָגט, אַז דער קאָנטראַבאַנדיסט וויים שוין פון אונזער ארעסט, און אַז ער ארבייט שוין מיט'ן פּריסטאַוו מען זאָל אונז בעפרייען. ער האָט מיך פערזיכערט, אַז אין דערפריה וועט מען אונז געוויס ארויסלאָזען.

איך האָב פערבראַכט אַן אומרוהיגע נאַכט. מיט אונז זיינען געזעסען עטליכע גנבים פון די אחינו בני ישראל, געזונטע יונגען אין לאַנגע גלאַנציגע שטיוועל. זיי האָבען די גאַנצע נאַכט גע־שפּיעלט אין קאָרטען, געטרונקען בראַנפען און זיך גוטמוטיג געזידעלט מיט פּאַסקודנע ווערטער. עס האָט אויסגעזעהן, אַז זיי האָבען זיך געפיהלט ווי אין דער היים. איך בין געלעגען אויף דער הארטער נארע, ניט געקענט איינשלאָפען, און האָב זיך קוים דערוואַרט ביז עס איז געוואָרען טאָג. אַ זייגער אַכט אין דער פריה, האָט דער וועכטער מיר געבראַכט נייען קאָפּיקעס, מיין טעגליכע „זשאַלאָוואַניע". דאָס איז מיר גלייך ניט געפעלען גע־וואָרען. איך האָב פערשטאַנען, אַז אויב מען וואָלט דענקען מיר באַלד צו בעפרייען, וואָלט דער וועכטער מיר ניט ארויסגעגעבען מיין „פּאָרציאָנע" געלד. ער וואָלט אראָבגעלאָזט די נייען קאָפּי־קעס זיך אין קעשענע אריין. איך האָב געפרעגט דעם וועכטער ווען מען וועט מיך ארויסלאָזען.

„איך רעכען, אז מען וועט אייך שיקען א היים מיט'ן עטאפ" — האט ער קאלט געענטפערט.

עס איז מיר געווארען קאלאמוטנע אויפ'ן הארצען. אמת, איך האב געהאט א פאספארט, מיין פאס איז אבער געווען פון עפעס א קליין שטעדטעל אין קאוונער גובערניע, וואו איך בין קיינמאל ניט געווען, און איך האב דארט קיינעם ניט געקענט. איך האב געוואוסט, אז אויב מען וועט מיך שיקען מיט'ן עטאפ, וועט מען מיך צושטעלען אין דער מעשצאנסקע אופראווע, פון וואנען מיין פאס איז ארויסגעגעבען געווארען. אזוי ווי קיינער וועט מיך דארט ניט „פריזנאיען", וועל איך מוזען אדער מודה זיין ווער איך בין, אדער בעהאנדעלט ווערען אלס א „בראדיאגע".

איך האב ווידער אנגעשריבען א צעטעלע צו דעם בעל־אכסניה און נעפאדערט, אז דער קאנטראבאנדיסט זאל קומען. לויט דעם אבמאך מיט איהם, איז ער געווען מחויב מיך אויסצולייזען פון די הענד פון דער פאליציי און מיך אריבערפיהרען איבער'ן גרעניץ. ערשט פארנאכט איז געקומען דער רויטער אידעל. זיינע אונאנגענעהמע אויגען זיינען ארומגעלאפען פון זיין נאז צו די שלייפען און צוריק מיט א בעזונדערער שנעלקייט. ער האט זיך פערענטפערט און געזאגט, אז ער האט אלץ אראנזשירט מיט די סאלדאטען כדבעי, נאר אזוי ווי מיר זיינען געקומען צום גרעניץ צו שפעט, האט זיך דערווייליע אומגעביטען די וואך, און די נייע סאלדאטען האבען אונז ארעסטירט. ער האט מיר פערזיכערט, אז ער פערהאנדעלט מיט'ן פריסטאוו, און, אז מען וועט מיך ארויסלאזען בלי שום ספק.

„העכסטענס וועט איהר דא דארפען פערבלייבען נאך איין נאכט", האט ער מיך געטרייסט, „פערלאזט זיך אויף מיר און געהט ניט אליין צום פריסטאוו, ווייל איהר וועט נאך קאליע מאכען דעם גאנצען עסק. איך בין מיט'ן פריסטאוו א גוטער ברודער. איהר זייט אבער א פרעמדער, און ביי אייך וועט ער מורא האבען צו נעהמען געלד. זייט רוהיג, מארגען אין דער פריה ווערט איהר פריי און ביינאכט וועט איהר זיין אין דייטשלאנד".

הגם איך האב געהאט זעהר ווייניג צוטרויען צום קאנטראבאנדיסט, האב איך דאך בעשלאסען צו ווארטען ביז אין דער

פריה. איך האָב ווי עס איז אריבערגעשטופט די נאכט. ערשט ווען עס האָט שוין גענומען טאָגן, בין איך אנשלאָפן געוואָרן מיט אַ שווערן בלייענעם שלאָף.

ווען איך האָב געעפענט די אויגן, איז דער וועכטער גע־שטאַנען נעבן מיר און מיך געשאָקעלט מיט זיין שווערער לאַפּע.

„שטעה אויף. עס איז שוין צייט צו געהן, דער קאָנוואָי־ווארט" — האָט ער גראָב געזאָגט צו מיר.

עס האָט מיר אַ שטאָך געטהאָן אין הארצען, איך בין אויפגעשפרונגען און האָב זיך אָנגעטהאָן. דער וועכטער האָט אונז אַלעמען אוועקגעפיהרט צום פּריסטאַוו'ס הויז. אַן אָקאָלאָ־דאָטשניק האָט אונז בענגענט. איך האָב איהם געזאָגט אַז איך וויל זעהן דעם פּריסטאַוו.

„דער פּריסטאַוו איז ערשט אוועקגעפאָהרען און וועט ניט קומען צוריק ביז איבערמאָרגען" — האָט דער אָקאָלאָדאָטשניק געענטפערט.

איך האָב איהם געגעבען אַ רובעל און געבעטען, ער זאָל מיך אָבהאַלטען אין טאַוורינג ביז דער פּריסטאַוו וועט קומען צו־ריק. ער איז געוואָרען ווייכער, מיך אָבגערופען אָן אַ זייט און מיר ערקלערט:

„וואָלט איהר געקומען נעכטען, וואָלט אייך דער פּריסטאַוו געווים ארויסגעלאָזט פאר איין רויטשינקער". דער מאָשעניק קאָנ־טראַבאנדיסט האָט איהם אָבער אָנגעבאָטען אזא קליינע סומע, אַז אפילו איך וואָלט זיך געשעהמט עס צו נעהמען. דער פּריס־טאַוו איז געוואָרען אין כעס און געהייסען אייך אָבשיקען אין אויעזד מיט'ן עטאַפּ. איך מוז פאָלגען זיין בעפעהל. איך קען אייך אָבער געבען אַן עצה, וואָס צו טהאָן. איך פערשטעה זעהר גוט אַז פאר אזא יונגען מאַן, ווי איהר, איז זעהר ניט אנגענעהם צו קומען אַ היים מיט'ן עטאַפּ. אויב איהר זייט צופרידען עס זאָל אייך קאָסטען אַ 15־20 רובעל, קאָנט איהר גרינג בעפרייט ווערען אין ראַסיעני. דאָ איז פאַראַן אין טאַוורינג אַ וואוילער אידעל, אַ קלעזמער, וועלכער איז ביים איספראַווניק ווי אַן איי־גענער מענש, ער קען ביי איהם אַלץ פועל'ן. אויב איהר ווילט, וועל איך אריבערשיקען נאָך איהם".

ניסן דער קלעזמער, א פּרעהליכער, דארער יונגערמאַן, איז באַלד געקומען. עס איז געגוג געווען אַ קוק צו טהאָן אויף זיין אָפענעם עהרליכען פּנים, צו זעהן, אַז מען קען זיך אויף איהם פערלאָזען. ער האָט מיר געזאָגט אַז ער דאַרף געבען דעם איס־פּראַוואָניק 15 רובעל, 5 רובעל וויל ער אויף הוצאות הדרך און 5 רובעל פּאַר זיין טרחה. איך האָב געגעבען ניסן׳ען אַ פינף און צוואַנציגער, און ער איז גלייך אַוועק דינגען אַ פוהר קיין ראַסיעניי.

דער „קאָנוואָי" איז אײנגאַנצען בעשטאַנען פון צוויי פויערים. פאַר דער אַלטער אידענע האָט מען געגעבען אַ פוהר. מיט איהר איז אויך געפאָהרען איהר זוהן און די מיידעל. איינער פון די פויערים האָט זיי אוועקגעפיהרט גלייך אין ראַסיעניי. דער אָרימער בחור׳על און איך, האָבען געדאַרפט געהן צופוס. מיר האָבען גע־האַט דאָס רעכט צו דינגען אַ פוהר אויף אייגענע הוצאות. איך האָב אָבער געוואָלט געבען מיין שתדלן צייט צו זעהן זיך מיט׳ן איספּראַוואָניק, איידער איך קום אין ראַסיעניי, און איך האָב דע־ריבער פאָרגעצויגען צו געהן צו פוס. דער פויער, וואָס האָט אונז געדאַרפט פיהרען, איז געווען אונצופרידען, וואָס מיר דינגען ניט קיין פוהר, און פאַר כעס האָט ער אונז צונויפגעשמידט צו־זאַמען, אַזוי ווי מיר וואָלטען געווען געפעהרליכע פאַרברעכער. די הענד קאַנדאַלען זיינען בעשטאַנען פון אַ קורצער אייזערנער קייט מיט בראַסלעטען אויףביידע עקען. אין איין בראַסלעט האָט דער פויער איינגעשלאָסען מיין רעכטע האַנד, און דעם צווייטען בראַסלעט האָט ער אָנגעטהאָן אויף דער לינקער האַנד פון מיין חבר.

מיר האָבען זיך געלאָזען אין וועג. איך בין געוואוינט געווען צו געהן מיט לאַנגע, פעסטע טריט, און עס איז מיר געווען שווער צוצופּאַסען זיך צו דעם לאַנגזאַמען גאַנג פון מיין קאָמפּאַניאָן. דער בראַסלעט האָט געריבען די האַנד. מיר זיינען אָבגעגאַנגען אַ פּאָר וויאָרסט פון שטעדטעל און זיינען געקומען צו אַ קרעט־שמע. אונזער פיהרער האָט זיך אָבגעשטעלט. מען האָט געקאָנט זעהן, אַז איהם ציהט שטאַרק אין שיינק אריין. איך האָב פאַר־געשלאָגען אונזער פיהרער צו קויפען איהם אַ פלעשעל שנאַפּס,

אויב ער וועט אראָבנעהמען די קאַנדאַלען פון אונזערע הענד. ער האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטען. ווען ער האָט אויסגע־טרונקען א פּאָר גלעזלעך איז ער געוואָרען פיעל פריינדליכער. זיין הארטע, טרוקענע געזיכט איז געוואָרען ווייכער, און ער האָט זיך גענומען פערענטפערען:

„ווער וויס איך, ווער איהר זייט. איך בין איינער און איהר זייט צוויי. אז איהר זאָלט אנטלויפען וועל איך דאָך זיין פער־אנטוואָרטליך דערפאַר. מיט א מאָנאַט צוריק האָבען צוויי ארעס־טאַנטען, געהרג'עט דעם פּויער, וואָס האָט זיי געפיהרט אין ראַסיעניי".

איך האָב איהם פערזיכערט, אז מיר קלייבען זיך ניט צו אנטלויפען, און אז זיין לעבען איז אויסער געפאַהר. ער האָט אריינגעלעגט די פלעשעל בראָנפען אין קעשענע און מיר זיינען אוועק ווייטער. אָהן די קאַנדאַלען איז זיך געגאַנגען גאָר אַנ־דערש. עס איז געווען א שעהנער טאָג, דער לאַנגער שפּאַציער האָט מיר פערשאַפט אַן אמת'ען פערגניגען. ביז צום עטאַפּ איז געווען א וויאָרסט פינף און צוואַנציג. די זון האָט שוין געהאַל־טען ביים אונטערגעהן, ווען מיר זיינען געקומען צו אונזער סטאַנציע.

דער עטאַפּ איז בעשטאַנען פון א קליין הילצערנע שטיבעל, ארומגערינגעלט מיט א צוים פון הויכע, אויבען פערשפּיצטע סלופּעס. געגענאיבער איז געווען א אידישע קרעטשמע. די שיינ־קערקע האָט אונז געבראַכט עסען, און האָט בשום אופן ניט גע־וואָלט נעהמען קיין געצאָהלט דערפאַר.

איך האָב אָבגעגעסען מיט גרויס אַפּעטיט, זיך געלעגט אויף דעם שטרויענעם סעניק אויף דער נאַרע און בין גלייך אנשלאָפען געוואָרען.

# זיבעטער קאַפּיטעל

אין עטאַפּ־שטיבעל. — אַ שמועס מיט׳ן אונטערפיהרער. — ניסן דער קלעזמער. — אין ראַסיינער געפענגניש. — די דריטע מכה. — באַפרייט.

עס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען צו טאָגען, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. נאָך די צוויי שלאָפלאָזע נעכט אין טאַווריג און נאָך דעם לאַנגען שפּאַציער, האָב איך געשלאָפען זעהר גוט און האָב זיך געפיהלט אויסגערוהט. אחוץ דעם בחור׳ל און מיר איז אין ערעסט־שטיבעל קיינער ניט געווען. עס איז געווען רוהיג און שטיל. מען האָט געקאָנט הערען דעם זאַנפטען גערויש פון די בלעטער אין נאָהענטען וואַלד און דעם מונטערען געזאַנג פון אַלערליי פויגלען. איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער. דער הימעל איז געווען קלאָהר, די לופט דורכזיכטיג. עס האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אַרויסגעהן פון דער ענגער שטוב און שפּרייזען איבער דעם אָפענעם וועג. מיט אונגעדולד האָב איך געוואַרט אויפ׳ן עטאַפּ, אַזוי ווי איך וואָלט זיך געקליבען צו מאַכען אַ לאַנגען שפּאַציר אין די בערג פון בערג׳ער אָבערלאַנד. די טהיר איז אָבער געווען פערשלאָסען און איך האָב געמוזט וואַרטען אַ פּאָר שטונדען, ביז דער וועכטער איז געקומען און האָט מיך אַרויסגעלאָזען אין הויף. איך האָב בעקומען מיינע פּאָרציאָנע ניין קאָפּיקעס און האָב זיי גלייך פערשווענדעט אויף פריהשטיק. דער וועכטער האָט מיר געבראַכט פון קרעטשמע ברויט, אייער און טהעע. באַלד איז געקומען אונזער נייער אונטערפיהרער, אַ קליין דאַר פויער׳ל, מיט אַ גוטמוטיגען פּנים און מיט אַ בלישטשעדיגען בלעכעל אויף דער ברוסט. דער וועכטער האָט איהם איבערגעגעבן דעם קאַזיאָנעם פּאַקעט, אַ פיער־קאַנטיגען קאָנווערט מיט פינף חתימות, אין וועלכען עס איז געלעגען מיין פּאַספּאָרט און אַ רעפּאָרט וועגען אונזער ערעסט. דער פויער האָט גענומען

דעם קאָנווערט פּאַרזיכטיג, מיט צוויי פינגער, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ הייליגע זאַך, צו וועלכער ער איז ניט ווערטה צוצוריהרען זיך מיט זיינע פערגרעבטע מוזשיצקע הענט. ער האָט איהם אַריינגעלעגט אין היטעל און די היטעל אָנגעטהאָן אויפ׳ן קאָפּ. ער האָט זיך איבערגע׳צלמ׳ט און געזאָגט צו אונז:

— „קומט, קינדער. מיר האָבען אַ לאַנגען וועג. לאָמיר גהען איידער עס ווערט הייס“.

מיר האָבען זיך געלאָזען אין וועג. די שענקערקע איז אַרויס־געלאָפען פון קרעטשמע, מיטגעגעבען אונז עטליכע בייגעל און אונז בעגלייט מיט אַ זיפץ.

אונזער וועג איז פון אָנפאַנג געגאַנגען דורך אַ וואַלד. די זון איז נאָך געשטאַנען נידעריג אויפ׳ן הימעל און עס איז געווען קיהל און אַנגענעהם צו געהן. אונזער פיהרער האָט זיך ניט געהאַל־טען גרויס מיט זיין מעשענעם בלעכעל, וואָס ער האָט געטראָגען אויף דער ברוסט, און ער האָט זיך אַריינגעלאָזען מיט מיר אין אַ לאַנגען שמועס. ער האָט זיך בעקלאָגט, אַז ער האָט ניט גענוג ערד און מיר פערטרויט דעם סוד, אַז זיין עלטערער זוהן קלייבט זיך אויך צו פאָהרען אין אַמעריקאַ. ער האָט ביי מיר געפרעגט, צו איז דאָס טאַקע אמת, וואָס לייט זאָגען, אַז אין אַמעריקאַ קאָן מען פערדינען פינף רובעל אַ טאָג, און אַז דאָס פאָלק קלייבט דאָרטען אויס אַלע פינף יאָהר אַ נייעם קיסר. דערנאָך איז אונ־זער געשפּרעך איבערגעגאַנגען אויף דער אינערליכער פּאָליטיק. ער האָט געוואָלט וויסען צו קענען די פּויערים עפּעס ערוואַרטען פון מאַניפעסט, וואָס דער צאַר וועט אַרויסגעבען צו זיין קאָראָנאַציע. הגם ער איז געווען פּעסימיסטיש געשטימט וועגען דעם ענין און האָט געזאָגט, אַז ער גלויבט ניט, דער צאַר זאָל געבען די פּויערים מעהר ערד, אָדער ער זאָל פערקלענערען די פּאָדאַטקעס, האָט מען דאָך געקאָנט זעהן, אַז איהם האָט זיך געוואָלט, איך זאָל מיט איהם זיין ניט איינפערשטאַנען. לײדער האָב איך איהם ניט גע־קאָנט געבען קיין האָפנונגען אויף דעם צאַר׳ס מאַניפעסט. „אַז דאָס קינד וויינט ניט, קימערט זיך ניט די ניאַנקע וועגען איהם“— האָב איך איהם געזאָגט.

— מען האָט געדאַרפט שיקען צום קיסר שתדלנים פון אַלע

דערפער, וואָלטען זיי אפשר עפּעס גע׳פּועל׳ט — האָט דער פּויער בעמערקט; — עס איז אָבער ניטאָ ווער עס זאָל זיך נעהמען דערפאַר.

ווען מיר זיינען ארויס פון וואַלד, איז די זון שוין געשטאַנען הויך אין הימעל. די לופט איז געווען שטיל, אַזוי ווי עס וואָלט זיך געפּוילט צו בעוועגען אין אַזאַ היץ. דער וועג איז געווען בע־דעקט מיט אַ טיעפען דיגעם שטויב. ווען אַ פוהר איז אונז פאַר־ביינעפאָהרען, האָט זיך דער שטויב אויפגעהויבען ווי אַ געדיכטער וואָלקען און איז געקראָכען אין האַלז און אין די אויגען. אַ זייגער צוועלף זיינען מיר געקומען צו אַ טייכעל, בעוואַקסען מיט ווער־בעס, וועלכע האָבען אראָבגעלאָזען זייערע דינע בויגזאַמע צוויי־גען ביז צום קלאָרען שפּיגעל פון וואַסער. מיר האָבען זיך אראָב־גענומען פון וועג אויף דעם גרינעם גראָז, אָבגעוואַשען דעם שטויב פון אונזערע פּנים׳ער און זיך געזעצט אַ ווײלע אָבצורוהען. אַ שטונדע שפּעטער זיינען מיר געקומען אין ראָסיין.

אין דער פּאָליציי האָט מען אונז ניט לאַנג פערהאַלטען און אונז אָבגעשיקט אין געפענגנים. דאָס איז שוין געווען ניט קיין ארעסט־שטיבעל, נאָר אַ ריכטיגע טורמע, וואו עס זיינען גע־זעסען אַלערליי קליינע און גרויסע פערברעכער.

פאַרנאַכט איז געקומען ניסן דער קלעזמער. ער האָט מיר איבערגעגעבען אַז דער איספּראַווניק איז אוועקגעפאָהרען און וועט ערשט קומען מאָרגען. ניסן האָט זיך אָבער ווייניג געקימערט וועגען דעם. איהם האָט זיך דערווייל געמאַכט אַ חתונה אין ראָסיין, און ער וועט שוין אויסשלאָגען זיינע הוצאות. ער האָט מיך פערזיכערט, אַז דער איספּראַווניק וועט מיך געוויס ארויס־לאָזען, און איך קאָן שלאָפען רוהיג.

עס איז מיר אָבער ניט בעשערט געווען צו שלאָפען רוהיג אין ראָסיינער געפענגנים. מיעד פון וועג האָב איך זיך געלעגט גלייך נאָך וועטשערע. דאָס בעטעל, בעדעקט מיט אַ פרישען ליילעך פון גראָבען לייווענט, האָט אויסגעזעהן גאַנץ ריין. דער סעניק איז געווען דיק און ווייך. ווי נאָר איך האָב אָבער צוגע־מאַכט די אויגען און גענומען איינדרעמלען, האָב איך דערפיהלט אַ זעהר אונאַנגענעהמע בייסעניש איבער׳ן גאַנצען לייב. נאָך אַ

קורצער אונטערזוכונג האָב איך אויסגעפונען, אַז ביי מיר אין בעט איז געווען זעהר „לעבעדיג". איך האָב דאָרטען דערזעהן אַ גאַנצע מחנה פון חיה'לעך, וועלכע האָבען געהאַט אַ שטאַרקע עהנליכקייט צו אַ בילד, וואָס איך האָב אַמאָל געזעהן אין אונזער אַלטער הגדה.. דאָס בילד איז געווען געדרוקט אונטער דער דריטער פון די עשרה מכות, וואָס הקדוש־ברוך־הוא האָט אַנגעשיקט אויף די מצריים אין מצרים. קיין מיקראָסקאָפּ האָב איך ניט געדאַרפט געברויכען צו דערקענען זיי, ווייל, נאָך דער גרויס נאָך, זיינען זיי געווען מעהר עהנליך צו דער צווייטער מכה פון דער הגדה. און געביסען האָבען זיי, אַזוי ווי זיי וואָלטען גאָר געהערט צו דער פערטער פון די עשרה מכות.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַ דער סעניק איז מיר עפּעס געווען צו ווייך; און איך האָב בעשלאָסען, אַז די אַנשיקעניש מוז טאַקע קומען פון סעניק. איך האָב אַראָבגעוואָרפען דעם שמוציגען שטרויזאַק אויף דער פּאָדלאָגע און האָב זיך געלייגט אויף דער הוילער בעטעל. עס האָט אָבער ווענִיג געהאָלפען, און איך האָב געמוזט אויפגעבען די האָפנונג אַנשלאָפען צו ווערען. איך האָב געקוקט אויף די איבעריגע אַרעסטאַנטען, וועלכע זיינען זיך געשלאָפען רוהיג, אַזוי ווי ניט זיי מיינט מען, און האָב זיך געוואונדערט. ניט אַנדערש, אַז די פּאַראַזיטען האָבען געהערט צו די שווארצע מאה'ניקעס און דערשמעקענדיג אַז איך בין אַ רעוואָלוציאָנער, האָבען זיי מיך געביסען מיט אַ בעזונדערען האַס.

איך האָב זיך קוים דערוואַרט ביז עס איז געוואָרען טאָג. אַ מיעדער האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער גרויסער קאַמער, ביז דער וועכטער איז געקומען און האָט אונז אַרויסגעלאָזען אין הויף. אַזוי ווי איך האָב ניט ערוואַרט צו בלייבען לאַנג אין דער ראָסיינער טורמע, האָב איך זיך ווענִיג צוגעקוקט צו די דאָרטיגע פּאַריאַדקעס. אין אַלגעמיין זיינען דאָרטען די בעציהונגען צווישען די בעאַמטע און די אַרעסטאַנטען געווען גוטמוטיגע. דער שוואַרצער ברויט איז געווען גוט אויסגעבאַקען, און אַפילו דאָס געקעכץ איז געווען ניט שלעכט. מיר איז אָבער ניט איינגעגאַנגען דאָס עסען. איך האָב געוואַרט מיט אונגעדולד אויף מיין מוזיקאַנט, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו קומען אין דער

פריה. עס איז אריבער מיטאָג־צייט און ער איז ניט געקומען. איך האָב שוין איהם געגומען חושד זיין, אז ער האָט ביי מיר פראָסט אויסגענארט א פינף־און־צוואנציגער און האָב שוין גע־וואָלט אליין געהן צום איספראווניק, ווען ניסן דער קלעזמער איז אריין מיט א פרעהליכער מינע און מיר ערקלערט, אז ער קומט פון איספראווניק, און אז מען וועט מיך ארויסלאָזען. ער האָט זיך ענטשולדיגט, וואָס ער איז געקומען אזוי שפעט; ער האָט געשפיעלט אויף א חתונה די גאנצע נאכט און איז דעריבער ערשט ניט לאנג אויפגעשטאנען פון שלאָף. ער האָט זיך דאן גע־ווענדעט צום אָרים־בחור'ל, וועלכער איז געבעך די גאנצע צייט געזעסען א נידערשלאָגענער:

— צוליעב זיין זכות וועט מען אייך ניט שיקען מיט'ן עטאפּ. מאָרגען פריה וועט מען אייך ביידען בעפרייען.

דער בחור'ל איז געוועזען אזוי איבערראשט פון דער פרעה־ליכער נייעס, אז ער האָט אפילו פערגעסען צו בעדאנקען אונזער שתדלן. ניסן האָט מיר איבערגעלאָזען אן אדרעס פון אן אכסניה אין ראָסיין, וואוהין עס פלעגען פערפאָהרען די טאווריגער בעלי־עגלה'ס.

איך האָב געבעטען דעם וועכטער, ער זאָל מיר געבען א ריינעם סעניק. ער האָט ערפילט מיין בקשה. איך וויים ניט, צו דאָס האָט טאקע געהאָלפען, אָדער איך בין איינפאך געווען צו מיעד, אָבער מיין לעצטע נאכט אין ראָסיינער געפענגניס בין איך געשלאָפען גאנץ געשמאַק.

אין דער פריה האָט מען מיך און דעם אָרים־בחור'ל אוועק־געפיהרט אין איספראווניק'ס קאנצעלאַריע, און אונז ביידען בעפרייט מיט „פּראָבאָדנאָיע סווידעטעלסטוועס", דאָס הייסט, מען האָט אונז ארויסגעגעבען סווידעטעלסטוועס, אז מיר מעגען פאָהרען פריי אהיים און זיך דאָרט מעלדען אין מיעשטשאנסקע אופּראווע, וואוהין אונזערע פּאספּאָרטען זיינען אָבגעשיקט גע־וואָרען דורך פּאָטשט.

אנשטאט צו פאָהרען „אהיים" אין קאָוונער גובערניע, האָב איך בעשלאָסען וואָס גיכער אריבערצוכאפּען זיך אין אויס־לאנד. איך בין אוועק אויף דער אכסניה, וואָס ניסן דער קלעז־מער האָט מיר רעקאָמענדירט, זוכען א פוהר צוריק אין טאווריג.

# אכטער קאַפּיטעל

א רייזע אין א בויד. — ווידוקלער ציגנו. — דער טאַווריקער פעלדשער. — אין קרעטשמע. — מיין געפינס.

אָהן שוועריגקייטען האָב איך אויפגעזוכט אין ראָסיין די טאַווריגער אכסניה. די הויז האָט מיר דערמאָנט אָן ר׳ גרשון אברהם׳ס אכסניה אין מינסק, וואוהין איך פלעג אמאָל פערפאָהרען אויפ׳ן וועג פון פלעשצעניץ אין ווילנא. די שטוב איז געווען פול מיט אידען: קרעמער, וואָס זיינען געקומען אין מקום נאָך סחורה; קליינע ראָסיינער הענדלער, וואָס האָבען זיך בעמיהט איינצורעדען די אורחים צו קויפען ביי זיי מציאות; פּאַסאַזשירען, וואָס האָבען געוואַרט אויף די בעלי־העגלות, און גלאָט אַזוי אידען וועלכע האָבען זיך ארומגעדרעהט אָן א בעשטימטען צוועק. מען האָט געטומעלט, געפּילדערט, געדרונגען זיך. טרעגער האָבען געבראַכט פּעק מיט סחורה אין ראָגאָזשעס, קאַסטענס מיט פּאַיאַנס, מיט באַקאַליי און גאַלאַנטעריי. פוהרלייט האָבען צוגעפיהרט פעסער מיט הערינג און קעראָסין. דער גרויסער שמוציגער הויף איז געווען פערשטעלט מיט פוהרען. צווישען די פוהרען האָב איך געפונען מיין טאַווריגער בעל־עגלה, וועלכער האָט געגעבען זיינע פערד האָבער. זיין וואָגען איז געווען בעדעקט מיט א גרויסער שוואַרצער בויד, פון וועלכער עס זיינען פון אַלע זייטען אַראָבגעהאָנגען שטיקער צוריסענע צאָראַט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אינגאַנצען דריי פּאַרשוין, אַז זיינע פערד זיינען לייבען און אַז איך וועל פאָהרען אין טאַווריג ווי א פּרינץ. די „לייבען" האָבען לאַנגזאַם געקייט דעם האָבער, אומעדיג געקוקט אויף מיר מיט זייערע פערטראַכטע אויגען און געטריבען פון זיך די דאָקוטשליווע פליגען מיט זייערע עקען. זיי זיינען געבליבען גאַנץ גלייכגילטיג צו דעם קאָמפּלימענט, וואָס זייער בעל־הבית האָט זיי געמאַכט. זיי האָבען שוין הפנים דורכ־

געמאַכט אַ װעלטעל און זײַנען געקומען צו דער פּעסימיסטיש־מאַטעריאַליסטישער װעלט־אַנשױאונג, אַז אַלץ איז הבל אחוץ קײען. און קײען האָבען זײ שױן נעבעך ניט געהאַט מיט װאָס.

מיר זײַנען מושוה געװאָרען װעגען מקח און דער פוהרמאַן האָט מיר געהײסען קומען ניט שפּעטער װי אין דרײ שטונדען אַרום. איך האָב איהם געגעבען אַן אױפגאַב און בין אַװעק אין גאַס.

נאָך די צװײ נעכט אין דער ראָסײנער געפענגנים האָט זיך שטאַרק געגלוסט צו געהן אין אַ שװיץ־באָד, אָבער װען איך האָב געפרעגט אַ אידען װעגען אַ באָד, האָט ער מיך אָנגע־קוקט װי אַ משוגע'נעם.

— װאָס װעט איהר טהאָן מיטװאָך אין באָד? — האָט ער מיך געפרעגט. — װאָס מײנט איהר, דאָס איז װאַרשע? בײ אונז הײצט מען די באָד נאָר פרײטאָג, און אפילו דאַמאָלט איז אױך דאָס רוב פּוסט.

איך האָב געפרעגט צי האָבען זײ ניט װעניגסטענס אַ קופּאַלניע.

— װאָס נאָך װילט איהר געפינען אין ראָסײן? אפשר װאָלט איהר װעלען געהן אין טעאַטער? — האָט דער איד אי־ראָניזירט. — און צו װאָס דאַרפט איהר אַ קופּאַלניע? איהר װילט זיך באָדען? געהט אַרױס הינטער שטעדטעל און באָדט זיך געזונטערהײט.

און ער האָט מיר אָנגעװיזען דעם װעג צום טײכעל.

איך בין אַרױס פון דער שטוביגער גאַס אין פעלד אַרײַן און בין געקומען צו אַ שמאָל טײכעל, װאָס איז געלאָפען צװי־שען די קוסטעס. עס רעדט זיך נאָר אַזױ „געלאָפען“. אין אמת'ען איז דאָס טײכעל גאָר ניט געלאָפען, נאָר איז זיך געלעגען גאַנץ רו־היג און געדרעמעלט און זיך געװאָרעמט אין די שטראַהלען פון דער זון. די װאַסער האָט אױסגעזעהן ניט שמוציג. אָבער װען איך האָב זיך אױסגעטהאָן און אַרײַנגעשפּרונגען אין טײַך, זײַנען מײַנע פיס אַרײַנגעזונקען ביז די קניה אין אַ קלעפּיגען זומפּ און איך האָב זײ קױם אַרױסגעשלעפּט. איך האָב זיך דאָך װי־עס־איז אױסגעבאָדען און אַרומגעװאַשען, שװימענדיג פון אױבען אױפ'ן װאַסער.

ווען איך בין געקומען צוריק אויף דער אכסניה צו דער בעשטימטער צייט, האָב איך דעם פוהרמאַן דאָרט ניט געפונען. ערשט אין אַ פּאָר שטונדען ארום איז ער געקומען. זיינע „ליבען" האָבען קוים געשלעפּט די בויד, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירען. פון די דריי פאַרשוין איז געוואָרען אַ גאַנצער מנין, און אַלע האָבען געהאַט פּעקלעך און קלומקעס, וועלכע האָבען אָנגעפילט יעדען ווינקעלע פון וואָגען. איך האָב זיך ווי־עס־איז איינגעמאָשטשעט און די בויד האָט זיך גענומען ריהרען.

פאַרנאַכט זיינען מיר געקומען אין אַ קליין שטעדטעל, ווידוקלע, וואָס האָט געהאַט אַ שם פאַר איהרע ציגען.

— אָט זיינען די ווידוקלער ציגען! — האָט אויסגערופען מיין שכן, אַ איד אין בלאָהע ברילען, וועלכער האָט זיך מיר שוין פריהער פאָרגעשטעלט אַלס דער טאָווריגער פעלדשער.

אַ גאַנצע מחנה ציגען פון יידע געשלעכטער זיינען געלאָפען אונז פאַראויס און האָבען אָנגעפילט די לופט מיט אַ מעקעריי און אַ וואָלקען פון שטויב.

שמייסענדיג די ציגען מיט זיין בייטש האָט אונז דער פוהרמאַן ווי־עס־איז דורכגעפיהרט בשלום צווישען דער מחנה און מיר האָבען פערלאָזען כרך ווידוקלע און ארויס אויפ'ן ברייטען וועג. די זון איז אונטערגעגאַנגען און די נאַכט האָט איינגעוויקעלט די געגענד אין איהר דונקעלען שלייער. דער עולם, וואָס האָט זיך אַ ווייַלע לוסטיג געמאַכט איבער די ווידוקלער ציגען, איז געוואָרען שטיל און ביסלעכווייז האָבען אַלע פּאַסאַזשירען גענומען דרעמלען. דער פעלדשער האָט אָוועקגעלייגט די קאָפּ צו מיר אויפ'ן פּלייצע און געכראָפּעט אויף וואָס די וועלט שטעהט. דער פוהרמאַן איז באַלד אויך אַנטשלאָפען געוואָרען. די פערד האָבען עס גלייך דערפיהלט און נאָך יעדען טראָט האָבען זיי זיך לאַנג מישב געווען צי מאַכען נאָך אַ טראָט צי ניט.

איך האָב געטראַכט וואָס צו טהאָן. צו געהן ווידער איבער'ן גרעניץ מיט דער הילף פון דעם טאָווריגער קאָנטראַבאַנדיסט האָב איך ניט געהאַט קיין חשק. געלט האָב איך געהאַט מיט זיך ווייניג. די געלט וואָס איך האָב געקראָגען פון די חברים אין רוסלאַנד, האָב איך אָבגעשיקט אין בערלין, ווייל איך האָב עס

ניט געוואָלט פיהרען מיט זיך איבער׳ן גרעניץ. א פערט׳חלק פון דעם געלט, וואָס איך האָב געהאט ביי זיך, האָט אראָבגע־נומען די טאַמאָזשנע אַלס שטראָף פאַר מיין פערזוך עס אריבער־צופיהרען בשתיקה אין דייטשלאַנד. צו קריגען די פופצעהן רובעל פון דעם רויטען אידעל איז געווען אַ קליינע האָפנונג. די איינציגע עצה וואָס איך האָב געהאט איז געווען צו טעלעג־ראַפירען אין בערלין. אָבער בלייבען עטליכע טעג ניט ווייט פון גרעניץ אָהן אַ פּאַספּאָרט איז געווען אַ ריזיקע. לאַנג האָב איך געטראַכט וועגען מיין אונאַנגענעהמער לאַגע, ביז איך בין ענד־ליך אַנטשלאָפען געוואָרען.

נאָך האַלבע נאַכט זיינען מיר צוגעפאָהרען צו אַ קרעטשמע. דער פוהרמאַן האָט אָנגעקלאַפּט אין פענסטער. אימיצער האָט אויפגעריגעלט די טיר און איז גלייך צוריק פערשוואונדען גע־וואָרען. אַלע פּאַסאַזשירען זיינען אראָבגעשפּרונגען פון וואָגען און האָבען זיך געלאָזט לויפען אין הויז אריין. צוערשט האָב איך ניט פערשטאַנען וואָס זיי איילען זיך אַזוי, אָבער, ווען איך בין אריין אין הויז, האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָס איז מען גע־לאָפען פערכאַפּען אַ פּלאַץ צום שלאָפען. אַלע, אַ חוץ מיר, האָבען געפונען אַ מקום מנוחה: ווער אַ בעטעל, אין וועלכער ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין די זאַכען, ווער אַ הארטע באַנק; איינער האָט זיך אויסגעצויגען אויפ׳ן לאַנגען טיש אונטער׳ן שמוציגען הענג־לאָמפּ, וואָס האָט געברענט מיט אַ קליין פייערעל און גע־טשאַדעט; אַן אַנדערער האָט צוזאַמענגעשטעלט די שטולען און זיך איינגעמאָשטשעט אויף זיי מיט זיין פּעקעל צוקאָפּענס. איך בין געווען אַזוי מיעד, אַז איך וואָלט זיך געלעגט אויף דער פּאָדלאָגע, אָבער עס איז געווען צו שמוציג. ווי איינער פון די פּאַסאַזשירען האָט מיר ערקלערט, זיינען מיר געקומען גראָד נאָך אַ מארק־טאָג, און דעריבער איז די הויז געווען שמו־ציגער ווי געוועהנליך. איך האָב ארומגעבלאָנדזשעט אַ פערשלאָ־פענער איבער דער גרויסער שטוב. וואו אין אַלע ווינקעלעך זיינען געווען אָנגעשטעלט ליידיגע פלעשלעך און גלעזלעך. דורך אַ שמאָלער אָפענער טיר בין איך אריינגעגאַנגען אין אַ קליין קאַמערעל. אויף אַן אַלטער סאָפע איז געלעגען בהרחבה דער

פעלדשער מיט די בלאָהע ברילען. מיט אַ זעלבסטצופרידענעם איראָנישען שמייכעל האָט ער געזאָגט צו מיר:

— איהר זייט הפּנים געבליבען אָהן אַ נאַכטלעגער. היינטיגע צייטען, אַז מען כאַפּט ניט האָט מען ניט.

איך האָב בעשלאָסען צו געהן צוליגען זיך אין בויד. ארויס־געהענדיג פון קאַמערעל, האָב איך אַרויפגעטראָטען אויף עפּעס ווייכעס. איך האָב זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען אַ פּעקעל אַסיגנאַציעס. דער פעלדשער האָט עס בעמערקט. ער איז אויפ־געשטאַנען פון סאָפע.

— איך האָב עס דערזעהן איידער איהר האָט עס אויפ־געהויבען און דאָס געהערט על פּי דין צו מיר — האָט ער געזאָגט.

— איך האָב אויך אַמאָל געלערענט גמרא און איך געדענק נאָך גוט בבא מציעה — האָב איך געענטפערט — נאָכ'ן דין נאָך קומט אייך גאָרנישט.

איך האָב איבערגעצעהלט דאָס געלט. דריי און צוואַנציג רובעל איז אינ'ם פּעקעל געווען. וואָלט איך געווען אַ פרומער איד, וואָלט איך געגלויבט, אַז גאָט האָט עס מיר אַראָבגעוואָרפען פון הימעל. דאָס איז געווען אומגעפעהר די סומע, וואָס עס האָט מיר אויסגעפעהלט אום אַריבערצוגעהן דעם גרעניץ און צו קומען אין בערלין.

דער פעלדשער האָט זיך גענומען האַמפּערען. כדי אָבצור־טשעפּען זיך פון איהם, האָב איך איהם אָנגעבאָטען אַ פינפערעל. ער האָט געוואָלט ניט ווענינער ווי אַ העלפט.

— איך וועל זיך מיט אייך ניט קריגען — האָב איך איהם געזאָגט. — מיר וועלען קומען אין טאַווריג, וועלען מיר אַריינ־געהן צום רב. ווי ער וועט פּסק'ענען, אַזוי וועל איך טהאָן. קומט אייך אינגאַנצען, גיב איך עס אייך אַוועק. קומט אייך ניט, וועט איהר גאָרנישט קריגען.

איך בין אַרויס אין הויף און זיך געלייגט אין בויד, וואו דער בעל־עגלה האָט געשמאַק געכראָפּעט. גאַנץ בעגינען האָט ער איינגעשפּאַנט די פערד. די פּאַסאַזשירען זיינען אַריינגעקראָכען אין וואָגען און מיר האָבען זיך ווידער געלאָזען אין וועג.

ערשט פארנאכט האבען מיר זיך דערשלעפט קיין טאווריג. איך בין גלייך אוועק מיט׳ן פעלדשער צום רב אויף א דין תורה וועגען די דריי און צוואנציג רובעל, וואס א שיכור׳ער פויער האט ווארשיינליך פערלארען אין קרעטשמע צוליעב מיינע זכות אבות.

## נײַנצנטער קאַפּיטעל

א דין תורה מיט'ן פעלדשער. — די עצה טובה פון טאווריגער רב. — ווער א ניישטאַדטיש קרעמער. — שווים פון רוסלאנד קיין דייטשלאַנד און צוריק. — משה דער בעקער. — אויף שבת אין פּרייסען.

דער טאווריגער רב מיט זיין נאַאיווען גוטמוטיגען, און צו דערזעלבער צייט, קלוגען פּנים, האָט געמאַכט א זעהר גוטען איינדרוק. ער האָט אויסגעהערט די געשיכטע וועגען די דריי און צוואַנציג רובעל, וואָס איך האָב געפונען, און דעם פעלדשער'ס טענה, אַז ער האָט עס דערזעהן, איידער איך האָב עס אויפגעהויבען. דער רב האָט דאַן אַרויסגענומען פון ספרים־אַלמער א חושן משפט און בעוויזען דעם פעלדשער דעם דין, אַז מיט'ן קוק איז מען ניט קונה. דאָס געלד, האָט ער גע'פּסקנ'ט, געהערט דעריבער אין גאַנצען צו מיר. איך האָב זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט אַרויסצואווייזען דעם רב מיין לומדות. כ'האָב נאָך דעמאָלט ניט פערגעסען אין גאַנצען דעם סדר נזיקין, וואָס איך האָב אזוי פלייסיג געלערענט אין מיין קינדהייט. הגם דעם פעלדשער האָט גאָרניט געקומט, האָב איך איהם פונדעסט־וועגען געגעבען דריי רובעל, און ער איז אַוועק. מיך האָט דער רב איינגעלאַדען צו בלייבען און צו טרינקען מיט איהם א גלאָז טהעע. איך האָב טאַקע געוואָלט זיך מיט איהם מישב זיין וואָס צו טהאָן, און איך האָב מיט פערגניגען אָנגענומען די איינלאַדונג.

אויסהערענדיג מיין געשיכטע וועגען דעם קאָנטראַבאַנדיסט, איז דער רב געוואָרען זעהר ערנסט. ער איז צו געגאַנגען צו דער טהיר, און א קוק געטהאָן אין פאָר־הויז, כדי צו זעהן, אויב עמיצער קאָן אונז הערען. דערנאָך האָט ער פערמאַכט און פער־רינגעלט די טהיר און געזאָגט צו מיר:

— איך זעה אַז איהר זייט א מענש, וועמען מען קען פער־

טרויען א סוד. איך מוז אייך זאָגען, אז דער קאָנטראַבאַנדיסט, וואָס האָט יעצט דעם טאַוורינער גרעניץ אין זיינע הענד, איז איינער פון די נידערטרעכטיגסטע מענשען וואָס איך האָב ווען בעגעגענט. איהר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, וואָס ער טהוט זיך דאָ אָפּ. מיר האָבען דאָ אין טאַמאָזשנע געהאַט זעהר א גוטען נאַטשאַלניק. ער פלעגט אריבערלאָזען טויזענדער עמיגראַנטען פאַר א קליינינקייט, האָט איהם דער רוויטער רמאי געמסר׳ט, און יעצט זיצט דער בעאַמטער אין אָסטראָג. דער קאָנטראַבאַנדיסט האָט אָבגעמאַכט מיט די סאָלדאַטען, און ער פערדיענט טויזענדער פון די עמיגראַנטען, וואָס ער שיקט אריבער אין דייטשלאַנד. כדי אויף די סאָלדאַטען זאָל ניט פאַלען קיין חשד, הייסט ער זיי פון צייט צו צייט ארעסטירען עטליכע פון זיינע קליענטען. דאָס טהוט ער געוועהנליך מיט אזעלכע עמיגראַנטען, וואָס האָבען ניט קיין קרוב און קיין גואל, וועלכער זאָל זיך פאַר זיי אָננעהמען.

דער רב האָט זיך פערטראַכט און צוגעגעבען מיט א שווערען זיפץ:

— ער טהוט אָפּ נאָך א סך ערגערע מעשים תעתועים. ניט איין אידישע טאָכטער האָט ער איבערגעגעבען אין די הענד פון די גרעניץ־אָפיצירען. איך מוז אָבער שווייגען, ווייל ער איז דאָ דער גאַנצער בעל הבית אין שטעדטעל און פיהרט די גאַנצע רעדעל אין שוהל.

איך האָב געפרעגט דעם רב, וואָס ער ראַטה מיר צו טהאָן.

— מיין עצה איז, אז איהר זאָלט זיך גאָר ניט פרואווען צו קריגען פון איהם צוריק די 15 רובעל, ער וועט אייך נאָך מסר׳ען און מען וועט אייך ווידער ארעסטירען. פאָהרט בעסער אריבער אין ניישטאָדט. דאָס איז א קליין־שטעדטעל, אויפ׳ן סאַמע גרעניץ, א מייל זיעבען פון טאַווריג. דאָרטען פאָהרט אריין צו משה דעם בעקער, און ער וועט אייך אריבערפיהרען גאָר אָהן שוועריגקייטען. היינט איז דאָ גראָד דאָ דער ניישטאָדטער קאָמיסיאָנער, וואָס קומט אהער נאָך סחורה, און איהר קאָנט מיט איהם מיטפאָהרען.

דער רב האָט מיר פערנאַנדערגעזאָגט, וואו איך קען געפינען

דעם ניישטאָדטער קאָמיסיאָנער. איך האָב איהם שטארק בע־דאנקט און האָב זיך מיט איהם אָבגעזעגענט.

ווען איך בין געקומען אויף דער אכסניה, וואָס דער רב האָט מיר אָנגעצייגט, האָב איך געפונען דעם ניישטאָדטער קאָ־מיסיאָנער, שוין שפּאַנענדיג די פערד. ער האָט געהאַט צוויי גרויסע וואָגענס אָנגעלאָדען מיט קאַסטענס און מיט פּעק פון אַלערליי סחורות. ער האָט איינגעווילליגט מיך מיטצונעמען אין ניישטאָדט. אזוי ווי דער וועג איז געגאַנגען הארט ביים גרעניץ, האָט ער מיר געראַטען אז אויב אַ סאָלדאט וועט אונז אָבשטעלען און פרעגען, ווער איך בין, זאָל איך זאָגען, אז איך בין אַ ניי־שטאָדטער קרעמער, און אז איך פאָהר אַ היים מיט סחורה. כדי צו האָבען אַ בעוויז, אז דאָס איז אמת, האָב איך ביי איהם גענומען אַלע רשימות פון די קראָמען, וואו ער האָט איינגע־קויפט די סחורה, און האָב זיי אריינגעלייגט אין מיין בוזים־קעשענע.

באַלד זיינען די פערד געווען איינגעשפּאַנט. איך האָב ארויפגעקלעטערט אויף'ן וואָגען, און מיר האָבען זיך געלאָזען אין וועג.

לאַנגזאַם האָבען די פערד געשלעפּט די שווערע משא איבער דעם זאַמדיגען, בערגיגען וועג. עטליכע מאָל האָבען מיר זיך געדאַרפט אָבשטעלען, אויסשפּאַנען די פערד פון איין וואָגען, און זיי צושפּאַנען צום צווייטען, ווייל צוויי פערד האָבען ניט געקענט ארויפשלעפּען דעם שווערען וואָגען אויף'ן שטאָציגען בארג. דערנאָך האָבען מיר געדאַרפט אויסשפּאַנען אַלע פיער פערד און פיהרען זיי צוריק צום וואָגען, וואָס איז געבליבען אונטער'ן בארג.

ווען די זון איז אויפגעגאַנגען און זיך אויפגעהויבען העכער אויף'ן הימעל, איז געוואָרען זעהר הייס. דער זאַמד איז גע־וואָרען נאָך טיעפער, ווי אין אָנהויב פון אונזער וועג, און די פערד זיינען קוים געגאַנגען. דער וועג האָט זיך געצויגען ביים ברעג פון אַ קלאָהר טייכעל. די וואַסער איז געווען אזוי דורכ־זיכטיג, אז מען האָט געקענט זעהן די בלישצעדיגע פישעלעך, וואָס זיינען ארומגעשוואומען אויף'ן זאַמדיגען גרונד. דאָס דאָזיגע

טייכל איז טאקע געווען די רוסיש־דייטשע גרעניץ. די סאָל־דאטען זיינען געווען אויסגעשטעלט דעם גאנצען וועג אין בע־שטימטע שטרעקען איינער פון דעם צווייטען. זיי זיינען גע־שטאנען אָנגעשפּארט אויף זייערע ביקסען, און מען האָט גע־קאָנט זעהן, אז זיי איז געווען זייער לאַנגווייליג. ווען די פערד פלעגען זיך צושטעלען אָברוהען, פלעג איך צוגעהן צו א סאָלדאט און פערפיהרען מיט איהם א שמועס. אלע האָבען זיי זיך בע־קלאָגט אז די „סלוזשבא" איז זעהר שווער. פיעלע פון זיי האָבען מיך פאַנאַנדערגעפרעגט וועגען דעם מאניפעסט, וואָס מען האָט ערווארט אין גיכען פון ניקאָליי דעם צווייטען צו זיין קרוינונג. זיי האָבען געוואָלט וויסען, צי קענען זיי האָפען אז דער סראָק פון מיליטער־דינסט וועט פערקירצט ווערען. דאָס רוב פון די סאָלדאטען זיינען געווען דאָרפישע פּויערים, און זיי האָבען געפרעגט ביי מיר, צי איז דאָ פאַר זיי א האָפנונג צו קריגען מעהר ערד. זעלבסט־פערשטענדליך, האָב איך אין מיינע אנט־וואָרטען צו זייערע שאלות, אריינגעשמוגעלט אביסעל בעהאָל־טענע פּראָפּאַגאַנדע.

ארום האַלבען טאָג האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט צו געבען די פערד עסען. עס איז געווען זעהר היים, און דאָס קלאָרע וואסער האָט געצויגען צו זיך. איך האָב זיך אויסגעטהאָן הינטער א סאָסנע און בין אריין אין טייך. דער סאָלדאט, וואָס איז גע־שטאנען אויפ'ן ברעג האָט געקוקט אויף מיר מיט קנאה.

— דאָ איז אויסגעצייכענט צו באָדען זיך האָט ער גע־זאָגט. — די וואסער מוז היינט זיין ווארעם.

אויף מיין איינלאַדונג, נאָכצוטהאָן מיין ביישפּיעל, האָט ער געענטפערט מיט א רוסישען שפּריכוואָרט:

עס ווילט זיך אין גן־עדן, אָבער די עברות לאָזען ניט. די סלוזשבא — די פערפלוכטע סלוזשבא — האָט ער צוגעגעבען מיט א זיפץ.

איך האָב זיך געלאָזען שווימען. אין א מינוט האָב איך איבערגעשניטען דאָס שמאָלע טייכעל און בין געווען ביים אנ־דער ברעג. איך בין געווען אין דייטשלאַנד. איך האָב זיך גע־וואָלט א רייץ טהאָן מיט'ן סאָלדאט און האָב א געשריי געטהאָן צו איהם:

— אָט שפּרינג איך אַרויס אויפ׳ן ברעג און פֿאָהר אַוועק אין בערלין.

דער סאָלדאַט האָט פערשטאַנען אַז איך טרייב שפּאַס און האָט גוטמוטיג געענטפערט:

— פֿאָהר זיך דיר געזונדערהייט, מיינע דאגות.

נאָך די אַלע אָבקומענישען אויפ׳ן גרעניץ, און אין ראָסיינער געפענגניש, האָט זיך זעהר געוואָלט אַרויסכאַפּען זיך פון רוס־לאַנד. מיין הייסעסטער וואונש איז געווען צו זיין אין דייטשלאַנד. דייטשלאַנד, איז דאַמאָלט פאַר מיר געווען אַ גן־עדן פון פרייהייט און זיכערקייט. און אָט בין איך אַריין שוין אין דעם דאָזיגען גן־עדן. איך קען אָבער דאָרט ניט בלייבען, ווייל אַרומגעהן דאָרט אין אַן אָנצוג פון אָדם הראשון׳ען קדם החטא, האָט מען דאָך ניט געקאָנט. דערצו האָט דער סאָלדאַט געהאַלטען אין האַנד זיין ביקס, און, הגם על פּי דין האָט ער ניט געטאָרט שיי־סען אויף דער אַנדער זייט גרעניץ, נאָר וואָס טהוט מען, אַז דעם קאָזאַק פערוויילט זיך צו טהאָן לפנים משורת הדין, און ער לאָזט מיר אַריין אַ קויל? געה מאָהן ביי איהם דערנאָך! בין איך עטליכע מאָל אַריבערגעשוואומען די טייכעל הין און צוריק, דאָס הייסט אומזיסט אַריבער עטליכע מאָל דעם רוסיש־דייטשען גרעניץ, און בין ענדליך אַרויס צוריק אויפ׳ן רוסישען ברעג. איך האָב זיך אָבגעטריקענט אין זון, אַריין אין מיינע קליידער, און ווייטער געלאָזען זיך אין וועג.

אין ניישטאָדט, בין איך געקומען שפּעט פאַר ליכט־בענשען. משה דער בעקער, איז שוין געווען אָנגעטהאָן שבת׳דיג. איך האָב איהם געפינען קאָמענדיג זיין לאַנגע, שוואַרצע באָרד, וועלכע האָט אַזש געבלישצעט אויף זיין קלאָרער, ווייסער העמד. איך האָב איהם געזאָגט, אַז דער טאַווריגער רב האָט מיך צו איהם געשיקט, און, אַז איך וויל ער זאָל מיך גלייך אַריבערפיהרען.

— וואָס איז אַזוי די איילעניש? — האָט ער מיך גע־פרעגט. — עס איז אין גאַנצען אַ שעה צו ליכט־בענשען. אמת, צום גרעניץ, איז ניט מעהר ווי אַ האַלב מייל, איך בין אָבער אַ איד, וואָס האָט זיך פיינט צו איילען, בפרט ערב שבת. בעסער

בלייבט ביי מיר איבער שבת. איהר וועט ביי אונז זיין א גוטער גאסט. זונטאג גאנץ פריה, וועלען מיר אריבערפאהרען בשלום.

איך בין אבער געווען אומגעדולדיג, און האב ניט געוואלט ווארטען. איך האב איהם דערצעהלט, וואס איך האב די לעצטע טעג דורכגעמאכט, און איהם ערקלערט, אז כל זמן איך בין נאך אויף דער זייט, קאן איך ניט זיין רוהיג. אויב ער וויל, איך זאל ניט האבען קיין פערשטערטען שבת, מוז ער מיר טהאן די טובה און פאהרען מיט מיר גלייך.

ער האט זיך געלאזט איבעררײדען, און איז אוועק שפאנען דעם פערד. באלד האבען מיר זיך געטרייסעלט אין א קליין, גרינג וועגעל איבער א שמאלען שליאך, דורך א וועלדעל. ער האט מיר געגעבען עפעס א שטיקעל געדרוקט פאפירעל, וואס האט געדארפט זיין, כלומר'שט, מיין פאס. אין עטליכע מינוט ארום האט אונז דאס לעבעדיגע פערדעל צוגעפיהרט צו א שלאג־בוים. דער נאטשאלניק איז ארויס, האט בעגריסט מיין בעקער, ווי אן אלטען בעקאנטען און האט געפרעגט ביי מיר דעם פאס־פארט. איך האב איהם דערלאנגט דאס צעטעל. מיט אן ערענס־טער מינע האט דער נאטשאלניק דורכגעלייענט דאס פאפירעל, א רוף געטהאן א סאלדאט, און איהם פון יוצא וועגען געהייסען א קוק טהאן אין וועגעל. דער שלאג־בוים האט זיך אויפגעהויבען, און מיר זיינען אריינגעפאהרען אין דייטשלאנד. מיין פרייד איז געווען אונבעשרייבליך.

משה דער בעקער האט מיך צוגעפיהרט צו זיינעם א פריינד, וואס האט געהאט אן אכסניה אויף דער אנדער זייט. איך האב איהם שטארק בעדאנקט, בעצאהלט איהם עטליכע רובעל פאר זיין טרחה, און ווארים צוזעגענט זיך מיט איהם. ער האט א שמיץ געטהאן דאס פערדעל, און זיך געלאזען שנעל א היים. איך בין פערבליבען איבער שבת אין אכסניה.

## צעהנטער קאפיטעל

**אין דער אכסניה, — א שבת'דיגער שפאציער צום גרעניץ. — א שמועס מיט א סאלדאט. — ווידער אין בערן צווישען חברים און פריינד. — איך דערצעהל זיי מיין גאנצע אדיסעיע.**

דער שבת, וואס איך האב פערבראכט ביי משה דעם בעקער'ס פריינד נעבען רוסישען גרעניץ, איז געווען פאר מיר אן אמת'ר טאג פון רוה. ערשט ווען איך בין געווען אין דייטשלאנד, און בין געווען ארויס פון געפאהר, האב איך דערפיהלט ווי מיער איך בין געווען. עס איז געווען זעהר א שעהנער און א ווארימער טאג. אז איך האב זיך גוט אויסגעשלאפען, בין איך ארויס שפאצירען און בין צוגעגאנגען צום גרעניץ. דער גרעניץ, איז אין דעם ארט שוין געווען ווייט פון טייכעל און איך האב געקאנט צוגעהן גאר נאהנט צו דעם שמאלען גראבען, וואס האט מיך אבגעטיילט פון דעם רשות פון דער רוסישער זעלבסטהערשאפט. דאס געפיהל פון זיכערקייט איז געווען בעזונדערס אנגענעהם, ווען איך בין געשטאנען אינגאנצען א דריי טריט פון רוסישען באדען. אזוי וואלט זיך געפיהלט איינער, נאך ווען א חיה רעה האט זיך נאכגעיאגט א לאנגע צייט און מיט אמאל איז געקומען א גוטער צויבערער און געמאכט ארום איהם א כשוף־רינג, דורך וועלכען די בייזע חיה האט קיין שליטה ניט דורכצוגעהן.

אויף דער אנדער זייט איז געשטאנען א יונגער רוסישער סאלדאט, אנגעשפארט אויף זיין ביקס, וואס האט געבלישטשעט אין דער זון. ער האט אויסגעזעהן זעהר אומעטיג און פערטראכט. זיין געזיכט איז געווען קינדיש־נאאיוו און זיינע בלויע אויגען האבען געקוקט טרוימעריש אין דער ווייט. מיר האט זיך פערוואלט פערפיהרען מיט איהם א געשפרעך.

פון זיין שפראך האב איך פערשטאנען אז דער סאלדאט האט געהערט צום אינטעליגענטערען קלאס. איך האב זיך צוגעזעצט אויף א מאכיגען בערגעל און האב א לאנגע צייט געשמועסט מיט איהם. ער האט מיר אויסדערצעהלט אלץ וועגען זיך. ער איז געוועזן פון טיעף ראסיי, איך געדענק שוין ניט פון וועלכער גובערניע. ער האט געענדיגט די שטאדט־שולע און האט א היבש ביסעל געלעזען. איך האב איהם דערצעהלט אז איך שטודיר אין דער שווייץ און געזאגט, אז איך בין דא צוגאסט ביי מיינע קרובים. ער האט זיך זעהר פעראינטערעסירט ווען איך האב איהם ערקלערט די פאליטישע ארדנונג פון דער קליינער רעפובליק. דערנאך בין איך איבערגעגאנגען צו די גרונד־פרינציפען פון סאציאליזם. זייענדיג אין דייטשלאנד, האב איך געקאנט רעדען אפען, און איך האב געמאלען פאר איהם דאס גליקליכע לעבען אין א סאציאליסטישער געזעלשאפט, אין וועלכער עס וועט הער־שען ברידערליכקייט און פרייהייט אנשטאט דעם שטענדיגען קאמף, וואס די מענשען פיהרען איצט איינע מיט די אנדערע.

איבער א שטונדע האב איך אנגעפיהרט מיין סאציאליסטישע פראפאגאנדע אין דער רוסישער ארמעע. דאס איז וואהרשיינליך געווען די ערשטע פראפאגאנדע, וואס די סאציאליסטען־רעוואַ־לוציאנערען האבען געפיהרט צווישען רוסישע סאלדאטען. מיט גרויס אויפמערקזאמקייט האט זיך דער סאלדאט צוגעהערט צו מיינע ווערטער, מאכענדיג פון צייט צו צייט קורצע און גאנץ קלוגע בעמערקונגען.

— עס וואלט געווען גוט צו לעבען אויף דער וועלט, ווען מענשען וואלטען געקומען צום שכל און איינגעפיהרט אזעלכע פאריאדקעס — האט ער ענדליך געזאגט; — אבער דאס פאלק איז פינסטער, און גאט ווייס צי וועלען מיר ווען דערלעבען צו זעהן די פערווירקליכונג פון אייער שעהנעם חלום.

עס האט זיך דערהערט א טאפעריי פון א רייטער. דער סאלדאט איז געווארען אונרוהיג און געזאגט צו מיר אין פער־לעגענהייט:

— דאס מוז זיין אונזער פעלדפעבעל. איהר ווייסט, עס איז אונז פערבאטען צו שמועסען, ווען מיר שטעהען אויף דער וואך.

געהט בעסער איצטער אוועק און קומט שפּעטער, וועלען מיר ווידער רעדען.

איך בין אוועק אויף דער אכסניה. ווען איך בין מיט צוויי שטונדען שפּעטער געקומען צוריק, האָט זיך די וואך שוין אומ־געביטען, און אנשטאָט דעם יונגען סאָלדאט האָב איך געפונען א הויכען קאצאפּ מיט א ברייטען געשטופּעלטען פּנים און א פּאָר טעמפּע אָקסען־אויגען. זיין געזיכט האָט אויסגעזעהן „אזוי ווי ער וואָלט איינער אליין געקאָנט אויסמיסטיגען א גאנצען דעסיאטין“, ווי שצעדרין דריקט זיך ערגעץ אוים. מיין פּערזוך איהם אריינצוציהען אין א געשפּרעך, האָט זיך ניט איינגעגעבען.

שבת אין אָוועגד בין איך אָבגעפאָהרען קיין בערלין. דאָרט בין איך פערבליבען נאָר איין טאָג און בין ווידער אוועק דורך פראַנקפורט און באזעל נאָך בערן. ווי געוועהנליך נאָך מיין צוריק־קומען פון רוסלאנד, האָבען זיך אלע אונזערע חברים צונויפגע־קליבען אין אָוועגד ביי די זשיטלאָווסקים, און איך האָב זיי דערצעהלט באריכות מיין לאנגע „אָדיסעיע“. דיזע שטונדען צווי־שען מיינע נאָהענטע פריינד, נאָך א לאנגען ארומוואָגלען צווישען פרעמדע אין שטענדיגער געפאהר ארעסטירט צו ווערען, זיינען געווען די פרעהליכסטע און פיליכט די גליקליכסטע שטונדען אין מיין לעבען. איך געדענק ווי היינט די פריינדליכע ליעבע געזיכ־טער פון די חברים, וועלכע האָבען מיט נייגעריגקייט זיך צו־געהערט צו מיין ערצעהלונג. ווען איך בין געקומען צו מיין גע־שפּרעך מיט דעם יונגען סאָלדאט אויף׳ן גרעניץ נעבען ניי־שטאָדט, האָט חנן ראפּאָפּאָרט בעמערקט:

— האָבען מיר שוין געפיהרט א סאָציאליסטישע פּראָפּא־גאנדע צווישען א סאָלדאט אויך.

ווען איך בין געקומען אין בערן האָב איך שוין דאָרטען גע־פונען צוויי שיפּרירטע בריעף פון קיעוו און פון כארקאָוו. דיזשור האָט אונז אויך צוגעשיקט אין א דאָפּעלטען טאָוועל פון א בוך א לענגערע קאָרעספּאָנדענץ פאר אונזער צייטונג וועגען די ניי־עסטע געשעהעניסען אין דער רוסישער סאָציאליסטישער בע־וועגונג. אין יענע צייטען האָט די לעגאלע פּרעסע זיך קיינמאָל ניט דערוועגט צו דרוקען וועלכע עס איז נייעס פון דער סאָצי־

אליסטישער אָדער פון דער ארבייטער בעוועגונג. דעריבער איז געווען זעהר וויכטיג פאר אן אויסלענדישער רעוואָלוציאָנערער צייטונג צו בעקומען די נייעס פון פריוואטע קוועלען. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז דאָס געווען די ערשטע קאָרעספּאָנדענץ פון רוסלאנד, וואָס מיר האָבען געדרוקט אין אונזער צייטונג „רוסקי ראבאָטשי". אייגענטליך איז דער „רוסקי ראבאָטשי" גע־ ווען זעהר וועניג עהנליך צו א צייטונג. ער איז בעשטאַנען כמעט אויסשליסליך פון קורצע ארטיקלען וועגען סאָציאַליזם און וועגען דער נויטווענדיגקייט פון פאָליטישער פרייהייט. מען קען זאָגען, אז ער איז איינגאַנצען בעשטאַנען פון דער „עדיטאָריעל פּיידזש". ער האָט געדארפט ארויסגעהן יעדען מאָנאט, אָבער אין אָנהויב איז ער ערשינען זעהר אונרעגעלמעסיג. פון די סאָציאַל־דעמאָק־ ראטישע צייטונגען האָט ער זיך אונטערשיידט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט אונטערגעשטראָכען די נויטווענדיגקייט פון פאָ־ ליטישען קאמף און האָט אפּעלירט ניט נאָר צום שטאָדטישען פּראָלעטאריאַט, נאָר אויך צו דער דאָרפישער בעפעלקערונג. די פראַגע וועגען טעראָר איז, ווי ווייט איך געדיינק, אין דעם „רוסקי ראבאָטשי" דירעקט ניט בעריהרט געוואָרען, ווייל מיר האָבען ניט געגלויבט, אז דער ארבייטער אָדער דער פויער קאָן אָנ־ הויבען דעם טעראָריסטישען קאמף.

אין גיכען נאָך מיין קומען צוריק קיין בערן האָבען מיר אָנ־ געהויבען צו בעקומען פון רוסלאנד מעהר געלד. דער פּרעסטיזש פון אונזער „סאָיוז" צווישען דער רוסישער יוגענד אין אויסלאנד איז געוואַקסען, ווייל דער עולם האָט געפיהלט, אז אונזערע פערבינדונגען מיט רוסלאנד ווערען שטארקער. אונזער בודזשעט איז געוואָרען אביסעל גרעסער און מיר האָבען בעקומען די מעגליכקייט ארויסצוגעבען דעם „רוסקי ראבאָטשי" מעהר רע־ געלמעסיג. קיין שטענדיגען טראַנספּאָרט האָבען מיר נאָך אָבער אלץ ניט געהאַט. איך האָב זעלבסטפערשטענדליך ניט געקאָנט פאָהרען אלע מאָנאט אין רוסלאנד. א קליינע צאָהל עקזעמפּ־ לארען פון אונזער צייטונג, געדרוקט ספּעציעל אויף זעהר דינעם פּאַפּיר, פלעגען מיר אריבערשיקען אין רוסלאנד אין פערמאכטע בריעף. צוליעב דעם צוועק האָב איך גענומען ביי אונזערע חברים

אין רוסלאנד אדרעסען פון זייערע פריינד, אויף וועלכע די פּאָ־ליציי האָט ניט געהאט קיין חשד, אז זיי האָבען וואָס צו טהאָן מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. פון צייט צו צייט פלעגען איינינע פון די אויסלענדישע סטודענטען מיטנעהמען מיט זיך אין די קעשענעס עטליכע עקזעמפּלארען, ווען זיי פלעגען פאָהרען אהיים בין־הזמנים. אָבער דאָס איז אלץ געווען ווענינ. פיעלע פון די סטודענטען וואָלטען זיך ניט אָבגעזאָגט מיטצונעהמען א פּאָר „סענדוויטש־טשעמאָדאנעס“ מיט זיך, מיר האָבען אָבער ניט געוואָלט, אז דער סוד פון „מענדעלעיעוו'ס ספּאָסאָב“ זאָל ווערען בעוואוסט צו צופיעל מענשען. נאָר זעלטען האָב איך געמאכט אַן אויסנאָהם און האָב פערטרויט דעם סוד צו דעם אָדער יענעם פון אונזערע סימפּאטיזירער. אין דעם פאַל האָבען מיר אָבגערעדט מיט איהם, אז אויב ער וועט ארעסטירט ווערען אויף דער טאמאָזשנע, זאָל ער זאָגען, אז זשיטלאָווסקי אָדער ראפּאָ־פּאָרט האָט איהם געבעטען מיטצונעהמען די טשעמאָדאנעס אין רוסלאנד, און אז ער האָט ניט געהאט קיין אהנונג אז אין זיי איז בעהאלטען ליטעראטור.

עטליכע חדשים נאָך מיין צוריקקומען אין בערן האָב איך געוואָלט ווידער מאכען א רייזע קיין רוסלאנד. אָבער מיינע חברים האָבען מיך ניט געוואָלט לאָזען פאָהרען אזוי גיך, און איך בין פערבליבען אין דער שווייץ ביז אין פריהלינג פון יאָהר 1896.

ענד פון ערשטען באנד.